# וואַרשע

## אין דער יידישער ליטעראַטור

פראַגמענטן פון פאָרשאַרבעטן
צו דער כאַראַקטעריסטיק
זכרונות, בילדער

אונטער דער רעדאַקציע
פון
שמואל ראַזשאַנסקי



מוסטערווערק
פון דער
יידישער ליטעראַטור

דוד טוריאַנסקי־פאָנד

# תוכן

זייט

# פֿאָרבאַמערקונגען

◈ דאָס דאָזיקע בוך, **וואַרשע**, דער 80סטער באַנד מוסטערווערק, האָט קיין שום שייַכות **נישט** מיט דער 2טער **וועלט־מלחמה** און איז **נישט** אינספּירירט פון **לאַנדסמאַנשאַפטלעכע סענטימענטן**. געצילט צו ווייַזן מער דאָס אינערלעכע ווי דאָס אויסערלעכע וואַרשע, איז די מעטריקע פון שרייַבער נישט געווען דאָס וויכטיקסטע ביים אָפּקלייַבן בעלעטריסטישע שאַפונגען, וועלכע ווייַזן פאַרשיי־דענע **כאַראַקטערס**, נטיות און **סיטואַציעס** פון ייִדן אין דער קרוינשטאָט פון פּוילן. טייל מאָל זעט מען די ווירקונג פון וואַרשע אויף דער פּראָווינץ אָדער דורך דער פּראָווינץ מער ווי דורך דער הויפּטשטאָט. אַזוי אירע **פּראָבלעמען** ווי די **קאָנסעקווענצן**, אומדירעקט טייל מאָל בעסער ווי דירעקט.

◈ מחמת פאַרשיידענע סיבות זייַנען אין דער ייִדישער בעלעטריסטיק קנאַפּ אָפּגעשפּיגלט די רעוואָלוציאָנערע אימפּולסן אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן. דערפאַר ווערט זיי דאָ אָפּגעגעבן מערער פּלאַץ. און וואָס עס פעלט, וועט — לאָמיר האָפן — אין קומענדיקע בענד קענען צוגעגעבן ווערן...

ש. ר.

# די ראָלע פֿון וואַרשע אין דער ייִדישער ליטעראַטור

## דער אַנטאַגאָניזם צווישן גרויסשטאָט און קליינעם שטעטל

אַז די ייִדישע ליטעראַטור האָט זיך צעבליט אַ דאַנק די שרײַבערס, וואָס זײַנען געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין קליינע שטעטלעך, דאָס איז אַ דבֿר ידוע. פּונקט ווי ס'איז קיין נײַס נישט, אַז די טעמאַטיק פֿון דער ייִדישער בעלעטריסטיק אַנטוויקלט זיך ס'רובֿ אין דער אַטמאָספֿער, לאַנדשאַפֿט און מענטאַליטעט פֿון קליינעם שטעטל.

מ'גיט זיך אָבער נישט אָפּ קיין רעכענונג, אַז דער אַנטאַגאָניזם צווישן דער גרויסשטאָט און קליינעם שטעטל האָט אַ גרויסן חלק אין דער אָריגינעלקייט און דראַמאַטישן טעמפּאָ פֿון דער ייִדישער וואָרטקונסט, פֿון איר געמיט, פֿון אירע האַלוצינאַציעס, ווי פֿון אירע אידייען און קאָנפֿליקטן. אין דער גרעסטער מאָס קומט דאָס צום אויסדרוק — אין לשון. „ווען אונדזער פּראָזע האָט אָנגעהויבן אײַנדאַרן שפּראַכלעך, ווײַל די אויערן האָבן אויפֿגעהערט הערן אַ רעכט ייִדיש וואָרט — שטעלט־פֿעסט דער קריטיקער מיט דיכטערישער אינטויִציע — איז די ייִדישע פּאָעזיע געוואָרן דאָס קינד, וואָס האָט זיך אַ צעשפּיל־געטאָן מיטן ייִדישן לשון“[1].

פֿאַר וואָס האָט מען „אויפֿגעהערט הערן אַ רעכט ייִדיש וואָרט“? ווײַל מיטן אַריבערגיין פֿון שטעטל אין שטאָט זײַנען ייִדן אַריבער פֿון דער אינטעגראַלער ייִדישער סבֿיבֿה צו אַ ניי־אינטעגרירנדיקער זיך ייִדישער געמיינשאַפֿט... אַפֿילו בײַם צוזאַמענטרעפֿן זיך פֿון דיאַלעקטן האָט זיך אויפֿן שיידוועג אונטערגערוקט די לאַנדשפּראַך און — אויסגעכאַפּט די בכורה...

---

[1] יעקבֿ גלאַטשטיין — „די צײַט מאָנט פֿון שרײַבער“, פּראָסט און פּשוט, ז' 19, נ"י 1978.

אַריבערגייענדיק פֿון שטעטל אין שטאָט, בפֿרט נאָך אין דער קרוינשטאָט פֿון פּוילן, זײַנען אַ סך ייִדן שנעל אַריבער פֿון היימאַרבעט צו פֿאַבריקן, פֿון גראָשן־קרעמלעך צו קאָמערץ, פֿון אַמאַטאָרישער מלמדות צו גימנאַזיעס, פֿון בריוונשטעלערײַ צו אויסגעפּוצטער מעקלערײַ, פֿון ישיבֿות צו פֿרײַע פּראָפֿעסיעס.

גראַמען זיך די אינטערעסן פֿון דער גרויסשטאָט מיט די פּראָצעסן פֿון אַסימילאַציע און נאַציאָנאַלן אויסראַט.

די אומפֿאַרמײַדלעכע קאָנטאַקטן מיט די דינערס פֿון מלכות, די פֿאָרמולאַרן בײַ די גויִשע פֿענצטערלעך, שולן, בענק און — העכער, העכער — אינסטיטוטן, גאַזעטן, צוגעשאַרטע נײַע ביכער, ביז אוניווערסיטעטן — זײַנען נאַטירלעכע אַדרעסן פֿאַר אויסײדישונג.

די קליינשטעטלדיקע ליכטלעך ווערן פֿאַרשלונגען פֿון די שטאָטישע בליצלאָמפּן. געציילטע בלויז פֿאַרעקשנען זיך און גיבן זיך נישט אונטער. בלויז יחידי־סגולה באַוויַזן אָפּצוהאַלטן און אויפֿצוהיטן די טראַדיציעס פֿון דורות און געפֿינען ווי אַ נס אַ קריגעלע בוימל...

נאָר בײַ דעם גאַנצן ניסימדיקן אויפֿהיטן די נאַציאָנאַלע טראַדיציאָנעלע אָפּשפּאָרונגען, וואָס די קליינע שטעטלעך פֿון פּוילן האָבן איבערגעשיקט מיט זייערע איבערוואַנדערערס אין דער קרוינשטאָט, איז דער דאָזיקער כּוח פֿון אינטעגראַלער ייִדישקייט צו־ווייניק געווען אויף אָפּצוהאַלטן דעם מעכטיקן שטראָם פֿון פּאָלאָניזאַציע, אַפֿילו אין די יאָרן פֿון נאַציאָנאַלער און פּאָליטישער אויפֿלעבונג נאָך דער 1טער וועלט־מלחמה זעט י. ל. פּרצעס באַליבטער תּלמיד (אַ דעפּוטאַט אין פּוילישן פּאַרלאַמענט) אָט אַזאַ בילד: „אויפֿן וואַרשעווער ברוק דרייט זיך אַרום אַן אייניקל מיט אַ יחוס־בריוו אין קעשענע. און מען האָט פֿון דעם אייניקל אויסצושטיין גרויסע צרות. עס האָט קיינער קיין נחת נישט פֿון אים — נישט ייִדן, נישט גויִים, נישט ער אַליין פֿון זיך. דאָס איז זײַן צרה, ווײַל איז׳ן איז ער אַ קריסט שוין פֿון צווייטן דור. נאָך זײַן פֿאָטער האָט זיך

געשמדט. דער נאָמען זײַנער קלינגט אויף „סקי״, נאָר ניט יידיש...
זײַן זיידע האָט געהייסן חיים־זעליג סלאָנימסקי, אַ נאָמען אַ לאַנגער,
אַ בכבֿודיקער... קלאָמערט זיך דאָס אייניקל אין דעם נאָמען...
„אַ, איך, דאָס אייניקל, בין ניט קיין ייד און ניט קיין פּאָליאַק. פֿון
איין ברעג אָפּגעפּאָרן, צום צווייטן ניט צוגעקומען. אָן אַ פּאָטערלאַנד
געבליבן, נעבעך, נעבעך...״ [2]

אַז מ׳טראַכט זיך אַרײַן אין נאָמבערגס ביטערע רייד קעגן באַ־רימטן געשמדטן אייניקל פֿון באַרימטן העברעיִשן רעדאַקטאָר, וועל־כער איז געווען דירעקטאָר פֿון באַרימטן ראַבינער־סעמינאַר אין רוס־לאַנד, קען מען ערשט באַנעמען די ראָלע פֿון דער יידיש־אַפּאָנסיווע אויף וואַרשע. זי איז געקומען שפּעט, שפּעטער ווי אין אַנדערע שטעט פֿון גאַליציע, פֿון אוקראַינע, דרום־רוסלאַנד און ליטע, אָבער דערפֿאַר איז זי געקומען — מיט פּערזענלעכקייט.

אַנטקעגן די תּקיפֿים, וואָס האָבן אין דער גרעסטער שטאָט פֿון פּוילן געהאַט אַ חזקה אויף אַסימילאַציע און זי געפֿירט ביד חזקה, אויסשטעלנדיק זיך גאַנץ אָפֿט אויף חוזק, איז אַראָפּגעקומען דער דיכטער פֿון זאַמאָשטש און שוין אין 1911 געהאַט דעם מוט אויסצו־שרײַען „דאָס לעצטע וואָרט דער וואַרשעווער אַסימילאַציע״. און אַז ס׳איז געשטאַנען די פֿראַגע פֿון זאַמלען יידישע חפֿצים און געלט און „וווּהין שיקן? וואַרשע? ווילנע? פּעטערבורג?״ — האָט פּרץ געראָטן — געלט בײַ אַלעמען נעמען פֿאַר די יידישע מוזייען, אָבער די חפֿצים שיקן, נישט קיין וואַרשע און אַוודאי נישט קיין פּעטערבורג, נאָר קיין ווילנע, ווײַל ווילנע „איז אַ יידישע שטאָט — עיר ואם בישׂראל, דאָס האַרץ פֿון דער יידישער ליטע — ירושלים דליטא!״ [3]

וואַרשע איז פֿאַר יידישער פּאָליטיק טאַקע געווען די שטאַרקסטע שטאָט. די ראָלע פֿון אָדעס האָט זיך געענדיקט סוף 19טן יאָרהונדערט

---

[2] ה. ד. נאָמבערג — „די מעשה מיטן אייניקל און וואָס קאָן מען דערפֿון אַרויסלערנען״, דער מאָמענט, וואַרשע, 10טער אָקטאָבער 1924.

[3] די ווערק פֿון יצחק־לייבוש פּרץ, ב׳ 13, נ״י 1920, ז״ 34 און 220.

און די ראָלע פֿון פּעטערבורג איז פֿאַר יעדן געווען אַן אָפּגעשפּילטע נאָך דער רעוואָלוציע פֿון 1905, כאָטש מ׳האָט נישט אויפֿגעהערט מאַכן „הנותן תשועה״ ביז ראַספּוטינס לעצטן אָטעם... צו די פּאָלי־טישע לייצעס האָבן זיך געכאַפּט אין דער קרוינשטאָט אויך געוויסע נאַציאָנאַלע בעלי־חלומות אַפֿילו אין די צײַטן פֿון דער גיפֿטיקסטער ייִדן־שׂנאה צו מאָל אינעם 18טן יאָרהונדערט. אָבער פֿאָלקס־באַגערן, בנוסח ייִדיש, מיטן יחדיו־צוגאַנג צום ייִדישן לעבן, קומט ערשט צוזאַמען מיט ייִדיש, בײַם סוף פֿון 19טן יאָרהונדערט.

וואָלט שלמה עטינגער געבליבן ווינען אין וואַרשע, ווו ר׳איז געבוירן געוואָרן אַרום 1803, וואָלט ער זיכער נישט געוואָרן דער עכטער ייִדישער שרײַבער, דער טאָנגעבער פֿון דער ייִדישער פֿאָלקס־טימלעכקייט אין דער ליטעראַטור, דער עלטער־זיידע פֿון דער ייִדי־שער וואָרטקונסט. אין זאַמאָשטש איז ער עס געוואָרן, פּונקט ווי פּרץ, דער אינטעלעקטועלסער ייִדישער שרײַבער.

אַ דאַנק דעם אַנטאַגאָניזם צווישן קליינעם שטעטל און קרוינ־שטאָט האָט אויפֿגעווירבלט דער שטורעם צווישן דער אײַנגעפּעס־טיקטער אַסימילאַטאָרישער טראַדיציע און אויפֿוואַכנדיקן ייִדישלעכן נאַציאָנאַליזם.

פֿרײַער האָט אַפֿילו אַנטאָני אײַזנבוים נישט געקענט אויספֿועלן בײַ מלכות, אַז זײַן גוטער פֿרײַנד ד״ר שלמה עטינגער זאָל קענען דרוקן זײַן ערשט בוך נישט קאַסטרירט פֿון דער צענזור. און אַנטאָני אײַזנבוים, דער רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פֿון דער ערשטער ייִדי־שער צײַטונג איז מזרח־אייראָפּע, האָט דאָך מיט זײַן „בעאָבאַכטער אַן דער ווײַכסעל״ (1823־1824) געצילט צו ווײַזן, אַז ייִדיש איז קיין שפּראַך נישט...

אָבער אין דעם זעלביקן יאָרהונדערט ווערט וואַרשע — דער גרעסטער צענטער פֿון ייִדישן געדרוקטן וואָרט אין אייראָפּע. „סוף 1885 קומט קיין וואַרשע יעקבֿ דינעזאָן (1856־1919) און אין 1887 באַזעצט זיך דאָרט מרדכי ספּעקטאָר (1858־1925). ספּעקטאָר האָט

אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן דעם הויז־פֿרײַנד (אין משך פֿון יאָרן 1888־1896 זײַנען אַרויס פֿיר בענד)". און וואַרשעווער ראַדיקאַלן האָבן אָנגעהויבן זיך צו אינטערעסירן מיט ייִדיש, ווען זיי האָבן אײַנגעזען, אַז חסידים האָבן אָנגעהויבן צו באַקעמפֿן די ייִדישע פֿאָלקסביכלעך"[4], כאָטש זיי זײַנען אַליין געווען די, וועלכע האָבן פֿריִער אַרויסגעגעבן אין וואַרשע חסידישע מעשׂה־ביכלעך...

מיט פּרצעס באַזעצן זיך אין וואַרשע אין 1889 הייבט זיך אָן אַ נײַע תּקופֿה אין דער ראָלע פֿון וואַרשע פֿאַר דער אַנטוויקלונג און דער עיקר פֿאַר דער קולטור־געזעלשאַפֿטלעכער פּאָזיציע פֿון ייִדיש אין וואַרשע. זײַט בײַ זײַט מיט די אָנשטרענגונגען, וואָס ווערן געמאַכט דורך די צוגעקומענע פֿון די פֿאַרשיידנסטע מקומות, פֿאַרן פּאָליטישן, סאָציאַלן, רעליגיעזן, נאַציאָנאַלן, קולטורעלן און פֿילאַנטראָפּישן לעבן, זײַט בײַ זײַט מיט די זוכענישן פֿאַר דער אויפֿלעבונג פֿון העברעיִש, ווערן געמאַכט די גרעסטע פֿאַרמעסטונגען פֿון אַראָפּגעקומענע ייִדיש־טרוימערס פֿון גאַנץ מזרח־אייראָפּע, שרײַבערס, זינגערס, שפּילערס, מאָלערס — — —

פֿון שטעטל איז געקומען פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור די שטאַרקונג פֿאַר דער קרוינשטאָט. דאָס שטעטל האָט אויפֿגעריכט די שטאָט.

## די שטאָט פֿון ליטעראַרישן קאָסמאָפּאָליטיזם

וואַרשע, די פּוילישע שטאָט מיט דער גרעסטער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין אייראָפּע, האָט איר גרויסן שם באַקומען אין דער ייִדישער קולטורוועלט, נישט צוליב כּמות, נישט צוליב איר איכות, נישט צוליב לאָקאַלן פּאַטריאָטיזם, נישט מיט אירע אייגענע אידייען,

[4] ד"ר יעקב שאַצקי — געשיכטע פון יודן אין וואַרשע, באַנד 3, זז' 273־274, ייִוואָ, נ"י 1953.

נײַערט צוליבן פערמאַנענטן צופֿלוס פֿון נײַ־אויפֿגעקומענע כּוחות אָדער אינעם זעלביקן לאַנד אָדער אין שכנישע לענדער.

וואַרשע איז ביז דער 2טער וועלט־מלחמה קנאַפּ באַשריבן געוואָרן און נאָך ווייניקער באַזונגען געוואָרן, בעת די ליבשאַפֿט צו ווילנע איז אויסגעדריקט געוואָרן אין פֿאַרשיידענע פֿאָרמען. אַפֿילו יונג־ווילנע, וועלכע איז געווען פֿאַרכאַפּט פֿון ראַדיקאַלע סאָציאַלע אידייען, האָט נאָך פֿאַרן חורבן מיט הייליקע רייד געשילדערט די אַטמאָספֿער פֿון ירושלים דליטא. וואַרשע האָט אַזאַ ליבשאַפֿט נישט אַרויסגערופֿן. יצחק באַשעוויסעס סאַרקאַסטישע שילדערונגען פֿון וואַרשע אין זײַן ראָמאַן פֿאַמיליע מושקאַט איז כאַראַקטעריסטיש, נישט בלויז פֿאַר דעם געווינער פֿון דער נאָבעל־פּרעמיע אין 1978, נאָר אויך פֿאַר די רעאַקציעס, וואָס וואַרשע האָט אַרויסגערופֿן בײַ יודעי־חן.

אין די בעסטע יאָרן פֿון פֿרידנצײַט האָט וואַרשע געציילט צווישן דעם מיליאָן אײַנוווינערס מיט 300,000 ייִדן. געווען יאָרן, ווען פּאַריז און לאָנדאָן זײַנען מיט דער צאָל ייִדן נישט געווען ווײַט אָפּגעשטאַנען. אין ניו־יאָרק, מיט 2,500,000 ייִדן אין יאָרן, ווען די אַלגעמיינע באַפֿעלקערונג איז נישט אַריבער די 7 מיליאָן — און די גרעסטע קאָנצענטראַציע פֿון ייִדישע וואָרטקינסטלערס איז דאָרטן געווען — האָט מען אין האַרצן געפֿילט, אַז די בכורה איז אַלץ געקומען וואַרשע. פֿאַר וואָס? אַרום וואַרשע זײַנען כּסדר אויסגעוואַקסן נײַע כּוחות. אמת, די מערסטע פֿון זיי האָבן שנעל זיך אַרומגעזען, אַז אויפֿן אָרט גופֿא וועלן זיי ווײַט נישט דערגיין — האָבן זיי געזוכט אַנדערע האָריזאָנטן. גענומען אַרומוואַנדערן אָדער עמיגרירן, עקספּערימענטירט מיט ווינקלענדער אָדער גלײַך עולה געווען. אָבער די נײַע הימלענדער, ווי וויל זיי האָבן צוגעדינט די געקומענע יונגינקע שרײַבערס, האָבן אויפֿן אָרט גופֿא קיין נײַע דורות נישט אויסגעהאָדעוועט. וואַרשע — יאָ!

אַלע אויפֿקומענדיקע ייִדישע כּוחות פֿון מזרח־אייראָפּע האָבן אַרויפֿגעקוקט אויף וואַרשע ווי אויף אַ צענטראַלער סטאַנציע, פֿון וואַנען מ'קען, מער צוגעגרייט, זיך אַרויסלאָזן איבער דער וועלט,

אויב מ׳זאָל אין וואַרשע נישט געפֿינען די געוווּנטשענע היים — וואַרשע איז געווען די הכשרה פֿאַר אַלע באַוועגונגען, כאָטש פֿאַר זיך אַליין האָט זי קיין הכשר נישט געקענט געפֿינען...

דער גרויסער ייִדישער שרײַבער באַזעצט זיך אין וואַרשע, אָבער פֿון שרײַבערײַ קען ער אין דער גרויסער וואַרשע קיין לעבן נישט מאַכן. מיט ייִדישע מאָלערס איז נישט בעסער.

מאָריץ מינקאָווסקי, געבוירן אין וואַרשע, געפֿינט אין זײַן אומגליקצײַט דערמוטיקונג, ווײַל זײַן גרויסער טאַלאַנט האָט זיך אַנטפּלעקט, אָבער נישט פֿון דער רײַכער וואַרשע קען ער אַ לעבן מאַכן, נאָר פֿון גליקלעכן צופֿאַל, וואָס אַ פֿראַנצייזישער דיפּלאָמאַט האָט אים אַרויסגעפֿירט אין מערבֿ־אייראָפּע, צו אויסלענדישע מוזייען, ביז, ער האָט דאָס לעבן פֿאַרלוירן אין בוענאָס־אײַרעס, אַ פֿאַרמשכּונטער[5] און זײַן פֿרוי האָט פֿאַרענדיקט איר לעבן אין משוגעים־הויז. נאָך אַ גליק, וואָס ער איז פֿאַראייביקט אין אַרגענטינער ייִוואָ דורכן „מאָריץ מינקאָווסקי־מוזיי“[6].

ווען פּרץ הירשביין האָט זיך פֿאַרמאָסטן אויפֿן ערשטן ייִדישן ליטעראַרישן טעאַטער אין אָדעס, מיט די ברכות פֿון מענדעלע מוכר ספֿרים און חיים־נחמן ביאַליק, און איז נאָך אַלע אָנשטרענגונגען פֿון 1908 ביז 1910 אָנגעקומען אין וואַרשע, דערוואַרטנדיק מיט פּרצעס הילף די ענדלעכע און ענדגילטיקע באַפֿעסטיקונג פֿאַר זײַן וואָרט־ און בינע־קונסט, האָט ער גאָר — קאַפּיטולירט, פֿאַרשרײַבנדיק פֿאַר דער געשיכטע אַ פּײַנלעכן דיאַגנאָז: „וואַרשע, די טעאַטראַלע עקרה“[7]. די שטאָט, צו וועלכער עס האָבן זיך אויסגעקוקט די אויגן אָן אַ שיעור פֿאַראינטערעסירטע, אַז עס זאָל זײַן דאָרטן אַ גוט ייִדיש

---

[5] געקומען אין אַ ביטערער צײַט, אין סעפּטעמבער 1930.

[7] צו די 50 יאָר נאָך מינקאָווסקין ווערט געגרייט אין אַרג׳ ייִוואָ אַ גרויסע אויסשטעלונג פֿון זײַנע בילדער און אַן אַלבאָם מיט רעפּראָדוקציעס אין קאָלירן.

[7] פּרץ הירשביין — אַן ענטפֿער ד״ר א. מוקדוני, 3 אַרטיקלען אין ליטעראַרישע בלעטער, וואַרשע, נאָוועמבער 1930.

טעאַטער. אָבער נאָך אַלע קול־קוראס, כּמעט מיט אַ מבֿין ייִדישע צײַטונגען, מיט סענאַטאָרן און דעפּוטאַטן אין סיים, מיט גרויסע באַנ־קירן און פֿײַנשמעקערס פֿון אַלע סקאַלעס, איז דער קאַמינסקי־טעאַטער, מיט אַ טויבער אַקוסטיק, געווען אין אַ גויִשער געגנט, מיט אַזאַ באַרג־אַראָפּ, אַז געניזוקט ווערן ווינטערצײַט אויפֿן אײַז איז געווען אַ געוויינלעכע זאַך... און דאָס איז שוין געווען דער בעסטער זאַל.

וואַרשע איז פֿאַר דער ליטעראַטור און קולטור פֿון מאָדערנער אינספּיראַציע געווען אַ שטאָט פֿון סעזאָן־מאָדעס און קאָסמאָפּאָליטיזם.

ניט אומזיסט האָט דער דערפֿאָלגרײַכסטער בעלעטריסט אין פּוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות, דער ביאַליסטאָקער זוסמאַן סעגאַלאָ־וויטש, וועלכער האָט געוווינט אין וואַרשע, אַרײַנגעזונגען די דאָזיקע פֿילזאָגנדיקע לירישע פֿערזן: „רויכער ליולקע, / רויך געדיכט, / און פֿאַרשלייער / מײַן געזיכט, / איך אַליין / זאָל ניט פֿאַרשטיין, / צי איך לאַך הײַנט, / צי איך וויין“...

עס איז טיפּיש פֿאַר וואַרשע, וואָס אין 1923 האָט אַ ליטעראַרישע גרופּע מיטן אימפּראָוויזירטן נאָמען פֿון „בעלעטריסטן“־פֿאַראייניקונג“ אַרויסגעגעבן אַ זאַמלבוך פֿון 456 זײַטן, אין אַ ברייטן הגדה־פֿאָר־מאַט, אונטערן נאָמען וואַרשעווער אַלמאַנאַך. אָבער וואָס איז דאָרטן פֿאַראַן צום ווייניקסטן — דאָס איז וואַרשע... צום ווייניקסטן — געבוירענע אין וואַרשע, צום ווייניקסטן — וואַרשעווער פֿינאַנצן און צום ווייניקסטן — טעמעס, מאָטיוון, פּראָבלעמען, כאַראַקטער־שטריכן פֿון וואַרשע...

25 שרײַבערס זײַנען פֿאַרטראָטן אין „וואַרשעווער אַלמאַנאַך“, אָבער נאָר איינער (1) איז אַ וואַרשעווער, און דער איינער, יוסף קיר־מאַן, זאָגט אין זײַן ליד: „דער טאָג איז גרויס / און וועגן זײַנען פֿיל פֿאַראַן!“. ווי־זשע קלײַבט ער אויס איינעם פֿון די וועגן? „גיי איך — זאָגט קירמאַן — בלינד“... ווער זעט? די צוגעפֿאָרענע, הייסט עס, די פֿרעמדע, פֿירן דעם וואַרשעווער ווײַזן אַ וועג, אויב נישט דעם וועג?

דאָ איז טשיקאַווע אַ קוק טאָן מן הצד אויפֿן עטנישן צוזאַמענשטעל פֿון ייִדישן שרײַבערטום בכלל. אין זלמן רייזענס 4בענדיקן „לעקסיקאָן פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, פּרעסע און פֿילאָלאָגיע" (ווילנע 1926־1930) געפֿינען מיר גלײַך אין א׳ ערשט אין דער 17טער ביאָגראַפֿיע — אַ וואַרשעווער. אין „לעקסיקאָן פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור" (ניו־יאָרק 1956) קומט אַ וואַרשעווער ערשט אין דער 20סטער ביאָגראַפֿיע!

פֿון דעסט וועגן איז דער וואַרשעווער ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פֿאַראיין און זײַן קלוב אויף טלאָמאַצקע 13 דער באַרימטסטער און אײַנפֿלוסרײַכסטער וועלטאַדרעס פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור, כאָטש „בײַ די שרײַבערס און שרײַבנדיקע פֿון ראָטן־פֿאַרבאַנד איז טלאָמאַצקע 13 פֿאַררעגיסטרירט ווי אַ זומפּ אויף דער וועלט־טאָפּאָגראַפֿיע" און בײַ די אַמעריקאַנער רופֿט ער אַרויס „אַ פֿיל־באַדײַטנדיקן שמייכל". אַלע שמוצרייד אויף טלאָמאַצקע 13 ווערן בטל אַנטקעגן דעם איינציקן אויפֿטו, וואָס „צוליב דער ייִדישער ליטעראַטור איז (אין דער וועלט־אָרגאַניזאַציע פֿון פּ. ע. נ.) געבראָכן געוואָרן דער טעריטאָריעלער פּרינציפּ, דאָס לאַנד ייִדיש צעברעכט אַלע גרענעצן, פּראָקלאַמירט אונדז פֿאַר בירגער פֿון דער וועלט און אָנערקענט אונדזער רעכט אויף עקסטעריטאָריאַלע עסטעטישער אייגנאַרט, און דאָס איז אַ פּרינציפּיעלע דערגרייכונג שוין נישט פֿאַר אונדז אַליין, נאָר פֿאַר נאַציאָנאַלע מינדערהייטן און שוואַכע קולטורן בכלל. און וועמען איז באַשערט געווען, מיטן קאָפּ דורכצוברעכן די וואַנט אין דער פּרינציפּיעלער דעבאַטע? נישט קיין אַנדערן ווי טלאָמאַצקע 13" [8].

וואַרשע האָט זיך גענומען דאָס רעכט צו ריידן פֿאַר דער וועלט אין דער גאַנצער ייִדישער ליטעראַטור, אפֿשר טאַקע דערפֿאַר ווײַל

[8] אַלטער קאַציזנע — „טלאָמאַצקע 13 אויף דער וועלט־אַרענע". ביכערוועלט נ׳ 8, וואַרשע 1928.

סײַ ווי האָט מען צו איר געהאַט טענות און נישט איינער האָט גע־שריבן „וועגן דער מאָדע צו פֿאַרניינען וואַרשע" [9].

די צעריסנקייט האָט אַרויסגעשריגן פֿון אַלע זײַטן. ס'האָט גע־פֿעלט טראַדיציע. עס האָט געפֿעלט אַ דאָמינירנדיקע פּערזענלעכקייט. עס האָט געפֿעלט גאַנצקייט. האָט זיך אײַנגעבירגערט דער... קאָסמאָ־פּאָליטיזם אין דער ליטעראַטור.

## י. ל. פּרץ, דער ערשטער און דער לעצטער

אויף ווי ווײַט עס האָט וואַרשע געפֿעלט טראַדיציע פֿאַר יידיש, קען דינען דער פֿאַקט, וואָס „בעת אין קראָקע דערשײַנט שוין אין יאָר 1534 דער ערשטער לשון־קודשדיקער ספֿר" איז „צו גרינדן די ערשטע העברעיִשע דרוקערײַ אין וואַרשע ערשט געלונגען אין יאָר 1776" [10]. דער מחבר פֿון „צאינה־וראינה" איז טאַקע אַ פּוילישער ייִד, אָבער דער־אָ ספֿר איז די ערשטע פֿאַר מאָל, אין 17טן יאָרהונדערט, געדרוקט געוואָרן אין פּראָג, טשעכיע, נישט אין פּוילן, ווו ר'איז שפּע־טער צום שטאַרקסטן פֿאַרשפּרייט און געלייענט געוואָרן. בעת אין דער שווייץ, ווו ס'האָבן געוווינט געציילטע ייִדן, איז אין באַזעל גע־דרוקט געוואָרן דאָס מעשׂה־בוך אין 1602...

ס'איז דערפֿאַר נישט מעגלעך צו דערקלערן, ווי איז עס געשען, וואָס אין אַ שטאָט, וועלכע האָט ניט קיין שום טראַדיציע פֿאַרן בעסערן ייִדישן וואָרט, זאָל מיצקע דערינען, ווי פֿון הימל אַראָפּפֿאַלן, מרדכי ספּעקטאָרס זאַמלבוך, ווו עס באַווײַזט זיך מענדעלע, שלום עליכם, פּרוג, גאָרדאָן, גאָלדפֿאַדענס פֿאַרטרעט און, ועל כּולם, יעקבֿ דינע־זאָנס בילאַנס „די ייִדישע שפּראַכע און אירע שרײַבער", ווו ער

---

[9] קאַדיע מאָלאָדאָווסקי — ליטעראַרישע בלעטער נ' 495, וואַרשע 1933.

[10] פּראָפֿ' ד"ר מאיר באַלאַבאַן — „צו דער געשיכטע פֿון די ייִדישע דרו־קערײַען אין פּוילן", אַלמאַנאַך צום 10יאָריקן יובילעאום פֿון מאָמענט, זז' 196 און 207, וואַרשע 1921.

הייבט־אָן פֿון ר׳ אליה בחור, „צאינה וראינה״ און גייט־אַוועק צו דיק. אַקסנפֿעלד, עטינגער, גאָטלאָבער, כאַראַקטעריזירנדיק צענדליגגער שרייבערס און זייער שאַפֿן אין ייִדיש אַזש אויף 20 זייטן! ווי דער־קלערט מען דאָס? [11]

דער אמת איז: ספּעקטאָרס זאַמלבוך איז געווען אַן „עקסטערי־טאָריעלער״. בלויז געדרוקט אין וואַרשע און דאָ געזוכט דעם מאַרק, פונקט ווי „מעשׂה־בוך״ איז געווען געדרוקט אין באַזעל און „צאינה וראינה״ אין פּראָג.

וואַרשע, ווי אַ ייִדישער ליטעראַרישער פּראָזשעקטאָר, הייבט־אָן צו פֿונקציאָנירן זינט פּרץ נעמט שטייגן. שוין אין 1891 ווייזט ער, ווי פֿון דער קרוינשטאָט קומט די זאָרג פֿאַר דער פּראָווינץ [12]. ווי דער הויפּט־רעדאַקטאָר פֿון די 17 נומערן יום־טובֿ־בלעטלעך, ס׳רובֿ פֿון אים אַליין אויסגעפֿולט, צעשיקט ער פֿון וואַרשע, אין די יאָרן 1894־1897, די זאָרג פֿאַרן אַרבעטסמענטש און פֿאַר דער קולטור פֿון פֿאָלקסמענטש. ווען ס׳קומט דער יוד, געדרוקט צוליב פּאָליציי־כשרות אין קראָקע, אָבער אויסגעהאָדעוועט אין וואַרשע, ווערט אויך דאָ פּרץ אַ טאָנגעבער, קינסטלעריש און אידעיִש, הגם די אויסגאַבע ווערט פֿון אַ ציונים־קאָמיטעט אַרויסגעגעבן, פֿון 1899 ביז 1903. אָנהייב 1900 קומט אבֿרהם רייזען, פּרצעס אַ תּלמיד, מיטן זשורנאַל דאָס 20סטע יאָרהונדערט, וואָס רעאַליזירט פּרצעס שטרעבונג, אַרייַנצופֿירן אין ייִדיש איבערזעצונגען פֿון דער בעסטער אוניווערסאַלער ליטע־ראַטור. און אין 1910, אין די זאַמלביכער ייִדיש, זעען מיר שוין פּרצן אַרומגערינגלט פֿון יונגע — די מאָרגנדיקע וואָרטקינסטלערס איבער דער גאַנצער וועלט צעשפּרייט: פּרץ הירשביין, י. י. טרונק, מנחם, ל. שאַפּיראָ, איטשע־מאיר ווייסנבערג, אפֿרים קאַגאַנאָווסקי א״אַ. עס איז ווייניק באַקאַנט, אַז אויב אַבֿרהם רייזען האָט אין זיין פֿריילינג

[11] דער הויז־פֿריינד, וואַרשע 1888.

[12] דיא יודישע ביבליאָטעק, 2טער באַנד, רעד׳ און אַר׳ דורך י. ל. פּרץ: „בילדער פון אַ פּראָווינץ־רייזע״, 23 קאַפּיטלען, זז׳ 73־141, וואַרשע 1891.

געהאַט אַזאַ גרויסע הצלחה בײַם אַרויסגעבן זשורנאַלן און זאַמלביכער, איז עס דערפֿאַר ווײַל ער האָט אָפּגעשפּאָרט מיטאַרבעטערס און אַפֿילו ליטעראַרישע שאַפֿונגען, וועלכע זײַנען געווען בײַ פּרצן אויפֿן שרײַבטיש... אַזוי דערשײַנט אין 1908, אין וואַרשע, קונסט און לעבן אונטער רייזענס רעדאַקציע, און עס באַטייליקט זיך דאָרטן מאָריס ראָזענפֿעלד, מלך כמיעלניצקי, ש. י. אימבער, שלום אַש, בעל־מחשבֿות, יצחק שיפּער א״אַ.

אַז דוד איגנאַטאָוו, דער פֿירער פֿון די יונגע, וועלכער האָט אין ניו־יאָרק אַרויסגעגעבן דעם 1טן באַנד שריפֿטן, ווו ס׳איז פֿאַראַן דאָס סולת פֿון דער מאָדערנער ליטעראַטור, האָט אין דער שטאָט פֿון דער גרעסטער צאָל ייִדן נישט געקענט זיך אַן עצה געבן מיט די 500 עקזעמפּליאַרן און וועגן דעם זיך געוואָנדן אין 1913 אַזש צו פּרצן אין וואַרשע!...

דאָס האָט י. ל. פּרץ געשאַפֿן אַזאַ גרויסן קרעדיט פֿאַר וואַרשע אין דער ייִדישער ליטעראַרישער וועלט.

נאָך אים האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן די ירידה און אָט דעם בלויז האָט מען געפּרווט פֿאַרדעקן. די דיסקוסיעס, וועלכע די יונגע האָבן אין 1921־1922 אַרויסגערופֿן, האָבן אויף דעם בלויז אָנגעריבן ווונדן...

די יונגע אין פּ״ש זײַנען ליטעראַריש אויסגעוואַקסן בעיקר אין ניו־יאָרק. יונג־ווילנע איז אַ שפּראָצונג פֿון ווילנע. די יונגע אין וואַרשע, וואָס האָבן אַ ווירקונג געהאַט אויף דער גאַנצער ייִדישער ליטעראַטור, האָבן אָבער זייער אייגנס און שטורעם פֿון דער פֿרעמד אַראָפּגעבראַכט. פּרץ־מאַרקיש — פֿון דער רעוואָלטירטער און פּאָגראָמירטער אוקראַינע; אורי־צבֿי גרינבערג — פֿון מערבֿ־אונטערגאַנג; מלך ראַוויטש — פֿון ווינערישן פּאָלעמישן הומאַניזם. אין וואַרשע האָבן זיי, איבער נאַכט, זיך גענומען אַלע רעכטן צו קלאַפּן טרעוואָגע, באַגײַסטערט־צעכראַסטעטע, בדרך „כאַליאַסטרע״, מעשׂה „אַלבאַטראָס״, זוכנדיק „די וואָג״ פֿון ייִדישן וואָרט, געדאַנק און קולטור־רענעסאַנס. ווי פֿולבאַרעכטיקטע יורשים...

אַזוי האָבן זיך געפֿילט פֿולבאַרעכטיקט אין וואַרשע אַ סך אורחים

און דאָס איז דער גרויסער זכות פֿון דער קרוינשטאָט. ר׳ הלל צייט־לין, דער מאָהילעווער, האָט זיך געפֿילט אין וואַרשע ווי אין בראַצ־לעוו; און זוסמאַן סעגאַלאָוויטש, דער ביאַליסטאָקער, האָט דאָ פֿאַר־שותּפֿט זײַן אײנזאַמקייט מיט דער אייביקייט; בייניש מיכאַלעוויטש, דער בריסקער, האָט די ציטאַדעל־טורמע און די אַרבעטער־גאַס גע־קענט נישט ווייניקער ווי די געבוירענע אויף קראָכמאַלנע און מו־ראַנאָוו; זרובבֿל, דער פּאָלטאַווער, האָט נאָך זײַן הכשרה אין א״י אַזש ח״י יאָרן צעצווייט זײַן פּועלי־ציון־פֿאָן אין ייִדישיסטישן שול־וועזן מיטן ראַדיקאַלן סאָציאַליזם.

אין וואַרשע האָבן צוזאַמענגעהויזט צו מאָל דראַסטישע סתּירות אינעם ייִדישן לעבן און שאַפֿן.

## די לעצטע געראַנגלען און די ערשטע יזכּור־בעלעטריסטיק

דער לעצטער עטאַפּ פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין פּוילן האָט אַרײַנגעבראַכט וויכטיקע ענדערונגען, צום גוטן און צום שלעכטן.

יונגוואַרג האָט זיך באַוויזן, „געפּעטיקט און געאַקערט דורך דער רעוואָלוציע״, טיילווײַז שוין דערצויגן אין דער נײַער ייִדישער שול און קולטור־באַוועגונג און איז „געווען דער אויסדרוק פֿון די באַפֿרײַטע גײַסטיק־שעפֿערישע פּאָטענצן״, אָבער ס׳איז שוין נישט געווען די פֿרײַערדיקע אַטמאָספֿער, ווען מ׳האָט אַפֿילו די יונגע דעבוטאַנטן „אויפֿגענומען מיט פּאַראַד, געזעצט זיי אין איין ריי מיט די אַלטע״ און „דער דעמאָלטיקער ייִדישער לייענער איז דעם פֿרישן, יונגן גאַסט אין דער ליטעראַטור אַנטקעגנגעלאָפֿן״ [31]... אויך אין דער קריטיק איז אַראָפּגעפֿאַלן דער ענטוזיאַזם, וואָס איז פֿרײַער געווען. „דער קריטי־קער איז געקומען צום ליטעראַטור־שאַפֿער און האָט צו אים גע־טענהט: פֿאַר וואָס קענסטו זיך אַלץ נישט באַפֿרײַען פֿון „אַ שטעטל״, „דאָס שטעטל״, „דאָס פּוילישע שטעטל״, און ווילסט ניט זען אָדער

---

[13] מ. נאַטיש — „די יונגע ייִדישע ליטעראַטור אין פּוילן״, ליט״בל נג׳ 597־598, וואַרשע 1935.

דו פֿאַרקוקסט דאָס נײַע ייִדישע לעבן אין דער גרויסער שטאָט?״ [14]...
נאָך דעם ווי דער איראָפּעיִשער פֿײַנשמעקער פֿאַרגינט זיך צו זאָגן, „איך האָב מער הנאה פֿון אַ וואַרשעווער קאָפּיקע־בלעטל ווי פֿון אַ פּעטערבורגער צוויי־קאָפּיקענעם פֿרײַנד״ [15], באַווײַזט זיך אַ יוגנט, וואָס איז גרייט צו רודפֿן עד חרמה אַפֿילו די טאַלאַנטירטסטע שרײַבערס, אויב זיי וואַגן, אַפֿילו אָן זייער נאָמען, צו דרוקן אין אַ צײַטונג אַ שונדראָמאַן [16]. פֿון דער אַנדער זײַט — מערן זיך ייִדישע צײַטונגען אויף פּויליש און „פּרוּוון צו שאַפֿן אַ פּויליש־ייִדישע בעלעטריסטיק״ [17], וואָס „דערציִען (ווי אַ ייִדישער שרײַבער האָט מוט געהאַט צו זאָגן) אַ דור אויסגעהוילטע פֿון יעדן ערנסטן געדאַנק, אָן אַ נעכטן, אָן אַ הײַנט, אָן אַ מאָרגן״ [18]...

נאָך דעם דאָזיקן געראַנגל צווישן עליות און ירידות אין דער ייִדישער ליטעראַטור אין פּוילן, נאָכן פֿײַער און בלײַרעגן, וואָס האָט בלויז האָלעוועשקעס איבערגעלאָזט, ערגעצוווּ, האָבן געראַטעוועטע שרײַבערס זיך באַמיט דורך בעלעטריסטיק, וואָס קען נישט אויסבאַהאַלטן די יזכּור־אימפּולסטן, אויפֿצולעבן בילדער פֿון אַמאָליקן וואַרשע — ווי יחיאל האָפֿער אין „אַ הויז אויף מוראַנאָוו״ און „אַ הויז אויף פּאָקאָרנע״, ווי דוד פֿלינקער אין „אַ הויז אויף גזשיבאָוו״ און „אין שטורעם״ — אַקצענטירנדיק דעם לאָקאַלן פּאַטריאָטיזם און די הייליקע געפֿילן פֿון כּל ישׂראל חבֿרים, „אײַנגעוויקלט אין אַ טלית״.

שמואל ראָזשאַנסקי

---

[14] י. א. לעווענשטיין — „ליטעראַטור און לעבן״, אויפֿגאַנג נ׳ 2, וואַרשע 1928.

[15] בעל־מחשבות — „נאָטיצן פֿון אַ קריטיקער״, קונסט און לעבן, ז׳ 49, וואַרשע 1908.

[16] נחמן מײַזיל — געווען אַמאָל אַ לעבן (מעשׂה פּערלע), ז׳ 367, ב״א 1951.

[17] ה. ווילטשינסקי — ליט״בל נ׳ 211, וואַרשע 1928.

[18] יהושע פּערלע — „פּויליש־ייִדיש״, ליט״בל נ׳ 712, וואַרשע 1938.

משה שימעל

## ווען מען קומט פֿון דער פֿרעמד

ס׳איז אומעטיק, גאָט, מיר, איך קום פֿון דער פֿרעמד,
פֿון רעגנס באַשטראָמט און פֿון ווינטן פֿאַרברענט.

כ׳שטרעק־אויס מײַנע אָרעמס, אַ מידער פֿון וועגן,
און כ׳ווייס נישט, צי ס׳וועט מיר ווער קומען אַנטקעגן.

און כ׳ווייס נישט, צי ס׳וועט זיך געפֿינען אַ פֿרײַנד,
וואָס זאָל פֿון די ווערטער מײַן אומרו פֿאַרשטיין.

אָט שטיי איך פֿון היימישער זון איצט געבלענדט;
ס׳איז אומעטיק, גאָט, ווען מען קומט פֿון דער פֿרעמד.

וואַרשע 1932

בער שנאַפּער

## אַליין

### פֿון ציקל „אַ שעה מיט זיך"

א

איך האָב פֿײַנט צו לעבן אַליין!
צו בויען פֿאַר זיך בלויז אַ הויז און אַ היים —
און פֿילן זיך זיכער ווי אַ וואָרעם אין כריין!...

איך האָב פֿײַנט צו װוינען אַליין!
נאָר דווקא מיט מענטשן, צו צוויי און צו דרײַ —
אָט אַזוי בחבֿרותא — װען לעבן הייסט: חי!...

נאָר זײַן — נאָר פשוט און איינפֿאַך זײַן!
ווי עס איז דער וואָלף און דער בוים און דער שטיין:
האָב איך ליב — אַליין!

*

אַליין זײַן דער שניטער און אַליין זײַן דער שניט;
אַליין זײַן דאָס פֿײַער און אַליין זײַן דער שמיד!
און אַליין זײַן דער ים — און דער אינדזל אין מיט!...

אַליין זײַן דער באַרג און העט אויבן — דער קוואַל!
אַליין זײַן די מויער און אַרום טויער — דער וואַל!
און אַליין זײַן דער שונא און אַליין זײַן — מײַן פֿאַל!...

אַליין זײַן דער ווײַזער און אַליין זײַן — די צײַט!
אַליין זײַן דער בער אויף דער איגענער קייט —
און אַליין דער ציגײַנער וואָס פֿירט אויף דער קייט.

דער בער אַרום מיט בערישע טריט —
און הייסט אים טאַנצן אויף יעדן יאַריד,
און זינגט אים אונטער — אַ בערנליד!...

II

איך האָב פֿײַנט צו געניסן אַליין!
צו פֿרעסן מײַן מאָלצײַט פֿאַר זיך, אין געהיים —
זיך באַהאַלטן דערמיט ווי אַ הונט מיט אַ ביין!

איך האָב פֿײַנט צו שלאָפֿן אַליין!
נאָר דווקא אין איינעם, ענג, זאַלבעצווייט —
אָט אַזוי פֿאַרפֿלאָכטן, ווען שלאָפֿן הייסט: פֿרייד!

נאָר זײַן — נאָר פּשוט און אײנפאַך זײַן!
אָט אַזוי מיט די נעגל, מיט די לאַפּעס און צײן:
האָב איך ליב — אַלײן!

*

אַלײן זײַן באַשאַפער און אַלײן זײַן — באַשאַף!
אַלײן זײַן דער הערשער און אַלײן זײַן דער שקלאַף!
און אַלײן זײַן דער מענטש און אַלײן — דער אַף!...

אַלײן זײַן דער שפּאַרבער און אַלײן זײַן — די טויב!
אַלײן זײַן דער וואָלף און אַלײן זײַן — זײַן רויב!
און אַלײן, און אַלײן — אויף אײגענער הויט.

דערפילן, דערשפּירן, דערגרונטן, דערגײן:
וואָס אַזוינס נויט איז? און וואָס אַזוינס פּײַן?
און ווי אָרעם, ווי נישטיק, ווי אומווערדיק קלײן —

ס׳איז די פרייד פון פאַרצוקן, ס׳איז דאָס גליק פונעם זײַן:
אַנטקעגן דעם גרויסן, דעם גרויזאַמען פּײַן —
פון ווערן פאַרצוקט, פון אויפהערן זײַן!...

1937

קלמן ליס

# און איך בין דער...

## צײַטמאָטיוון

און איך בין דער,
וואָס שטעקט טיף אין דער ערד,
פאַרוואָרצלט און צעצווײַגט,
וואָס רײַסט זיך און וואָס שטײַגט

צום ברייטן, פרייען רוים,
צו גלייך מיט יעדן בוים,
מיט סאָסנע, דעמב און קליאָן,
אַ טייל אין גרויסן קאָן
פון וואַלד ביי מיר אין קאַנט,
פאַרוואַקסן מיט מיין לאַנד —
די ווערבע מיטן וועג,
די ריטשקע מיטן ברעג,
דאָס דערפל מיט דעם שליאָך,
דאָס קינד מיט מוטערשפּראַך,
דאָס גראָז מיט זאַנפטן לאָן,
מיט אָזערע דער שוואָן,
דאָס שפּערל מיט זיין נעסט,
וואָס שרעקט זיך נישט פאַר פרעסט
און וואָגלט נישט אַוועק
אויס מורא און אויס שרעק
פאַר הונגער און פאַר קעלט.
כאָטש כ׳וויס, ס׳איז ברייט די וועלט
און ס׳איז אין איר דאָס לאַנד,
ווו כ׳לעב איצט, ווייט באַקאַנט,
אַז איך אין דעם בין פרעמד,
בין נישטיק און בין קליין;
נאָר פאָרט... ס׳איז מיין געביין
געבונדן מיט דער ערד,
ווי דורות לאַנג געיערט,
פאַרוואָרצלט און פאַרצווייגט,
געוואַקסן און געשטייגט,
געצייטיקט און געבליט,
האָט שטאָם מיינער — דער ייד.
און איצט, ווען ס׳וויל מיט גוואַלט

דעם שׂונאס האַק פֿון וואַלד
מיך אויסהאַקן — איז וואָס?
כ׳האָב טיף אין לאַנד געלאָזט
די וואָרצלען און פֿאַרשפּרייט,
און שטעק אין איינגעוויד
פֿון ערד ביז גרונט, ביז דנאָ,
און זאָגן וועל איך — יאָ!
פּ׳צעפּיקעניש די פֿײַנד —
איך בין געווען, כ׳בין דאָ
און וועל דאָ אייביק זײַן!...

1937

שלום אַש

## פֿון ראָמאַן „וואַרשע“

2טער באַנד פֿון דער טרילאָגיע „פֿאַרן מבול“

### נײַע זמירות

אַמאָל, אין אַנדערע יאָרן, האָט מען אין די פֿרײַטיקדיקע אָוונטן בײַם לערער הורוויץ פֿאָרגעלייענט פֿון די פּוילישע קלאַסיקערס, פֿון מיצקעוויטשן, קראַשינסקיס תּהילים. אָרזשעשקאָוואַ איז געווען אַ געטין. די לעצטע יאָרן אָבער האָבן די נײַע יונגע־לײַט פֿאַרטראָגן צום לערער אין הויז די יידישע ליטעראַטור. אין די פֿרײַטיקדיקע אָוונטן לייענט מען שוין פֿאַר פּרצן און אַנדערע יידישע שרײַבערס. פּרץ איז געוואָרן דער אָפּגאָט אַנשטאָט אָרזשעשקאָוואַ. אָבער די יידי־שע ליטעראַטור האָט לעת־עתּה נאָר געפֿונען איר אָרט בײַ רחל־לאהן אין קיך. אינעם עסצימער האָט געהערשט בלויז די פּוילישע ליטע־ראַטור. אַמאָל האָט מען אין די זונטיקדיקע אָוונטן געזונגען לידער,

זײַנען די זינגערס געווען דער אַלטער דור: דער לערער, זײַן פֿרײַנד זלמן; און געזונגען האָט מען העברעיִשע לידער. האָט מען אַ מאָל דערמאָנט אַ ייִדיש ליד, איז עס געווען אַן אַפּיקורסיש, ווי מען האָט זיך אָפּגערעכנט מיטן רבין. היינט האָבן די חבֿרה כאַליאַסטרע פֿאַרשלעפּט צום לערער אין די פֿרײַטיקדיקע אָוונטן גאָר אַנדערע לידער, וועלכע דער עלטערער דור — דער לערער און זײַן פֿרײַנד — האָבן נישט געהערט. דערפֿאַר קלײַבט מען זיך צונויף בײַ רחל־לאהן אין קיך.

רחל־לאה איז אַרײַן אין איר ריכטיקער ראָלע. זי טיילט טעפּלעך טיי מיט שטיקער קוכן, וואָס זי האָט בײַ טאָג פֿאַר דעם דאָזיקן צוועק אָנגעבאַקן. איטשעלע, וואָס איז אַ מזיק אויף זינגען, ברענגט יעדן פֿרײַטיק־צו־נאַכטס צו רחל־לאהן אין קיך אַן אַנדער ליד פֿון דער ווערקשטעל. מען זיצט אַרום אויף קליינע קיכבענקלעך, אַ מאָל אויף דער פּאָדלאָגע (רחל־לאה, מיטן ברייטן שירץ און ליכטיקן פּנים, אין מיטן), איטשעלע הייבט־אָן און אַלע העלפֿן־צו. עס איז דאָ דער „זשאַכלינער". אַליין קאָן ער ניט זינגען, מאַכט ער מיטן לאָמען הענטל ווי אַ קאַפּעלמײַסטער. דער יונגער־מאַן פֿון „פּאַן קוויאַטקאָווסקי". היינט האָט זיך אויך פֿאַרקליבן מירקין. רחל־לאהס קינדער, די מיידלעך און דער גימנאַזיסט. דער לערער הורוויץ האָט דערפֿון גרויס עגמת־נפֿש. דורך דעם ייִדיש ריידן אין זײַן הויז, וואָס די יונגע־לײַט פֿאַרשלעפּן, מאַכן זיי קאַליע די קינדער דעם פּוילישן אַקצענט. נאָר העלפֿן קאָן ער זיך שוין נישט. ער זעט, אַז די צײַט איז שטאַרקער פֿון אים. און ער האָט אויפֿגעגעבן דעם קאַמף. אַליין האַלט ער זיך אָבער שטאָל און אײַזן.

איטשעלע זינגט איין ליד נאָך דעם אַנדערן. צו ערשט די פֿאָלקסלידער, וואָס זײַנען געוואָרן אַזוי פּאָפּולער בײַ רחל־לאהן אין קיך. דערנאָך די רעוואָלוציאָנערע לידער, איבער הויפּט דאָס וויגליד, וואָס איז געוואָרן אַזוי באַליבט אין די ווערקשטעלן:

„דו זאָלסט, מײַן קינד,
שטיין פֿאַר דײַנע ברידער,

ווערכע גייען אין קאַמף פאַר רעכט!
דו זאָלסט, מײַן קינד,
העלפן שטירצן נידער
הערשער, הענקער, אומרעכט״.

דאָס מאָל איז עס געווען אַ לאַדזשער וועבערליד, וואָס איטשעלע האָט מיטגעבראַכט און וואָס האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם:

„רוסלאַנד, מיר וועבן
תכריכים פאַר דיר,
אַ דרײַפאַכיקע קללה
אין זיי וועבן מיר.
— — — — — — —
מיר וועבן, מיר וועבן
תכריכים פאַר דיר איצט״.

די לידער צינדן־אָן די געמיטער. רחל־לאה ווערט אויפגעברויזט, קאָן זיך נישט צוריקהאַלטן און קאָמאַנדעוועט אַליין מיט די הענט. דער „זשאַכלינער״ שטײַגט אויף די העכסטע אָקטאַוועס, פאַלט שטענ־דיק אַרויס פון טאָן און בלײַבט־איבער דער לעצטער. דער גימנאַ־זיסט — וועלכער האָט זיך ערשט לעצטנס אויסגעלערנט יידיש — קײַט שווער די ווערטער און דאָס, וואָס ער קאָן נישט דערזאָגן, ברומט ער מיטן ניגון.

דערנאָך קומט דאָס האַרצרײַסנדיקע:

„פראָלעטאַרישע שוועסטער מײַנע,
ווער האָט גערויבט די ערע דײַנע?
ווײַל דיך האָט די נויט געטריבן,
די נויט.
— — — — — — — — — —
דו ביסט געגאַנגען אַרבעט בעטן,
האָבן זיי דיך געטרעטן,
אַ קרבן האָבן זיי פון דיר געמאַכט,
אוי, געמאַכט...״

רחל־לאה קאָן זיך נישט איינהאַלטן, ווישט־אָפּ אַ טרער מיט דעם פאַרטעך.

דערנאָך קומט די גרויסע נקמה. איטשעלע שטעלט־אָן — און אַלע נאָך אים:

„טראָגט־אַרויס די הייליקע פאָן
פון איר פינצטערן געצעלט,
מיר קומען צו נעמען נקמה,
צו באַפרייען די גאַנצע וועלט.
— — — — — — — — —
צו באַפרייען די אָרעמע שקלאַפן,
וואָס ליידן הונגער און קעלט.
די שטראַלן פון פרייהייט
זאָל זיי דינען
פאַר דעם אָפּפער, וואָס זיי
האָבן געשטעלט".

דערווייל, ווען אין דער קיך פון רחל־לאהן ווערן געזונגען די שרעקלעכע ווערטער, זיצן די צוויי פריינד, דער לערער הורוויץ מיט קעניגשטיינען, אינעם ווינצימער, ביי דעם שענקעלע ספרים, וואָס זייביידע קוקן־דורך, און זיינען פאַרנומען אין אַן ערנסטן שמועס.

— דו ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן, שלמה? — רופט זיך אָן צו אים זיין פריינד — איך האָב ביי מיר אָפּגעמאַכט, באַלד נאָך פסח, אם ירצה השם, (זיי קאָנען זיך דערפון נישט אָפּגעווינען), וועל איך זיך אַראָפּלאָזן, צו ערשט אַליין. איך וועל זען, אפשר וועל איך זיך קאָנען צו עפּעס דערשלאָגן.

דער לערער קוקט־אָן זיין פריינד פאַרוואונדערט. ער שפּאַרט זיך שוין נישט מיט אים. אינעם טאָן דערפילט ער די ערנסטקייט — קוקט ער אים אָן פאַרוואונדערט און מיט באַדויערן:

— און וואָס רעכנסטו דאָרט צו טאָן? דאָרט דאַרף מען נישט קיין העברעיִשע לערער. עס איז אַ „טלית שכולו תכלת".

—אַ לערער, גיי, זאָל מיך גאָט אָפּהיטן! איך וועל זיך אַוועקשטעלן אויף די פעלדער און וועל זיך נעמען צום שפּאַדל מיטן רידל!

הורוויץ קוקט־אָן זײַן פֿרײַנד, ער וויל עפּעס זאָגן. נאָר באַמערקנ־דיק די פֿלאַמענדיקע רויטע פֿלעקן אויף זײַן פּנים, וואָס זאָגן־עדות אויף זײַנע לונגען, דאָס הייליקע פֿײַערל אין זײַנע אויגן און די ערנסטקייט אויף זײַן פּנים, האָט ער דאָס מאָל פֿאַרבויגן. ער האָט נאָר אַ טיפֿן קרעכץ געטאָן. דאָס איז געווען די ערשטע קאָנצעסיע, וואָס דער לערער האָט געמאַכט פֿאַר ארץ־ישׂראל, און דאָס נישט, חלילה, צוליב ארץ־ישׂראל, נאָר צוליב זײַן קראַנקן פֿרײַנד, אויף וועלכן ער האָט איצט גרויס רחמנות געהאַט.

— און וואָס זאָגסטו, שלמה? — פֿרעגט אים דער פֿרײַנד.

דער לערער האָט זיך פֿאַרטראַכט, געמיט זיך אויסצוגעפֿינען אַ וואָרט און אַ טאָן, וואָס זאָלן ווײניקסטנס ווי טאָן זײַן פֿרײַנד.

— און וואָס וועסטו טאָן מיט דײַנע לונגען? איך מיין, וואָס וועלן דײַנע... — ענדיקט דער לערער נישט דעם זאַץ.

— מײַנע לונגען? ווער הערט זיי? נאָר אײנער, אין ארץ־ישׂראל ווערט מען צוריק געזונט! — שרײַבט מיר אַ פֿרײַנד פֿון אַ קבֿוצה. סוכאָטעס דאָ געהאַט, שוין נישט געגעבן קיין צווייער פֿאַר אים — דאָך געזונט געוואָרן פֿון דער אַרבעט. וועסט מיך נאָך זען, שלמה, וועסט מיך זען שטיין מיט אַ האַק און אַ רידל איבער די פֿעלדער פֿון יהודה, און איך וועל אויפֿגראָבן די ארץ־ישׂראל־ערד, אָט מיט די הענט. און קעניגשטיין ציט־אויס אַ פּאָר שטעקנס, וואָס דערוועקן אַ שרעק און אַ ווייטיק מיט זייער קרענקלעכער דינקייט. — וועסט מיך נאָך זען. איך בין אַ געזונטער מענטש... — און ער צעהוסט זיך אַזוי, אַז דער לערער מיינט, ער גייט שוין אויס אונטער זײַנע הענט.

דער לערער האָט געשוויגן, פֿאַרטראַכט געקוקט אויף זײַן פֿרײַנד מיט אַ ווייטיקדיק מיטלייד. געזען זײַנע שוואַכע הענט, די רויטע רויזן אויפֿן פּנים און געהערט דעם הוסט, וואָס האָט אים געשטיקט, געקלערט, געקלערט און זיך אָנגערופֿן:

— פֿאַר וואָס זאָלסטו, אײגנטלעך, נישט קאָנען באַאַרבעטן די ערד ווי יעדער אײנער? הײַנט דאַרף מען נישט דווקא זײַן אַ פּויער דערצו. די וויסנשאַפֿט האָט אויסגעפֿונען אַנדערע מיטלען, ווי אַזוי

די ערד צו באַאַרבעטן, אַזעלכע מאַשינען, וואָס דער מענטש דאַרף דערביי גאָר נישט טאָן, נאָר באַניצן זיין שכל. אין אַמעריקע באַאַר־בעט מען שוין אַזוי די ערד.

— דו הערסט, שלמה? — איז קעניגשטיין אַריין אין התפּעלות און שיעור זיך נישט געוואָרפן אויף זיין פריינד האַלדזן — ווען איך האָב הונדערט רובל מיין אייגנס, הונדערט רובל, לאָז איך איבער ווייב־און־קינדער, און לאָז זיך אַראָפּ בלויז אָנקוקן נאָר. אַז איך לייען וועגן דאָרטן, ווי זיי גייען־אַרויס אין דער פרי צו דער אַרבעט מיט געזאַנג, קען איך נישט רויק אײַנזיצן. איך וואָלט עס נאָך גע־וואָלט דערלעבן צו זען איין־איינציק מאָל מיט מיינע אויגן אידער איך וועל שטאַרבן. גאָט! — האָט זיך דער אַפּיקורס פאַרגעסן, אַרויס־געשריגן דאָס שרעקלעכע וואָרט און פאַרהאַלטן זיך מיט די הענט די אויגן.

דער לערער האָט אים געלאָזט שוין אַלץ אַרויסשרייען און אים צוגעגעבן טרייסט:

— פאַר וואָס, אייגנטלעך, זאָלסטו דיין אידעאַל נישט דערגרייכן? וואָס, ס'ליגט הינטער די הרי־חושך? אין הײַנטיקע צייטן, איבער אַדעס, ווי ווייט איז עס גאָר? אָבער וואָס, דו מיינסט עס טאָקע מיט אַן ערנסט?

— שלמה, איך קאָן נישט לענגער אויסהאַלטן דאָ! איך קאָן נישט! עס שטיקט מיך דער גלות!

— ווען רעכנסטו צו מאַכן די נסיעה?

— באַלד נאָך פּסח. אַז איך זאָל וויסן אַפילו צו פוס צו גיין. איך וויל אַלצדינג פאַרקויפן.

— עס איז אויך נישט אַזאַ טײַערע נסיעה! — האָט זיך שוין דער לערער אין גאַנצן פאַרגעסן — וואָס קאָסט זי אין גאַנצן? און דאַרפסט טאָקע פאָרן אויך. יאָ בלייבן, נישט בלייבן — כאָטש אָנ־קוקן! איך וואָלט נישט געפאָרן. עס איז נישט פאַר מיר. נאָר דו דאַרפסט טאָקע יאָ פאָרן!

— וואָלטסט אויך געפאָרן, גלייב מיר, וואָלטסט אויך געפאָרן,

ווען דו וואָלטסט דיר עס נאָר געקאָנט דערלויבן, אָנקוקן מעגסטו דאָך סײַ־ווי־סײַ.

— און אפֿשר וואָלט איך אויך געפֿאָרן... — גיט דער לערער שווין אַלץ נאָך זײַן פֿרײַנד — עס וואָלט דאָך מיך נישט טריף גע־מאַכט.

—שלמה, ברודער! — איז זלמן אַרויף אויפֿן האַלדז פֿון זײַן פֿרײַנד — לאָמיר פֿאָרן, לאָמיר צוזאַמען פֿאָרן. דו געדענקסט, ווי מיר זײַנען געזעסן צוזאַמען אין בית־המדרש און מיר האָבן געלערנט פאה, ווי מ'גיט מעשׂר פֿון די פֿעלדער? שלמה! עס זײַנען דאָך צו־ריקגעקומען די גמרא־צײַטן. ייִדן באַאַרבעטן די ערד פֿון ארץ־ישׂראל, גיבן מעשׂר, האַלטן שמיטה. אין הויף לויפֿן דיר אַרום צוויי קעלבלעך, איינס הייסט „השחורה", דאָס צווייטע הייסט „הנאוה"... לאָמיר פֿאָרן, שלמה!

דער לערער האָט זיך דערמאָנט, אַז נאָך אַלעמען איז ער צו־ווײַט פֿאַרקראָכן צוליב דעם סענטימענט צו זײַן פֿרײַנד. ער האָט דערפֿון עגמת־נפֿש געהאַט און פֿלינק זיך אַרויסגעכאַפּט פֿון דעם עסק:

— הער נאָר, זלמן! מיך לאָז צו רו מיט דײַן ארץ־ישׂראל! דו זאָגסט, אַז דו מוזסט פֿאָרן און כ'זע דאָך טאַקע, אַז דו מוזסט פֿאָרן. ביסט פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון דער קליפּה... טאָ פֿאָר דיר געזונטער־הייט! ווי ווײַט איך וועל קאָנען, וועל איך דיר העלפֿן. נאָר מיך לאָז־אַרויס פֿון עסק. וואָס האָב איך מיט דעם צו טאָן?

— שלמה, איך האָב מורא, אַז דו האָסט מיט דעם יאָ צו טאָן!

— מאַכט ער צו אים מיטן פֿינגער אויף דער נאָז, ווי ער וואָלט אים געוואָלט שרעקן.

שפּעטער, אַז דער לערער איז געבליבן אַליין מיט זיך, האָט ער געמאַכט אַ חשבון־הנפֿש, צי ער האָט, חלילה, נישט געזינדיקט קעגן דעם פּראָגרעס און צי עס איז געווען אין הסכּם מיט זײַן געוויסן דאָס, וואָס ער איז דאָס מאָל געווען אַזוי שוואַך קעגן זײַן פֿרײַנד און נישט רעאַגירט אויף דעם רעאַקציאָנערן שריט, וואָס זײַן פֿרײַנד גייט טאָן, מיט זײַן גאַנצער שאַרפֿקייט. נאָר ווען דער לערער האָט

זיך דערמאָנט אין די רויטע פּלעקן, וואָס האָבן געבליט אויף די שפּיץ־באַקן־ביינער פון זיין פריינדס פּנים, און דאָס ליכט, וואָס האָט אַרויסגעשיינט פון זיינע אויגן בשעת־מעשה, ווען ער האָט גערעדט וועגן „השחורה" און „הנאוה", האָט ער געגעבן אַ מאַך מיט דער האַנט. דאָס איז געווען די ערשטע זינד קעגן דעם פּראָגרעס, וואָס דער לערער האָט גענומען אויף זיין געוויסן...

דערינען, ביי רחל־לאהן אין קיך, האָט מען נאָך אַלץ געהאַלטן אין איין זינגען די רעוואָלוציאָנערע לידער מיט פלאַם־און־פייער. נאָר ווען דער לערער האָט פון זיין שטוב דערהערט די שרעקלעכע ווערטער „רוסלאַנד" און „רויטע פאָן", האָט ער זיך אויפגעהויבן, איז אַריין אין קיך און געפרעגט:

— אפשר אַ ביסעלע שטילער?

דאָס האָט איבערגעריסן דעם הויכן טאָן און די לידער האָבן זיך אָנגעהויבן אויסצולעשן. דענסטמאָל האָט רחל־לאה גערופן אין איר ווינקל אַריין איר לעצטן פּראַטעזש, דעם בחור, וואָס ווינט ביים „פאַן קוויאַטקאָווסקי":

— איך האָב אייך שוין לאַנג נישט געזען. אַ פּנים דער גאָספּאָדיניעס [1] חזיר שמעקט אייך בעסער ווי מיינע באָרשטשן. וואָס הערט מען ביי אייך?

דער יונגער־מאַן איז רויט געוואָרן, נאָר ער איז שוין געווען מער דרייסטער, שוין געקוקט ווייבער גלייך אין פּנים אַריין, ווען ער האָט גערעדט מיט זיי.

— אַלץ וואָלט גוט געווען — זאָגט ער אין אַ גמרא־ניגון — איך האָב, ברוך־השם, אַ נאָכטלעגער, צו עסן אויך. זיי זיינען צו מיר זייער גוט, די גויים. אָבער וואָס וועט דער תּכלית זיין דערפון? — פרעגט ער אַ באַזאָרגטער.

— וואָס מיינט איר?

— איך מיין מכּוח לערנען. אין דער היים איז מען כאָטש געזעסן

---

[1] (פּויליש) באַלעבאָסטעס.

איבער דער גמרא, גוט צי שלעכט, האָט מען געמיינט, אַז עס איז אַ תּכלית, מען טוט עפּעס. דאָ דרייט מען זיך אַרום, צו שלאָפֿן האָט מען, צו עסן האָט מען אויך, נאָר מכּוח אַ תּכלית זאָרגט מען גאָר נישט. אַז איך שעם זיך אַזוי אָפּט פֿאַר די גויִים צו זיצן בײַ זיי אין שטוב אומזיסט, צו געניסן פֿון זייער גוטס... אַז מ׳באַלמוטשעט[2] און מ׳טוט גאָר נישט.

— וואָס ווילט איר טאָן?

— איך בין דען אַהער געקומען גלאַט אַזוי צו זײַן אין וואַרשע? איך בין דאָך אַהער געקומען זיך צו לערנען, עפּעס צו טאָן. וואָס קומט מיר אַרויס, אַז איך האָב אַלץ, אַז איך האָב נישט דעם עיקר? דער הער הורוויץ גיט מיר אַ מאָל אַ האַלבע שעה. אַוודאי איז עס זייער גוט. אָבער דעם גאַנצן טאָג פּוסט־און־פּאַס. און טייל מאָל מיין איך, אַז איך האָב שלעכט געטאָן, וואָס איך בין געקומען אַהער. אין דער היים איז דאָך כאָטש געווען די גמרא, און דאָ איז דאָך גאָר נישט. איך האָב שוין טאַקע געוואָלט ריידן מיט אײַך. איר זײַט אַזאַ גוטער מענטש.

רחל־לאה האָט געקלערט אַ מינוט. עס איז איר עפּעס אײַנגעפֿאַלן און זי האָט געזאָגט צום יונגן־מאַן:

— וואַרט נאָר אַ מינוט!

צוגעגאַנגען צו מירקינען, אים גענומען אונטערן אָרעם, אַזוי ווי עס וואָלט פֿריִער גאָר נישט געווען צווישן זיי, צוגעפֿירט אים צום יונגן־מאַן און געזאָגט צו אים:

— אָט דאָ האָט איר וואָס צו טאָן. איר האָט מיך געפֿרעגט וועגן דעם. נעמט זיך אָן פֿאַר דעם יונגן־מאַן, גיט אים לעקציעס.

— אונטער איין תּנאי! — זאָגט מירקין.

— און דאָס?

— אַז ער זאָל מיר אויך געבן לעקציעס. איך וועל אים לערנען

---

[2] מ׳פֿאַרלירט צײַט.

גוייִש און ער זאָל מיך לערנען יידיש, באַמיט זיך, זאַכאַרי, צו זאָגן די ווערטער אין יידיש.

— איר האָט געהערט? — פרעגט פרוי הורוויץ.

— אַז דער פאַן זאָל נאָר וועלן, וועל איך אַוודאי באַשטיין. פון וועז אַן?

— כאָטש פון מאָרגן! אָפגעמאַכט?

— אָפגעמאַכט.

— און דאָס איז נאָך נישט אַלץ! — זאָגט פרוי הורוויץ — פאַניע „זשאַכלינער", קומט נאָר דאָ אַהער.

דער „זשאַכלינער" האָט זיך דערנענטערט.

— דאָ האָט איר אַ מענטש — זאָגט פרוי הורוויץ — וואָס האָט אַ סך צייט, קאָן אַ סך און וויל עפּעס טאָן. נעמט אים אין די הענט אַרײַן! — ווײַזט זי אויף מירקינען.

— אַז ער זאָל נאָר וועלן, וועט זיך שוין געפינען וואָס צו טאָן.

— איך בין אויף אַלעם גרייט! — זאָגט מירקין.

— איך לאָז אײַך אַליין און רעדט זיך דורך! — זאָגט פרוי הורוויץ — לאָזט זיי אַליין אין ווינקל און נעמט זיך צו די אַנדערע.

נאָר איידער מירקין פאַרלאָזט איר שטוב מיט די אַנדערע, קושט ער איר האַנט. זי לאָזט זיך און זאָגט צו אים אין דער שטיל, ווי אין אויער אַרײַן, אַ סוד פאַר אים אַליין:

— איר זײַט נישט בייז אויף מיר?

— פאַר וואָס? — פרעגט זאַכאַרי דערשטוינט.

— דערפאַר, וואָס איך האָב אײַך פריִער אויסגעזידלט.

זאַכאַרי ווערט רויט און זאָגט פלינק:

— איר האָט מיך אויסגעהיילט! — און לויפט שנעל אַרויס פון דער שטוב.

רחל־לאה רופט אים נאָך אין קאָרידאָר:

— און זײַט מיר נישט מער קיין גאַסט, אַז נישט וועל איך זײַן בייז.

אַז ער איז אַראָפּגעקומען פון די טרעפּ, האָט ער פּלוצעם דערזען,

אַז פֿון אַלע פֿענצטערלעך פֿונעם הויף האָבן אַרויסגעשײַנט שבת־ליכטלעך. דער הויף פֿון פֿרוי הורוויץ, וואָס האָט אים שטענדיק אויסגעזען אַזוי אָרעם, האָט זיך דעם אָונט פֿאַרענדערט. דער שבת האָט אַרויסגעשײַנט פֿון די ייִדישע שטובן און דעם שבת האָט ער אויך געפֿילט אין זיך...

## אין דער שטײַג

...טאַטן און זון האָט מען צו ערשט אַרײַנגעזעצט אין איין צעל, אין „פּאַוויאַק" [3]. אויפֿן פֿאַרהער האָט מען זיי גענומען באַזונדער. מיטן פֿאָטער האָט מען נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות. נאָך צוויי־דרײַ מאָל אויספֿאָרשן האָט מען אים צו רו געלאָזט. דאָס ייִנגל אָבער האָט מען געהאַלטן אין איין שלעפּן פֿון איין זשאַנדאַרמעריע צו דער אַנדערער, געשיקט אים צוריק אין צעל און פּלוצלינג ווידער גערופֿן, אָפֿט מאָל אין מיטן דער נאַכט אַראָפּגעשלעפּט פֿון געלעגער. יעדעס מאָל, ווען דאָס ייִנגל איז צוריקגעקומען פֿון פֿאַרהער, איז ער געווען אויסערגעווייִנטלעך מיד און אָפּגעשוואַכט, דאָס פּנים בלייך, טונקל, פֿאַרביסן די ליפּן. נאָר די אויגן זײַנען געווען באַלעבט און רויט, די ווײַסל־בעלעמס אָנגעלאָפֿן מיט בלוט און די אויגן־הײַטלעך ווי צוגעשוואָלן. ער פֿלעגט זיך נאָך יעדן פֿאַרהער אַרויפֿוואַרפֿן אויפֿן שעניק [4] און באַלד אײַנשלאָפֿן, שלאָפֿן מיט אָפֿענע אויגן און שווער אָטעמען מיט זײַנע גרויסע נאָזלעכער. אַזוי ווי דאָס ייִנגל האָט נישט געזאָגט, אין וואָס מען באַשולדיקט אים, האָט אים דער פֿאָטער נישט געפֿרעגט. דער לערער הורוויץ איז נישט געווען פֿון די, וואָס זײַנען אומגעדולדיק אַרויסצווײַזן זייער נײַגעריקייט, אַפֿילו אין דעם פֿאַל.

דער לערער הורוויץ האָט אין דער צעל, ווו זיי זײַנען געזעסן, אײַנגעפֿירט אַ רעזשים, וואָס זאָל זון און פֿאָטער האַלטן באַשעפֿטיקט אַ גאַנצן טאָג. עס זײַנען געווען אויסגעטיילט שעהען פֿון פֿאַרשיידענע

[3] באַרימטע וואַרשעווער טורמע. — [4] שטרויזאַק פֿאַרן געלעגער.

לימודים. אין די פֿאַרמיטאָג־שעהען האָט דער לערער גענומען בײַ זײַן זון לעקציעס אין אַלטע שפּראַכן, גריכיש און לאַטײַניש, וועלכע דער לערער האָט זיך אונטערגענומען אויסצולערנען דורך דער צײַט פֿון זײַן געפֿאַנגענשאַפֿט. נאָך מיטאָג האָט דער פֿאָטער פֿאַרגעלייענט פֿאַרן זון גאַנצע פּרקים פֿון „פּאַן טאַדעוש" און פֿון אַנדערע פּוילישע קלאַסישע ווערק, וואָס ער האָט געקאָנט אויף אויסנווייניק, אָדער ער האָט אים געגעבן אַ שיעור פֿון יידישער מיטלעלטערישער פֿילאָסאָפֿיע. פֿון צײַט־צו־צײַט האָט זיי אַן אויג באַטראַכט דורכן „יודאַש־פֿענצ־טערל". זיי זײַנען באַלד אַזוי צוגעוווינט געוואָרן צו דעם אייביקן אויג, וואָס האָט זיי באַאָבאַכט פֿון דרויסן, אַז עס האָט זיי מער נישט געאַרט, אַזוי ווי דער, וואָס אין דרויסן, וואָלט נישט געווען קיין לע־בעדיקער מענטש, נאָר עפּעס אַ הויז־חיה, פֿאַר וועלכער מען שעמט זיך נישט אַפֿילו נאַקעט צו שטיין . .

די לעקציעס האָבן אָבער נישט לאַנג געקאָנט אָנהאַלטן. מען האָט איצט דאָס יינגל אַלץ אָפֿטער געזוכט אויף די אויספֿאַרשונגען. גאַנצע טעג פֿלעגן זיי אים ערגעץ־ווו אָפּהאַלטן, אָפֿט מאָל אַרויס־געשלעפּט בײַ נאַכט. אַז ער איז צוריקגעקומען צום פֿאָטער אין דער צעל אַרײַן, איז ער געווען אַזוי מיד, אויסגעמוטשעט, אַזוי שוואַרץ אונטער די אויגן, און זײַנע נאַזלעכער האָבן אַזוי שווער און לאַנג געאָטעמט, אַז עס האָט נישט געהאָלפֿן דעם יינגלס באַמיִען זיך צו שמייכלען און כּלומרשט אויפֿפֿאָדערן דעם פֿאָטער אָנצוהייבן אַ נײַעם לימוד.

— איך וועל די ערשטע הונדערט סטראָפֿן פֿון „אָדיסעאַ" אין אָריגינאַל פֿאַרלייענען. זאָל דער טאַטע עס אין דער פּוילישער אי־בערזעצונג נאָכזאָגן.

— ביסט איצט מיד, לייג זיך שלאָפֿן.

און דאָס יינגל איז טאַקע תּיכּף אויפֿן שעניק אַוועקגעפֿאַלן אין אַ שווערן שלאָף.

דער פֿאָטער האָט זיך איבער דער צעל געדרייט אַרויף־און־אַראָפּ און געברומט פֿאַר זיך:

— וואָס טוען זיי דאָס דאָרטן מיט אים אַזעלכעס? וואָס טוען זיי מיט אים? — און ער פּלעגט אָנהייבן ברומען פֿאַר זיך ניגונים פֿון אַמאָליקע בית־מדרש־בחורישע יאָרן, לאַנג אַרויף־און־אַראָפּ שפּרייזן, און זיי ברומען פֿאַר זיך מיט אַזאַ האַרץ־נאָגנדיקער טרויערקייט, אַז ער האָט זיך דורך זיי אַריינגעאַרבעט אין אַן אַנדערער, גײַסטיקער וועלט, און פֿאַרגעסן די צרות, און ער איז געטרייסט געוואָרן.

איין מאָל, בעת דער פֿאָטער האָט זיך אַזוי ווי אַ טרויעריקער וואָלף אַרויף־און־אַראָפּ געדרייט איבער דער צעל, דער זון איז גע־לעגן אויפֿן שעניק און האַרט געשלאָפֿן (עס איז געווען נאָך אַ פֿאַר־הער), האָט ער אָנגעהויבן צו ריידן הויך פֿון שלאָף. דאָס ייִנגל האָט דאָס עמעצן געשאָלטן מיט מיאוסע אויסדרוקן, וואָס געפֿינען זיך אין דעם רוסישן לשון. מייסטנס אָבער האָט ער געזידלט דאָס תּפֿיסה־דאָקטערל, אים אָנגערופֿן מיט אַזעלכע נעמען, וואָס האָבן דעם פֿאָטער שאָקירט און געוווּנדערט, פֿון וואַנען עס קומט צו זײַנס אַ קינד אַזאַ שפּראַך...

ער איז צוגעגאַנגען צום שעניק, דאָס ייִנגל אויפֿצוּוועקן. אין דער צעל האָט געהערשט אַן איביקע פֿאַרנאַכטיקע שאָטנקייט. די זון איז אײַנגעהאַלטן געוואָרן בײַם פֿענצטערל דורך דעם גרויען אָפּגעפּאַרבטן אײַזערנעם דאַכלאָדן, וואָס איז געהאַנגען איבערן פֿענצטערל. ער איז געווען אַ קורצזיכטיקער, דער לערער, האָט ער דעם שעניק נישט גוט געזען און איז גאַנץ נאָענט צוגעגאַנגען צום בעט, אײַנגעבויגן זיך איבערן זון. דורך אַ צופֿאַל האָט ער באַמערקט, ווי דורך דעם ייִנגלס צעריסענע הויזן רײַסן זיך שטיקער רויטע אויפֿגעפּלאַמטע פֿאַסן לײַב, ווי פֿײַערדיקע שנורן... עס האָט זיך גאָר נישט געקאָנט לייגן אויפֿן שׂכל, אַז אויף אַ לעבעדיקן מענטשנס לײַב זאָלן זיך ציִען אַזעלכע אומנאַטירלעכע פֿלאַמענדיקע שנורן, אָנגעלאָפֿן מיט בלוט־געשווי־לעכץ. דעם פֿאָטער האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דעם זונס לײַב איז נאָך אין אַ פֿיל ערגערן צושטאַנד ווי זײַנע הויזן.

ער האָט פֿאַרשטעלט דאָס פּנים מיט זײַנע הענט. ער האָט דעם זון מער נישט געוועקט. ער האָט זיך קוים צוגעוואַקלט צום פֿענצטער,

אַרויפֿגעקראָכן אויף אַ בענקל און אָנגעלענט זײַן קאָפּ אויפֿן פֿענצ־טער־לײַסטל. אַזוי איז ער אַפּגעשטאַנען אַ לאַנגע צײַט.

אַז דער זון האָט זיך דערנאָך אויפֿגעכאַפּט (ווען מען האָט זיי פֿון דרויסן עסן געבראַכט), האָט ער שוין אויסגעזען מונטערער און אויפֿגערוימט, אַזוי ווי עס וואָלט גאָר נישט געווען. ער האָט געמאַכט עפּעס אַ שפּאַס מיטן פֿאָטער. (דורך דער צײַט פֿון זייער זיצן זײַנען צווישן זיך פֿאָטער און זון נענטער געוואָרן און חבֿרישער. און דער זון האָט זיך שוין דערלויבט אַ שפּאַס צו טאָן מיטן פֿאָטער, וואָס ער וואָלט נישט געטאָן אויף דער פֿרײַ). הורוויץ איז דאָן צוגעגאַנגען צום זון, וואָס איז נאָך האַלב געלעגן אויפֿן שעניק. דער פֿאָטער האָט איצט פֿאַרשטאַנען פֿאַר וואָס דער זון זײַנער ליגט אַזוי אָפֿט און זיצט קיין מאָל נישט. ער האָט אַרויפֿגעלייגט זײַן האַנט אויפֿן יינגלס שטערן, זועלכער איז אין שלאָף פֿײַכט געוואָרן פֿון אַנגסטן. ער האָט געהאַלטן די האַנט אויפֿן זונס שטערן און ער האָט קיין וואָרט נישט אַרויס־גערעדט.

דער זון איז רויט געוואָרן אויפֿן פּנים, ווי עס וואָלט אינעווייניק אין אים אַ שׂריפֿה געברענט. ער האָט לײַכט אַראָפּגענומען דעם פֿאָ־טערס האַנט פֿון זײַן שטערן און געפֿרעגט פֿאַרוואונדערט:

— וואָס איז דעם טאַטן?

— פֿאַר וואָס האָסטו מיר נישט דערציילט, וואָס זיי טוען דאָרט מיט דיר בײַם פֿאַרהער? — האָט דער פֿאָטער פֿאַרשטעלט מיט די הענט זײַנע אויגן.

דאָס יינגל איז אין אויגנבליק בלייך געוואָרן, טונקלבלייך, אַזוי ווי די שוואַרצע ראַנדן אַרום זײַנע אויגן־רייפֿן וואָלטן אײַנגעשלונגען אין זיך דאָס רויטע פֿײַער, וואָס האָט נאָר־וואָס געברענט אויף זײַנע באַקן. ער האָט אַ טיפֿן אָטעם געגעבן מיט זײַנע נאָזלעכער. דאָס האָט נאָר געדויערט איין מינוט. באַלד האָט אַ געצוווּנגענער שמייכל באַגאָסן זײַנע גרויסע אויגן־לעכער און ער האָט זיך אָנגערופֿן מיט אַ לײַכטקייט:

— דאָס מיינט דער טאַטע ? איך האָב זיי געזאָגט, וואָס איך קלער וועגן זיי, און זיי האָבן מיר דערפֿאַר אַ ביסל די הויט צעקראַצט.

— פֿאַר וואָס טוסטו דאָס ? — האָט דער פֿאָטער אָנגעכאַפּט דעם זון ביי דער האַנט.

— זעט דער טאַטע, דאָס תּפֿיסה־דאָקטערל האָט אַזאַ פֿאַרשיווע אינטעליגענט געזיכטל. אַז עס גלוסט זיך מיר אין אים אַריינצושפּייען יעדעס מאָל, ווען איך זע אים ! פּענסנע טראָגט ער.

דער פֿאָטער האָט שוין געשוויגן.

*

די נאַכט, איידער מ׳האָט פֿאָטער און זון צעשיידט, האָט שוין דאָס יינגל געוווּסט וועגן זיין גורל. מען האָט אים דעם פּסק־דין פֿאַר־געלייענט ביי טאָג ביים פֿאַרהער, אָן אַ משפּט, לויט די ספּעציעלע פֿולמאַכטן, וואָס דער גענעראַל־גובערנאַטאָר באַזיצט דורך אַ דעקרעט פֿון צאַר. מען האָט אים געשיקט אין דער בשותּפֿותדיקער צעל אַריין צום פֿאָטער ; זיך צו געזעגענען מיט אים — האָבן זיי אים געזאָגט. דעם טאָג האָבן זיי אים נישט געפּייניקט און דאָס יינגל איז נישט געוועזן אַזוי פֿיזיש מיד ווי אַן אַנדערש מאָל, ווען ער איז צוריקגעקומען פֿון דער אויספֿאָרשונג.

ווען ער איז צוריקגעקומען צום פֿאָטער אין דער צעל, איז ער געוועזן אויסערגעוויינלעך באַלעבט. ער האָט זיך ניט ווי אַן אַנדערש מאָל אַרויפֿגעוואָרפֿן אויפֿן שעניק, נאָר ער האָט אָנגעהויבן צו גיין מיט פֿלינקע טריט הין־און־צוריק, ווי אַ יונגער לייב אין אַ שטייג. דער פֿאָטער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז היינט איז עפּעס געשען מיט זיין זון אויסערגעוויינלעכס. ער האָט אַלץ געוואַרט ביז דער זון וועט אים זאָגן. נאָר דער זון האָט אים נישט געזאָגט.

פֿיר שעה איז ער געזעסן מיטן פֿאָטער צוזאַמען. דורך דער צייט האָט ער פֿאַרן פֿאָטער געלייענט הונדערט סטראָפֿן פֿון „אָדיסיי״ אין גריכיש פֿון אויסווייניק מיט אַ באַטאָנונג און באַלעבונג, וואָס האָט דעם פֿאָטער געוווּנדערט. דער פֿאָטער האָט אַלץ געוואַרט אויף ניים,

נאָר ער האָט גאָר נישט געזאָגט. נאָר אין מיטן דערינען איז ער גע־גאַנגען אַ העמד איבערבײַטן. ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אינעם טונ־קלסטן ווינקל פֿון דער צעל און געשטעלט זיך אין אַ שאָטן אַרײַן, אַז דער פֿאָטער זאָל זײַן נאַקעט לײַב ניט זען. האָט זיך דער פֿאָטער פֿאַרוווּנדערט און אים געפֿרעגט:

— וואָס עפּעס אין מיטן דערינען אַ העמד אין מיטן דער וואָך?

— זיי וועלן מיך אַוודאי הײַנט צונעמען פֿון טאַטן. זיי האָבן וועגן דעם גערעדט אויפֿן פֿאַרהער. זיי ווילן מיך אין „צענטן פּאַווי־ליאָן" [5] אַריבערפֿירן.

דער פֿאָטער האָט זיך האַסטיקער אָנגעהויבן איבער דער קאַמער צו דרייען און זײַן גמרא־ניגון, וואָס ער האָט נישט אויפֿגעהערט צו ברומען אין תּפֿיסה, איז געוואָרן טרויעריקער און ערנסטער.

— אַז זיי פֿירן־איבער אין „צענטן פּאַווילִיאָן", איז בעסער. עס הייסט, אַז די אויספֿאָרשונג איז געענדיקט, און מען וועט וויסן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

— יאָ, האָסט אפֿשר רעכט.

פֿאָטער און זון האָבן געשוויגן.

נאָר לאַנג האָבן זיי ביידע די שטילקייט נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן.

— זאָל דער טאַטע מיר עפּעס זאָגן וועגן יענעם יידישן פֿילאָסאָף, וועגן וועלכן דער טאַטע האָט מיר נעכטן דערציילט.

— דו מיינסט וועגן שלמה בן־גבירול און זײַן אויפֿפֿאַסונג פֿון דער געטלעכקייט?

דער פֿאָטער האָט לאַנג גערעדט מיט אַ לערערישער געדולדיקייט און געניקייט וועגן שלמה בן־גבירולס פֿילאָסאָפֿישער שיטה און זײַן סיסטעם וועגן דער געטלעכקייט.

— און דער טאַטע גלייבט אין לעבן פֿון דער נשמה נאָכן טויט?

דער פֿאָטער איז בלייך געוואָרן:

---

[5] דער געפֿערלעכסטער פּאַוויליאָן פֿון דער ציטאַדעל אין וואַרשע, ווו עס זײַנען אַרויסגעטראָגן געוואָרן די מערסטע טויט־אורטיילן.

— וואָס אינטערעסירט דיך דאָס צו וויסן?

דאָס ייִנגל איז אויך בלייך געוואָרן:

— איך מיין, ווי עס איז נאָך דער ייִדישער רעליגיע? איז דאָ אַ צווייטע וועלט? דאַכט זיך, אין אַלטן טעסטאַמענט, אין דער ביבל, איז פֿון אַ צווייטער וועלט גאָר נישט דערמאָנט. איז עס נישט אַזוי, טאַטע?

דער פֿאָטער האָט אים דערקלערט די אויפֿפֿאַסונג פֿון אַ צווייטן לעבן אין דער ייִדישער רעליגיע, ווי זי האָט זיך אַנטוויקלט שפּעטער אין גלות בבל און געקומען צו איר הייך אונטער דעם דרוק פֿון די רוימער בײַם צווייטן בית־המקדש. ער צעלייגט עס אויף טעלערלעך. נאָר עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז דער זון הערט אים נישט.

— וועגן וואָס קלערסטו דאָס, אייגנטלעך? — פֿרעגט אים דער פֿאָטער.

— מיר דאַכט זיך — ענטפֿערט דער זון פּלוצלינג מיט פֿײַער — אַז וועגן טויט, וועגן לעבן פֿון דער נשמה אין אַ צווייטער וועלט, קלערן נאָר מענטשן, וואָס האָבן גאָר נישט וואָס צו טאָן, רײַכע און פֿאַרמעגלעכע און שטאַרקע. נאָך אַלעמען, איז דאָך דאָס אַ לוקסוסזאַך צו קלערן וועגן טויט, וועגן נשמה, אַ מין באַלעמוטשען. אַן אָרעמער מענטש קאָן זיך דאָס גאָר נישט פֿאַרגינען. ער נעמט דעם טויט, ווען ער קומט, אַזוי ווי ער איז, פֿאַר אַ נויטווענדיקייט, אַזוי ווי ער נעמט זײַן לעבן. נאָך אַלעמען, וואָס איז דער טויט פֿאַר די, וועלכע גלייבן, אַז זיי זײַנען באַהעפֿט אין לעבן מיט טויזנטער און מיליאָנען אַנדערע לעבנס, וואָס זייערע צילן און צוועקן זײַנען די זעלביקע? די גראָבן־אונטער די אַלטע פֿאַרפֿוילטע וועלט און שטרעבן צו באַשאַפֿן אַ בעסערע און אַ שענערע וועלט פֿאַר אַלע מענטשן. ווען איך גיי־אונטער, ווער פֿאַרניכטעט, לעב איך דאָך טויזנט מאָל אין די דאָזיקע טויזנטער און מיליאָנען, וואָס טראָגן ווײַטער מײַן באַגער און ווילן, מײַן קאַמף, מײַן אַלץ, וואָס איך האָב צו דערגרייכן יענעם ציל. מורא האָבן פֿאַרן טויט האָבן נאָר מורא די איינזאַמע מפֿונקים, די נידערטרעכטיקע לײַדיקגייערס, וואָס האָבן גאָר נישט אין זייער לעבן, נאָר זיך אַליין.

אַ מענטש, וואָס באַלאַנגט צו אַן אידעאַל, וואָס האָט עפּעס אין לעבן — ער לעבט ווײַטער, אַ סך שטאַרקער און מעכטיקער, צוזאַמען מיט זײַן אידעאַל אין לעבן.

נישט די ווערטער, נאָר דער באַלעבטער טאָן, די פֿלאַקערנדיקע אויגן פֿונעם יינגל האָבן דעם פֿאָטערס האַרץ צעטרייסלט. עס איז געוועזן אַזוי ווי דאָס יינגל וואָלט זיך געוואָלט קעגן עמעצן אָן מיט ווערטער האָט ער זיך אַליין געטרייסט, זיך געוואָלט מוט געבן, זיך אַליין שטאַרקן. דער פֿאָטער האָט טיף געבויגן דעם קאָפּ צו דער ערד און אים גאָר נישט אָפּגעענטפֿערט.

שפּעטער, אַז זיי זײַנען געקומען נאָך אים, האָט ער פֿון קישן אַראָפּגענומען אַ ריין-געוואַשן האַנטעך, וואָס מען האָט אים געהאַט פֿון דער היים אַרײַנגעשיקט, און צוגעלייגט זיך עס אונטער דער קלאַפּע פֿון זײַן גימנאַזיסטן-מונדיר אויף זײַן העמד.

— וואָס נעמסטו עפּעס מיט בלויז אַ האַנטעך? — פֿרעגט אים דער פֿאָטער.

— די איבעריקע זאַכן וועט איר מיר קאָנען צושיקן.

ער האָט דעם פֿאָטער די האַנט דערלאַנגט.

— און ווען וועל איך ריך ווידער זען? — האָט זיך דער פֿאָטער מער נישט געקאָנט קאָנטראָלירן.

— מיינט דער טאַטע, אַז זיי קאָנען אונדז האַלטן לאַנג צעשיידט? עס וועט דען פֿאַר דעם זיי קלעקן צעלן?

דער פֿאָטער האָט נישט פֿאַרשטאַנען:

— וואָס מיינסטו, דוד?

— אין דרויסן זײַנען דאָ מיליאָנען, וואָס וועלן ווײַטער קומען נאָך אונדז, ווען מיר וועלן שוין ניט זײַן! — האָט ער דעם פֿאָטער צוגעוואָרפֿן און איז פֿלינק אַרויס נאָך די זעלנער, וואָס זײַנען געקומען נאָך אים.

פֿאַרן יינגלס אַוועקגיין האָט דער פֿאָטער ווי אַ רוח געשפּרײַזט מיט אימפּעט אַרויף-און-אַראָפּ איבער דער צעל און מיט אַ דערהוי-

בענער שטים איצט געברומט זײַן טרויעריקן גמרא־ניגון, ווי אַמאָל בײַם לערנען, אַזוי אַז „דער אין דרויסן" האָט אים דורך דעם „יודאַש־לעכל" אויפגעפּאָדערט צו זײַן שטיל.

יוסף רובינשטיין

## שילדן אויף די נאַלעווקעס [1]

אַ געיעג,
אַ געשלעג,
אין דער אײַלעניש ווילד —
אַ שילד יאָגט אַ שילד:

איינער פֿאַרקראָכן איז אויף אַ באַלקאָן,
אַ צווייטער — ער ווייס נישט וואָס האָט ער צו טאָן,
ער הענגט אויף אַ האָר דאָרט, אָט פֿאַלט ער אַראָפּ.
אַ בילדל באַמאָלט מיט אַ קינדערשן קאָפּ,
צעשראָקן און קרום,
קוקט פֿאַרוואונדערט זיך אום.

אַ טומל, אַ גוואַלד, איבער טירן און ווענט
יאָגן זיך שילדן, ווי ס'וואָלט דאָ געברענט,
אַ שילדל פֿון שעלקעס [2] האָט שנעל אין געיעג
פֿאַרבאַהאַלטן זיך הינטער אַ דאַמען־גאָרסעט
און שוידערט פֿאַר שרעק.

אַ שילד, אַ פֿאַרשמאַכטער, פֿאַרחלשט, פֿאַרשטויבט,
אַ דאָרשטיקער טרינקט ער פֿון קוואַליקער שויב.

---

[1] פּאָפּולערע יידישע גאַס אין וואַרשע פאַרן חורבן. — [2] שלייקעס.

אַ שילד פֿון אַ ליטוואַק, געלאַסן און קאַלט,
ער בייזערט גאָר, דוכט זיך: — אוי, ייִדן, געוואַלד!
ס'איז אַלץ דאָך קאַפּויער, אָט קוקט: ביַים קאַרניז
פֿון זאָקן אַ שילד הענגט אַרויף מיט די פֿיס
און אונטן אויף טיר פֿון דעם קעלער אַראָפּ,
אַ קאַפּעליוש־שילד הענגט פֿאַרקערט מיטן קאָפּ.

1936

אפרים קאַגאַנאָווסקי

# אַ קרובה פון דער פּראָווינץ

צום ערגסטן איז געווען מיט וויַיטע קרובֿים פֿון דער פּראָווינץ, וואָס פֿלעגן אַראָפּפֿאַלן אין איין שיינעם טאָג. „קאָמישע פּאַרשוינען", „ווילדע בריות", וואָס מ'האָט זיך מיט זיי באַדאַרפֿט אַרומפֿירן.

די ליַיטישע ייִדישע שטובן אין וואַרשע, וואָס האָבן אַליין גע־שטאַמט פֿון קליינע שטעטלעך, האָבן צום מיינסטן מורא געהאַט פֿאַר די געשוועסטער־ און גליד־געשוועסטער־קינדער, וואָס זיַינען אַראָפּגעפֿאַלן מיט זייערע זעקלעך און פּעקלעך גראָד, ווען עס זיַינען געווען אַריסטאָקראַטישע געסט, אָדער ווען מ'האָט געהאַלטן ביַים שליסן אַ „גרויסאַרטיקן שידוך".

אויך צו דער פֿאַמיליע נ. אין וואַרשע האָט באַדאַרפֿט פֿון דער פּראָווינץ אַראָפּקומען עפּעס אַ קוזינע. אַ מיידל פֿון אַ יאָר פֿינף־און־צוואַנציק, וואָס האָט געהייסן פּאָלטשע.

אַ לאַנגע ציַיט זיַינען געגאַנגען בריוו. עס האָבן געשריבן די עלטערן פֿון דעם מיידל פּאָלטשע וועגן דעם, אַז זי „זמאַרנעוועט"[1] אירע יונגע יאָרן מיט איר שיינקייט אויף דער פּראָווינץ"... אַז

---

[1] צעפּטרט, מאַכט אַ תל.

זי איז שיין און געבילדעט און האָט נישט מיט וועמען צו פֿאַרברענ־גען; אַז די טײַערע קוזינקעס און די טײַערע מומע מיטן טײַערן פֿעטער וועלן זיך, חלילה, נישט דאַרפֿן מיט איר שעמען... און צום סוף האָט די פּראָווינצער מאַמע, וואָס איז געווען אַ שוועסטער פֿונעם ה׳ ג., צוגעשריבן מיט קרומע שורהלעך, האַלב דײַטשמעריש, ווי עס פּאַסט צו שרײַבן צו אַזעלכע מענטשן אין אַ גרויסער שטאָט, אַז: „דאָס מעדכען פֿאַרדינסט דאָס אויג... זי בליט ווי איינע בלומע". און אַז „גאָט וועט העלפֿן, וועט זי אפשר אין דער גרויסער שטאָט געפֿינען איר באַשערטן... אָמן!..."

די פֿאַמיליע ג. אין וואַרשע האָט פֿאַר דער קוזינע פּאָלטשע פֿון דער פּראָווינץ קיין סך אָרט נישט געקאָנט אָנגרייטן. די אַלטע שטוב איז באַשטאַנען פֿון פֿיר צימערן. דערויף זײַנען אין דער שטוב, אַ חוץ די עלטערן, נאָך געווען פֿיר דערוואַקסענע טעכטער און צוויי זין. און ווען ס׳איז געקומען די נאַכט, איז מען געשלאָפֿן אויף קאַנאַפּעס, אויף אויפֿשטעל־בעטלעך און אַפֿילו אויף צונויפֿ־גערוקטע שטולן.

די פֿיר טעכטער, יאַדזשע די סטודענטקע און מאַדזשע די אַפּ־ליקאַנטקע, עלאַ די בוכהאַלטערקע און בעלאַ די מאַניקורזשיסטקע, אַלע זײַנען געווען דערפֿאַר, אַז מען זאָל אַראָפּברענגען די קוזינקע פֿון דער פּראָווינץ. און די צוויי זין, אַראַש און מיכאַש, וועלכע האָבן אַלע יאָרן געזוכט פֿאַכן, וואָס זאָלן זײַן גוט אין די ווײַטע לענדער, האָבן זיך שוין אויך אַרײַנגעמישט:

— זאָל זי שוין קומען... לאָמיר זי שוין אָנקוקן... די גאַנדז...

און יעדער פֿון די גרויסשטאָטישע האָט גרויסמוטיק עפּעס צו־געזאָגט פֿאַר דעם אָרעמען פּראָווינצער מיידל, נעבעך:

— איך קאָן זיך מיט איר נישט אַרומפֿירן... איך קאָן זי נעמען איין מאָל אין קינאָ און שוין.

— און איך וועל זי נעמען איין מאָל אין טעאַטער...

די טעכטער האָבן זיך אָפּיאַרעוועט[2], זי מיטצונעמען אויף אַ דאַנסינג, און אַפילו די דינסט מאַלגאָשאַ האָט גרויסמוטיק זיך אונ־טערגענומען, זונטיק זי צו פירן איר אַ ביסל ווײַזן די שטאָט...

אַזוי איז געבליבן.

אָבער ווי מען וועט זי לייגן שלאָפן, האָט מען נאָך אַלץ נישט געוווּסט. דערבײַ האָבן די ייִנגלעך געמאַכט צווייטײַטיקע וויצן. מ׳האָט געלאַכט און די טעכטער האָבן געזאָגט, אַז אַלץ יאָ, אָבער שלאָפן מיט איר אין איין בעט — דאָס קאָן מען פון זיי נישט פאַר־לאַנגען... דאָס נישט... דערבײַ האָט די דינסט מאַלגאָשע ווידער אַרויסגעוויזן איר גוט האַרץ און פֿײַערלעך דערקלערט, אַז ווען די פּאַניענקע פון דער פּראָווינץ וועט קומען, וועט זי זי לייגן שלאָפן בײַ זיך אין דער קיך... זי וועט איר אויסבעטן... און ס׳וועט שוין זײַן גוט...

נאָך דעם האָט דער „הער" געשריבן צו זײַן שוועסטער אינעם קליינעם שטעטל אַרײַן, אַז זי זאָל שיקן דאָס מיידל... „כאָטש ס׳איז ענג... נאָר מען וועט זיך אַן עצה געבן... אַז זי זאָל אַכטונג געבן... אַז דאָס מיידל זאָל נישט פאַרבלאָנדזשען... אַז די שטאָט איז גרויס... פאַרשיידענע זאַכן פּאַסירן..."

די טעכטער מיט די זין זײַנען געשטאַנען איבערן פאָטער, ווען ער האָט געשריבן דעם בריוו און אים געוואָרנט:

— אָבער זאָל דער טאַטעשי געדענקען, אַז מער ווי איין מאָל וועל איך נישט זײַן מיט איר...

— און איך וועל זיך אויך מיט איר נישט אַרומפירן...

— און איך האָב געזאָגט, אַז כ׳וועל גיין מיט איר אין קינאָ... איין מאָל... אָבער מער נישט...

דער בריוו איז אַוועקגעגאַנגען.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אָנגעקלונגען בײַ דער טיר. די דינסט מאַלגאָשאַ איז אַרײַנגעלאָפן אַ פאַרסאָפּעטע:

---

[2] מקריב געווען.

— עפּעס אַ פּאַן... אַזאַ פּזשיסטאָינער[3]... אַזאַ עלעגאַנט־סקע... פֿרעגט זיך אויף דער פּאַניענקע...

— אויף וועלכער פּאַניענקע?

אַלע פֿיר טעכטער, יאַדזשאַ און מאַדזשאַ, עלאַ און בעלאַ, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אינעם פֿאָדער־צימער, ווו מיטן הוט אין דער האַנט, פֿאַרלייגט איין פֿוס אויפֿן אַנדערן, איז געשטאַנען אַן אויסגעגלאַנצטער, הויכער יונגער־מאַן. ער האָט זיך אַ נייג געטאָן און געפֿרעגט:

— איך וואָלט געוואָלט זען די פֿרײַלין פּאָלטשע פֿונעם שטעטל... איז זי שוין געקומען?...

— ביטע... פּראָשען[4] — האָבן אַלע פֿיר אויסגעזונגען — זאָל דער הער אַרײַנגיין... זיך אַוועקזעצן...

דער הער האָט זיך אָבער נישט גערירט פֿונעם אָרט.

— די פֿרײַלין פּאָלטשע...

— יאָ, דאָס הייסט, זי דאַרף קומען... מיר האָבן זי פֿאַרבעטן...

און יאַדזשע, די סטודענטקע, האָט אַ זאָג געטאָן:

— מיר ווילן זי אַ ביסל האַלטן אין דער גרויסער שטאָט...

און מאַדזשאַ, די אַפּליקאַנטקע:

— אַ שאָד... אַ יונג מיידל אין דער פּראָווינץ...

און עלאַ, די בוכהאַלטערקע:

— איך האָב זי געוואָלט מאַכן אַ ביסל זעלבשטענדיק...

און בעלאַ, די מאַניקורזשיסטקע:

— אַ ביסל איר ווײַזן דאָס לעבן...

דאָ האָט דער יונגער־מאַן אַ זאָג געטאָן:

— אָ, דאָס וועט איר נישט פֿעלן... פֿאַרווײַלונגען... טעאַטער... איך בין אַליין אַן אַרטיסט אין היגן טעאַטער... און אַלע טעאַטערס וועלן פֿאַר איר זײַן פֿרײַ...

[3] אַ הער, אַ חשובער מענטש, מיט אַ שטעל. — [4] איך בעט (זײַט אַזוי גוט).

די פֿיר שוועסטער האָבן קוים געכאַפּט דעם אָטעם. מ׳האָט זיך גענומען קנײַפּן און איינע האָט געשטופּט די צווייטע און געוווּנקען, אַז מען זאָל אים פֿאַרהאַלטן, אָבער איידער וואָס־ווען האָט דער יונגער־מאַן אַ מרוקע־געטאָן:

— אַנטשולדיקט...

און איז פֿאַרשוווּנדן.

ס׳האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ גרויסער רעש. אַלע שוועסטער האָבן גערעדט צוזאַמען:

— וואָס פֿאַר אַ שיינער יונגער־מאַן...

— וואָס פֿאַר אַ אויגן...

— וואָס פֿאַר אַ גלאָס... וואָס פֿאַר אַ שטימע...

— ווי עלעגאַנט...

— מ׳זעט באַלד... אַן אַרטיסט...

— ער האָט כּסדר געקוקט אויף מיר...

— ער האָט דיך אַפֿילו נישט געזען...

— פֿון מיר האָט ער קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזן...

— אַוודאי... ער האָט נאָך קיין שענערס נישט געזען...

— ווי קומען צו דער פֿאַלטשען אַזעלכע באַקאַנטע?...

— כ׳וואָלט זי שוין געוואָלט זען...

— איר ווייסט, וואָס איך וועל אײַך זאָגן... אַז זי פּושטשעט[5] זיך געוויס...

— ווער ווייסט, ווי זי פֿירט זיך אויף... מען וועט אונדז נאָך צוליב איר באַריידן... ווען נישט, וואָלט אַזאַ אַרטיסט צו איר נישט געקומען... ווײַל די קומען נאָר צו אַזעלכע..

און נאָך איידער מען האָט זיך אָפּגערעדט פֿונעם האַרץ, האָט מען ווידער אָנגעקלונגען בײַ דער טיר. דאָס מאָל איז אויף דער שוועל געשטאַנען אַ צווייטער יונגער־מאַן. ער האָט גלײַך אַ פֿרעג געטאָן:

[5] לאָזט צו זיך צו.

—קאָן איך זען די פֿרײַלײַן פּאָלע ?... זי האָט מיר געשריבן, אַז זי וועט דאָ וווינען...

דער יונגער־מאַן איז אויך אַלעמען געפֿעלן און די שוועסטער האָט זיך אײַנגעגעבן אים אַרײַנצופֿירן אין דעם ערשטן צימער. דאָ האָבן זיך אַלע אַרומגעזעצט, דער יונגער־מאַן האָט זיך אָבער גע־דרייט אין אַלע זײַטן, ווי ער וואָלט נאָר געזוכט די פֿרײַלײַן פּאָלע.

— זי האָט מיר געשריבן, אַז זי פֿאָרט־אַרויס... אַך, ווי איך וואָלט זי שוין געוואָלט זען... איך האָב זיך מיט איר באַקענט, ווען איך בין געוועזן צו גאַסט אינעם שטעטל ל... מײַנע עלטערן וווינען אין אַ דערבײַיקן שטעטל... דאָרט איז זייער שיין... איך האָב דאָרט געפֿירט אַ פּראָצעס אַלס אַדוואָקאַט . . מיר פֿלעגן מיט דער פֿרײַלײַן פּאָלע מאַכן אויספֿלוגן... פֿון דעמאָלט־אָן שרײַבן מיר זיך איבער... דאָ, אין וואַרשע, זײַנען דאָ נאָך צוויי קאָלעגן .. אַדוואָקאַטן, וואָס ווילן זי זייער זען... און איינער קומט ספּעציעל אַהער פֿון לובלין, כּדי זיך מיט איר צו זען... אָבער מיר ווען זי שוין נישט אָפּלאָזן... מיר האָבן פֿאַר איר אַ ספּעציעלן אָוונט...

— זי איז אַ שיינע ? — האָט מאַדזשאַ אַ פֿרעג געטאָן.

— צי די פֿרײַלײַן פּאָלע איז אַ שיינע... וואָס הייסט ?... איר קאָנט זי נישט ?... זי איז נישט נאָר אַ שיינע... זי איז...

— זי איז אונדזער אַן אייגענע... אַן אייגענע קוזינקע... מיר האַלטן זי אַזוי ווי אַ שוועסטער... — האָבן אַלע טעכטער צוזאַמען אויסגעשריגן.

— אַזוי... זייער אײַנגענעם...

און דער יונגער־מאַן איז פֿאַרשוווּנדן.

*

פֿון דעם טאָג אָן האָט די טיר נישט געררוט. עס זײַנען געקומען יונגע־לײַט פֿון פֿאַרשיידענעם אויסזען, נידעריקע און הויכע, שלאַנ־קע און דיקע, יונגע און עלטערע. זיי זײַנען געגאַנגען ווי פֿאַרכּי־שופֿטע. זיי האָבן געזוכט די פֿרײַלײַן פּאָלטשע פֿונעם שטעטל ל.

אַלע האָבן באַקומען בריוו אָדער ידיעות וועגן איר קומען אַהער. יעדער פֿון זיי האָט זי ערגעץ־ווו, געזען אין די אַרומיקע שטעטלעך אויף אָוונטן, אויף אויספֿלוגן און שפּאַצירן און קיינער האָט זי שוין נישט געקאָנט מער פֿאַרגעסן. די פֿיר שוועסטער, יאַדזשאַ און מאַדזשאַ, עלאַ און בעלאַ, האָבן כסדר אויפֿגענומען געסט צו דער קוזינקע פּאָלטשע. מ׳האָט זיך אָנגעטאָן יום־טובֿדיק. מ׳האָט זיך „גע־מאַכט" די אויגן מיט די האָר און ביי יעדן קלונג האָט מען זיך אויסגעשטעלט אינעם פֿאַרצימער אַזוי ווי אויף אַ פּאַראַד.

אַזוי זיינען אַדורך עטלעכע טעג. אין פֿאַרצימער האָבן כסדר געברענט ליכט, אַלע פּאָר שעה זיינען געקומען געסט צו דער פֿריי־לײַן פּאָלע. פֿאַרנאַכט־צו האָט מען אָנגעקלונגען ביי דער טיר און אַ שיקייִנגל האָט אַרײַנגעשטעלט אַ ריזיקן קויש בלומען מיט אַ צוגעבונדן קאַרטל פֿאַר דער פֿרײַלײַן פּאָלטשע.

— אַ קויש בלומען...

אַ קעסל האָט געקאָכט אין דער שטוב. די דינסט מאַלגאָשאַ האָט אָנגעטאָן אַ ווײַס פֿאַרטעך און ווען ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויף דער וויזיט־קאַרטע ביי די בלומען איז געווען אָנגעגעבן אַ קריסטלעכער נאָמען, דעמאָלט איז די טאָכטער מאַדזשאַ אַרײַנגע־לאָפֿן צו דער מוטער און אויסגעשריגן:

— מאַמושאַ... איך וויל נישט, אַז אין אונדזער שטוב זאָל ווינען אַזאַ פּאַנבע...

און אָט האָט זיך געעפֿנט די טיר און דער סטרוזש פֿראַנצישעק האָט אַרײַנגעטראָגן צוויי וואַליזעס. באַלד האָט זיך דערהערט אַ פֿרישע, יונגע, קלינגענדיקע שטים. דאָס איז געווען פּאָלטשע.

זי האָט זיך אָפּגעקושט מיט אַלע קוזינעס, מיט דער מומע און מיטן פֿעטער. און ערשט איצט האָבן אַלע דערזען, אַז זי איז אַ פֿרישע, הויך־געוואַקסענע מויד, מיט אַ ראָזער, פֿרישער הויט און אַ פֿריש מויל מיט בלאַנקענדיקע ציין. די טעכטער האָבן זי באַטראַכט שטיל, מיט אײַנגעגעסענע בליקן. זיי האָבן שוין געוווּסט, ווו עס ליגט דער כישוף, וואָס רופֿט צו איר די אַלע מענער. זיי האָבן געמאָסטן

איר לײַב, אירע האָר, אירע ציין און אירע אויגן. און מיט אַ מאָל האָבן זיי דערזען, אַז דאָס פּראָווינצער מיידל איז אָנגעטאָן לויט דער לעצטער מאָדע. די שטאָטישע טעכטער האָבן אָנגעהויבן טאַפּן דעם שטאָף פֿון איר קלייד. מען האָט געטאַפּט טרוקן און זאַכלעך, אָנרירנדיק דערבײַ איר לײַב, ווי מען וואָלט געוואָלט דערטאַפּן צי עס איז עכט.

פּאָלטשע איז געזעסן, בלאַנקענדיק מיט איר פֿרישער און געזונטער שיינקייט. זי האָט רויִק אויפֿגענומען די מעלדונגען וועגן די אַלע מענער, וואָס זײַנען געקומען פֿרעגן אויף איר.

— אָט, אַזוי... און דער איז אויך געווען...

*

און שוין די ערשטע נאַכט האָט זיך יעדע פֿון די טעכטער געריסן, איר אָפּצוטרעטן דאָס בעט.

אויף מאָרגן באַלד אין דער פֿרי איז געקומען אַן עלעגאַנטער יונגער־מאַן און זי צוגענומען. איר מיטאָג איז געבליבן שטיין, ווײַל זי האָט געגעסן אין גאַס. זי איז נאָר געקומען זיך איבערטאָן. דעמאָלט זײַנען די גרויסשטאָטישע מיידלעך געשטאַנען אַרום איר און זי האָט אויסגערעכנט די נעמען פֿון די אַלע לאָקאַלן, קאַפֿעען און פּלעצער, וואָס זי האָט באַוויזן צו באַזוכן. דאָס זײַנען געווען נעמען פֿון ערטער, וועלכע די וואַרשעווער טעכטער האָבן צום ערשטן מאָל געהערט.

מאַטעס אַליצקי

## אַ נאַכט אין פּאַרק

עס אָטעמט שטענדיק מיט אומעטיקער רו,
און ביימער לעשן זיך אין שטילן שווײַגן;

אָונגט פיבערט וואַרשע אין עלעקטריש ליכט,
דינט די נאַכט אַראָפּ פון מידע צווייַגן.

מייַן יונג געמיט צעעפנט זיך איצט און וואַך,
און וויקלט זיך אין אומרו און אין שאָטנס.
פיל איך, ווי עס רינט־אַריַין אין מיר די נאַכט
און הייסער ווערט אויף קאַלטן שטיין מייַן טראָט.

וואַרשע 1935

ה. ד. נאָמבערג

# די משפחה

## אין 4 אַקטן

### באַטייליקטע

גדליה פינקעלגרין
חיה — זייַן ווייַב
נחום, סאָניע, עטאַ — זייערע קינדער

| | |
|---|---|
| עליאַש | צווייטע יידענע |
| דבורה | אַ דינסטמיידל |
| שׂרה | פאַבריק־מיידלעך |
| ערשטע יידענע | אַ פאָדפאַלקאָווניק |

אָרט: אַ שטאָט אין פוילן. צייַט: די ערשטע 3 אַקטן — באַלד נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע צווישן די יאָרן 1906—1907; דער לעצטער אַקט — 3 יאָר שפּעטער.

# ו־טער אַקט

אַ צימער אין גדליה פינקעלגרינס הויז. לינקס צוויי פענצטער; אין דער מיט — אַ ספרים־שענקל; רעכטס — אַ טיר אין קאָרידאָר אַרײַן; אין היגטערגרונט — אַ טיר אין די איבעריקע צימערן; אַ קאָמאָד און אַ שפּיגל; אַ קאַנאַפּע; אין דער מיט — אַ טיש מיט בענקלעך. דאָס גאַנצע צימער איז עפּעס מיטלס צווישן אַן אויפנעם־ און אַן עסצימער. אויף די ווענט — בילדער, אויסגעשטריקט אין וולִיטשקע, אָפּגעבלאַקירט; גאַר־דינען. וואָלוועלער פּוץ און געשמאַקלויזיקייט. ס'איז אַ האַרבסטיקער אָוונט. אויפן טיש ברענט דער לאָמפּ. דער רעגן קלאַפּט אויף די שויבן.

סאָניע: אַ מיידל פון אַ יאָר 22. אַ שיינע, שלאַנקע בלאָנדינע, מיט לאַנגע, העלע האָר. זיצט בײַם טיש, בלעטערט לאַנגווײַליק אַ בוך. אויפן פנים אַ ברוגזע מינע, נאָר איר ברוגז איז אַ געלאַסענער.

עטאַ: עלף יאָר אַלט. מיט שאַרף־יידישע געזיכט־שטריכן. קומט־אַרײַן פון דער קיך אויף די שפּיץ פינגער, זעצט זיך צו צום טיש, ווי אַ דערוואַקסענע און לענט־אָן די הענט אויפן טיש. שטיל: **סאָניע, סאָ־ניע, ער האָט דיר געגעבן די פערציק רובל?**

סאָניע: **וואָס גייט דאָס דיך אָן? דו ביסט נאָך צו־קליין, שטעק נישט אַרײַן אומעטום דײַן נאָז.**

עטאַ: קרומט זיך, גייט־אָפּ אַ פּאָר טריט ביז צו דער טיר פון פּאָ־טערס קאַבינעט און קומט באַלד צוריק; זי טוט אַלץ שטיל, ווי זי וואָלט מורא האָבן עמעצן צו באַאומרויִקן. **ווייסט, ווער זיצט דאָרטן? דער פּאָדפּאָלקאָווניק אַנטאָנאָוו. דער טאַטע האָט אים געוואָלט לייגן אַן אַרעסט אויף דער פּענסיע.**

סאָניע: בייז. **איך האָב דיר געזאָגט, דו זאָלסט מיר נישט פאַרדרייען דעם קאָפּ. גיי!**

עטאַ: **שאַ־שאַ! אַ מענטש איז דאָך דאָרט. שרײַ נישט!**

סאָניע: ווי צו זיך ריידנדיק. **די מאַמע אויסן אויג. אַזאַ קליינע און האָט שוין אַלע מיאוסע העוויות געירשנט.**

חיה: אַ יידענע פון אַ יאָר 50, אַלטמאָדיש געקליידט, אָבער ס'איז קענטיק אַ נייגונג זיך צו פּוצן, קומט־אַרײַן פון דער קיך. **סאָניעשי,**

**זײַ שטיל! עטאַ לעבן, איך האָב דאָך דיר געזאָגט: דער טאַטע האָט אַ געשעפֿט.** בייגט זיך צו צו סאָניען און שעפּטשעט: **דרײַ טויזנט רובל איז ער שולדיק; זײַט שטיל, קינדערלעך, איך בעט אײַך. די דינסט וועט באַלד געבן דעם סאַמאָוואַר. אַ מינוטעלע...**

סאָניע: חיה האָט זיך דערווײַל אומגעקערט צו דער טיר אין קאַבינעט. **איך האָב שוין געהערט! טאָג־און־נאַכט נאָר געלט און ספּראַוועס [1] און אַרעסטן און קאָמאָרניקעס [2]. קיין רעכט וואָרט הערט מען דאָ נישט. אַפֿילו די קליינע, אָט, וויס נאָר צו ריידן פֿון אַרעסטן אויף פּענסיעס.** חיה איז צוריקגעקומען. **און אַז מען דאַרף האָבן אַ פּאָר רובל, גייט זיך אָן די גרינגע גאַל.**

עטאַ: **זע נאָר, זע: דער טאַטעשי וויל איר נישט געבן געלט אויפֿן מאַסקנבאַל, בלאָזט זי זיך.**

סאָניע: מאַכט אַ בייזע באַוועגונג, ווי זי וואָלט געוואָלט שלאָגן די קליינע.

חיה: **איר זאָלט מיר לעבן, קינדערלעך, זײַט שטיל!** זי פֿירט־אַוועק עטאַן פֿאַר אַ האַנט. די קליינע מאַכט אַ קרומע העוויה אַנטקעגן סאָניען. ביידע אָפּ דורך דער טיר צו דער קיך.

נחום: אַ יונגער־מאַן פֿון אַ יאָר פֿינף און צוואַנציק, גלאַט ראַזירט, דאָס פּנים דריקט־אויס אַ געמיש פֿון נערוועזיטעט, אומצופֿרידנקייט און אינטעליגענץ. קומט־אַרײַן פֿון דרויסן. **עליאַש איז דאָ געווען?**

סאָניע: **ניין, זעקס וועט ער קומען.**

נחום: **ווי שפּעט איז דען איצט?** נעמט־אַרויס דאָס זייגערל. **האַלב. וואָס איז עפּעס הײַנט דער סאַמאָוואַר נישטאָ אויפֿן טיש?**

סאָניע: **ער האָט דאָרט עפּעס אַ געשעפֿט מיט אַ פּאַדפּאָלקאָווניק, גייט די גאַנצע שטוב קאַפּויר. ווייסט דען נישט? אַ שעה שוין דרייט מען זיך דאָ אַרום אויף די שפּיץ פֿינגער.**

נחום: רוקט מיט אַ בענקל, שפּאַנט איבערן צימער און מאַכט עקסטרע אַ ליאַרעם. אין טיר באַווײַזט זיך נאָך אַ מאָל חיה, און עטאַ קומט

---

[1] פּראָצעסן. — [2] עקזעקוטאָרן.

אַרײַן. חיה, דערזעענדיק, אַז נחום איז דאָ, מאַכט אַ פֿאַרצווייפֿלטע באַוועגונג מיט דער האַנט און גייט־אַרויס. אַ קללה ליגט אויף דעם הויז. אַז מען קומט דאָ אַרײַן, איז אַזוי ווי מען וואָלט אַריבערגעטראָגן געוואָרן פֿון דער פֿרײַער וועלט אין געטאָ אַרײַן פֿון פֿאַר הונדערטער יאָרן. קוק־אָן אַ שטוב, ווי דאָס זעט־אויס! גייט־צו צו דער ספֿרים־שאַנק. ווער האָט דאָס מיט דעם רויטן פֿאָרהענגל פֿאַרפּוצט די שאַנק? דער מאַמעס געשמאַק.

סאָניע: וועמענס דען?

נחום: ניין! איך קאָן דאָ מער נישט אויסהאַלטן. איך וועל אָפּהאַקן מיט דעם אַלעמען, גענוג!

סאָניע: דו ווי דו, אָבער איך, אַ פֿרויען־צימער, וואָס קאָן איך טאָן?

נחום: איך האָב שוין דעם אַלטן געגעבן נישט איין מאָל אַן אָנצוהערעניש, און ער מאַכט זיך נישט פֿאַרשטייך. איצט וועל איך עס אים זאָגן אָפֿן: אָדער ער גיט מיר פֿינף טויזנט רובל און איך פֿאָר קיין אויסלאַנד ענדיקן, אָדער איך שמד זיך און קום־אָן אין קיִעוו אין אוניווערסיטעט. נאָך עטלעכע יאָר בין איך אַ געענדיקטער און שפּײַ אויף דעם אַלעמען.

סאָניע: בשעת נחום רעדט, צינדט זיך אָן אַ פֿײַערל אין אירע אויגן, אַ געמיש פֿון איבערראַשונג און עקשנות. איך וואָלט דערלעבט אַ נקמה. דאָס וואָלט געווען אַ לערע פֿאַר זיי, ווי אומצוגיין זיך מיט קינדער.

נחום: דענערווירט, מיט עקל. דו ביסט אַ טאָכטער פֿון דעם הויז, פֿון דער משפּחה. האָסטו געהערט, אַ קינד זאָל וועלן דערלעבן נקמה אין עלטערן? דאָס איז מעגלעך נאָר אין דעם הויז, וואָס איז דורך־און־דורך קלעפּיקייט און ציניזם. טפֿוי, איר אַלע!

סאָניע: און דו ביסט אַ זון פֿון דעם הויז, פּונקט אַזוי ווי איך — אַ טאָכטער.

נחום: און איך בין מײַן טאַטנס זון — דאָס איז וואָר. איך לייקן נישט. איך בין נישט מער ווערט ווי איר אַלע. נאָר איך לײַד כאָטש דערפֿון, און דו רעדסט־נאָך ווי אַ פּאָפּוגײַ. פֿאַר דיר איז דאָס הויז

ווי אָנגעמאָסטן. וואָס ווילסטו? באַטראַכט זי און קוקט זי אָן שטרענג. פֿאַר עליאַשן מאַסקירט דאָס אָן אידעאַל וועזן און תּנאים שרײַבן וועסטו, נישקשה, מיטן דענטיסטל, מיט די פֿאַרדרייטע וואָנצעס און דעם גראָבן פּרצוף! יענער אָרעמער, בראַווער מענטש וויס אַפֿילו נישט דערפֿון. האָסט דאָך אים באַשטעלט הײַנט צו קומען!

סאָניע: איך האָב דיר געזאָגט, דו זאָלסט זיך נישט מישן אין מײַנע געשעפֿטן. איך מיש מיך נישט אין דײַנע.

נחום: פֿון מײַנעט וועגן מיש דיך יאָ.

סאָניע: מיט דבֿורהן פֿירט מען אַ ליבע און צו דער דינסטמויד שאַרט מען זיך בײַ נאַכט.

נחום: בייז. שאַ, זאָג איך דיר! אַ חרפּה און אַ שאַנד! ווי אַ גאַסנמויד רעדט דאָס, ציניקערין!

סאָניע: וואָס האָסטו געזאָגט?! אַ גאַסנמויד, אַ פּראָסטיטוטקע... וויינט.

נחום: נאָך ערגער. יענע האָבן נישט קיין פֿאַלשע טרערן און קיין פֿאַלשע רייד ווי דו.

פּויזע

סאָניע: ווישט־אויס די טרערן. וואַרט, וואַרט! דו וועסט מיך שוין האָבן צו געדענקען!

נחום: אַ, יאָ! דאָס קאָן איך דיר גלייבן. גיפֿטיק ביסטו ווי אַ שלאַנג. אַז אַ מענטש קאָן נעמען קאַלט אויסגערעכנט, אָן אילוזיעס, און דער־פֿירן צוויי מענטשן צו אומגליק, צוליב אַ קאַפּריז, צוליב באַרימערײַ, צוליב נאַרישער ווײַבערישער פּוסטקייט...

סאָניע: ווען האָב איך אומגליקלעך געמאַכט?

נחום: עליאַש איז משוגע, דול איז ער; דבֿורה, דאָס אָרעמע, שוואַכע, לײַדנדיקע מיידל, האָט עליאַשן ליב און איז אומגליקלעך. און ווער האָט דאָס געמאַכט? דו! אַ גליקלעך פֿאַרפֿאַלק איז דאָס געוועזן, ביז דו ביסט אַרײַנגעקומען אין מיטן און האָסט זייער לעבן פֿאַרסמט.

סאָניע: עליאַש איז אין מיר פֿאַרליבט? פּויזע. סאָניע גייט־צו צום

שפּיגל און באַטראַכט זיך. **ער האָט מיר קיין וואָרט נישט געזאָגט. ער איז אַזאַ בראַווער יונג. עפּעס איז אין אים פֿאַראַן אַזוינס, וואָס מיר אַלע פֿאַרמאָגן ניט. ניט ריכטיק?**

נחום: קוקט איר אין די אויגן אַרײַן און שמייכלט סאַרקאַסטיש. **איך מוז דיר זאָגן דעם אמת... איך קוק דיך טייל מאָל אָן און באַוווּנדער דיך: דו האָסט דאָך ליב עליאַשן; מיר וועסטו נישט דערציילן קיין מעשׂיות, און וועגן דבֿורהן ביסטו געווען אײַפֿערזיכטיק, און באַ־קענט האָסטו זיך מיט איר, כּדי זי צו קאָנען מיאוס מאַכן אין עליאַשעס אויגן. אָ, איך זע אַלץ, איך קען דיך גוט!... נאָר זאָג מיר, איך בעט דיך, דערקלער מיר: צו וואָס? צו וואָס? אַז דײַן שיינקייט, דײַן קער־פּער וועסטו אַוועקגעבן יענעם גראָבן נפֿש!**

סאָניע: קלאַפּט אין טיש בייז. **דו וועסט נישט אויפֿהערן?!**

נחום: **אָט אַזוי, בייזער זיך כאָטש אַ מאָל!**

חיה: קומט־אַרײַן, פֿאַרצווייפֿלט. **אוי! זײַט שטיל! האָב רחמנות, נחום, זײַ שטיל!**

נחום: **„האָב רחמנות", „האָב רחמנות"**... אָפּ דורך דער טיר צום קאָרידאָר.

עטאַ: קומט־אַרײַן און קוקט דער מוטער אין די אויגן אַרײַן, ווי זי וואָלט פֿרעגן, וואָס דאָ איז געשען.

חיה: **האָסטו געזען? האָסטו געהערט? וואָס דאָס האָט אָפּגעקאָסט! אַ מאַיאָנטעק! נחת דערלעבט.** עטאַ שאָקלט־צו מיטן קאָפּ. **קום, עטאַ לעבן, טאָכטערשי..** אָפּ צום קאָרידאָר מיט עטאַן.

> די טיר פֿון קאַבינעט עפֿנט זיך, דער פּאָדפּאָלקאָווניק גייט־דורך, הינטער אים גדליה, אַ ייִד פֿון אַ יאָר עטלעכע און פֿופֿציק, אָנגעטאָן האַלב אַלטמאָדיש, האַלב נײַמאָדיש. ער איז אין בלויזן קאָפּ און נייגט זיך און שמייכלט. און דער פּאָדפּאָלקאָווניק באַ־מערקט סאָניען און שמייכלט.

פּאָדפּאָלקאָווניק: **אַ טי סאָוסיעם נ׳ע גאָוואָריל מניע, גדאַליאַ,**

**טשטאָ או טיעביאַ קראַסאַוויצאַ דאָטש, דאָ סווידאַניאַ, קראַסאַוויצאַ [3]!**

סאָניע: האַלב ברוגז. **דאָ סווידאַניאַ;**

דינסט: ברענגט־אַריין דעם זודיקן סאַמאָוואַר. גדליה זוכט זיין היטל, גייט־אַריין אין קאַבינעט און קומט־צוריק מיט אַ צוגעדעקטן קאָפּ. פון דער צווייטער טיר קומען־אַריין חיה און עטאַ

חיה: **נו, וואָס האָסטו מיט אים געמאַכט?**

גדליה: **וואָס האָב איך געזאָלט מיט אים מאַכן?** גיסט זיך אָן טיי.

חיה: **פאַר וואָס זאָגסטו מיר נישט?**

גדליה: קוקט אויף סאָניען און רעדט צו חיהן. **זאָגן, זאָגן, וועסט נישט פאַרשפּעטיקן די גליקן.**

חיה: **טו וואָס? רייד! ער האָט דיר צוגעזאָגט דעם פּאָדריאַד?**

גדליה: **פּאָדריאַד, פּאָדריאַד... שוין געהערט. באַלד צעטראָגט מען דאָס איבער דער גאַנצער שטאָט און ס'איז קאַפּוט. מען זיצט דאָ אין אייגענעם הויז, ווי צווישן שונאים זיצט מען דאָ.**

נחום: קומט־אַריין, זעצט זיך צום טיש און גיסט זיך אָן טיי. ביי זיין אַריינקומען ווערט אַ ווײַלע שטיל ביים טיש. חיה, אומגעדולדיק רופט־אָוועק גדליהן, ער רוקט זיך מיט איר אָפּ אין דער צווייטער שטוב אַריין און דערציילט איר עפּעס.

נחום: ציניש און בייז. **זיי האָבן מורא צו ריידן אין אונדזער קעגנוואַרט. אַ הויז! מען קאָן נישט זאָגן. דאָס וועסטו ביי קיין שום פאָלק נישט טרעפן, סיידן ביי אונדז. אָט איז עס די יידישקייט, וואָס דיין עליאַש וויל אויפהאַלטן...**

סאָניע: **מיין עליאַש...**

נחום: **דיין, דיין... לײדער, און אפשר איז עס פאַר דיין גליק. ער איז אַ מענטש פון אַ בעסערער אַרט, און דו...**

סאָניע: **שווייג שוין, שווייג! איך ווייס פאָרויס, וואָס דו וועסט זאָגן... ווי געפעלט דיר בעסער דאָס רויטע פאַרהענגל? טו מיר אַ טובֿה און נעם עס אַרונטער... פאַר דיר האָבן זיי מורא...**

---

[3] און דו האָסט מיר גאָר נישט געזאָגט, גדליה, אַז דו האָסט אַ טאָכטער אַ שיינהייט. אַ גוטן טאָג, שיינהייט!

נחום: גייט־צו צום ספֿרים־שענקל, פּרוּווט אַראָפּנעמען דאָס פֿאָר־הענגל. בשעת־מעשׂה קומט־אַרײַן גדליה.

גדליה: **דו זוכסט אַ ספֿר! אַ ספֿר זוכסטו?...**

נחום: קוקט מיט אַ האַלבן שמייכל צו סאָניען. **איך האָב דאָס פֿאָר־הענגל געוואָלט אַראָפּנעמען. ס׳איז מיאוס, נאַ דיר אַ רויטע פֿאַטשיילע אין מיטן דערינען!**

גדליה: **אַזוי? דאָס פֿאָרהענגל גאָר! און איך האָב געמיינט, אַז ס׳האָט זיך דיר אַ מאָל פֿאַרגלוסט צו נעמען אַ יידישן ספֿר אין האַנט אַרײַן. ס׳איז דאָך עפּעס אַ שאַנק מיט ספֿרים, האָב איך געמיינט, ס׳איז דיר אײַנגעפֿאַלן: עט, כ׳וועל אַ מאָל אַרײַנקוקן. וואָס עפּעס גראָד דאָס פֿאָרהענגל?**

נחום: מיט אַ שמייכל. **די ספֿרים, זיי שווײַגן כאָטש, וויל איך נישט, לייען איך נישט, דאָס רויטע פֿאָרהענגל רײַסט די אויגן.**

גדליה: **רײַסט די אויגן! אַזוי! רײַסט, ממש רײַסט! די ספֿרים דאָרט, וואָס גאונים און צדיקים און גרויסע קעפּ האָבן אַוועקגעלייגט אויף זיי גאַנצע לעבנס, וואָס אונדזערע זיידעס און אָבות אַבֿותינו האָבן געלערנט יומם ולילה — דאָס איז גאָר נישט. אַבי זיי שווײַגן, איז שוין גוט, אַ גליק! אַזאַ מין חכם, ווי דו, האָט שוין גאָר נישט מיט דעם וואָס צו טאָן, גאָר נישט! נאָר דאָס פֿאָרהענגל דער עיקר, דאָס פֿאָרהענגל,,... או... — או... סתרי־תורה... אַ רויט פֿאָרהענגל רײַסט די אויגן, און אַ געלס, אַ שטייגער, וואָלט דיך גאָר געביסן אויף דער צונג...**

סאָניע: קומט־אָן און פּרוּווט אַראָפּנעמען דאָס פֿאָרהענגל. **טאַטע, דו פֿאַרשטייסט נישט, טאַטע. דו האָסט נישט קיין געשמאַק. דאָס איז נישט עסטעטיש.**

גדליה: **ווי האָסטו געזאָגט? עסטעטיש איז עס נישט? כ׳ווייס אַפֿילו נישט, וואָס דאָס איז אַזוינס, נאָר איך בין זיך משער. עס געפֿעלט דיר נישט, אָט אַזוי זאָג. זאָג איך דיר: דו טוסט דיך אָן, ווי דו ווילסט, ווי אַ חצופּה טוסט זיך אָן, נישט אַזוי ווי איך וויל, טאָ לאָז מיר מײַנע ספֿרים...** צו נחומען: **פֿון דאַנען גייט־אַוועק! וואָס האָסטו צו טאָן**

מיט דער שאַנק ספרים? פאַר דיר איז אַ גליק, אַז זיי שווײַגן, און פאַר מיר, פאַרשטייסטו, אַז איך זעץ זיך אַנידער און עפן אַ ספר, לעב איך, פיל איך, אַז איך לעב אויף דער וועלט, אַז איך בין נישט קיין קו און נישט קיין חיה־רעה און נישט אַ שטיק פלייש, וואָס פרעסט און טרינקט... אונטער דער נאָז — און נישט קיין הולטײַ, וואָס לויפט־אַרום הפקר אויף דער וועלט.

נחום: בין איך דער הולטײַ, וואָס לויפט־אַרום הפקר?...

גדליה: ווער דען? איך? וואָס ווילסטו איצט לויפן קיין אויסלאַנד? גלאַט אויסברענגען געלט? פון וואַנען וועל איך דיר נעמען?

נחום: איך וויל נאָר איין מאָל נעמען געלט. פטר מיך אָפ, און אַדיע! איך באַטרעט נישט מער די שוועל פון דעם הויז, און אויב דו וועסט וועלן, וועל איך דיר קיין בריוול אַפילו ניט שרײַבן.

גדליה: און אויב איך וויל נישט? אַז איך וויל לגמרי נישט, אַז דו זאָלסט פאָרן קיין אויסלאַנד, אַרומשלעפן זיך פוסט־און־פאַס און מיר אײַנריידן, אַז דו מאַכסט עקזאַמענס.

נחום: וואָס זשע ווילסטו? דאָ זיך אַרומדרייען! און אפשר העלפן דיר אין פאָדריאַד און אין לייגן אַרעסטן?...

גדליה: טאָ אַדרבה, וואָס קלערסטו צו טאָן?

סאָניע: פאַלט־אַרײַן אין די רייד. ער וויל אָנקומען אין אוניווערסי־טעט אין קיִעוו.

גדליה: איך לאָז אים נישט?

נחום: מיט אַ געמאַכטער רויִקייט. איך האָב בדעה זיך צו שמדן, אַנישט קאָן איך נישט אָנקומען. פויזע. אַ צערודערניש.

גדליה: בלאַס. דרייט זיך אַרום. אַזוי, אַזוי! גייט־צו צום טיש, שאָקלט זיך, ווי פאַר אַ גמרא, מיט אַ גמרא־ניגון. שמדן זיך! אַז דער טאַטע גיט נישט קיין געלט, אַז ער האָט נישט אפשר קיין געלט — איז שמדן. פאַר וואָס ניט שמדן? וואָס איז דער מער? אַ סוף און אַן עק! אַ חלף לייגט ער מיר גאָר צו צום האַלדז. אַהער דאָס געלט! אַנישט, שמד איך זיך. אָן גמרא־ניגון. פאַר וואָס דאָס ניט שעכטן אַ טאַטן? אין דײַן תורה שטייט עס געשריבן?

נחום: איך וויל דיך ניט שעכטן און וויל דיך ניט שרעקן. איך האָב נישט קיין אַנדער ברירה. וואָס וועט זײַן פֿון מיר? איך וויל נישט פֿאַרשפּילן מײַן לעבן. איך וויל צו עפּעס קומען. איך האָב דאָס רעכט צו לעבן. איך בין נישט מחויב זיך מקריב צו זײַן. מײַן גאַנצע צו־קונפֿט אַוועקצוגעבן. ווײַל דיר וועט עס נישט זײַן אײַנגענעם. ס'איז מיר אַליין אויך נישט אײַנגענעם.

גדליה: הייסט עס: גאָר נישט. מיט אַ גמרא־ניגון. נעמען און שמדן זיך. באַשר מען נעמט נישט צו יידן אין אוניווערסיטעט. מען קאָן אַזוי גיך נישט ווערן אַ דאָקטער. דרייט מען איבער דאָס פֿאַרהענגל — און פֿאַרטיק... פּויזע. ביסט דאָך אַ געבילדעטער און קאָנסט נישט לײַדן קיין יידישע עוולות — וואָס טײַטש עפּעס: מען וויל קיין ייִד נישט אָננעמען, שמדט מען זיך און מען נאַרט־אויס דעם גוי?... געלאַסענער. איך בעט דיך, ווו שטייט דאָס אין דער תורה געשריבן, אַז אַ יידן דאַרף גוט זײַן, אַז אַ ייִד דאַרף זיך נישט פּלאָגן? דערויף זײַנען מיר דאָך יידן, אַז מען זאָל זיך פּלאָגן.

נחום: אין מײַן תורה שטייט געשריבן, אַז אַ מענטשן דאַרף גוט זײַן, און אויב ער לײַדט, דאַרף ער כאָטש וויסן, צוליב וואָס... איך האָב נישט צוליב וואָס...

גדליה: און רחמנות אויף אַ טאַטן דאַרף מען אויך נישט האָבן, און נישט אויף קיין מאַמען. גייט־צו צו דער טיר און רופֿט. חיה! קום נאָר אַרײַן! חיה באַווײַזט זיך, נאָך איר — עטאַ. קוק־אָן דײַן זונדל און קלײַב נחת. ער סטראַשעט דאָך מיך שוין צום דריטן מאָל, אַז ער וועט זיך שמדן...

חיה: נחומשי, נחומשי, מײַן קינד... אוי, ראַטעוועט!

נחום: אָ, די געשרייען! קלאָג נישט, מאַמע, כ'בין דאָך נישט גע־שטאָרבן.

עטאַ: שמדן איז נאָך ערגער ווי געשטאָרבן.

חיה: אוי, אַ ברכה און הצלחה, טאָכטערשי, אויף דײַן קאָפּ!

סאָניע: טאָמער וואָלטן די געשרייען אויפֿגעהערט. גענוג שוין! טאָ־

מער וואָלט איך שוין אַרויסגעקראָגן די פּאָר רובל, וואָס כ'דאַרף האָבן.

גדליה: געלט? וויפל געלט דאַרפסטו דאָס? שטענדיק געלט און געלט?

סאָניע: פערציק רובל, טאַטע, גיב מיר פערציק רובל. גייט־צו און לאַשטשעט זיך צו אים. דער טאַטע האָט דאָך מיר צוגעזאָגט.

חיה: פערציק רובל? געלט וואַקסט ביי זיי אויף די ביימער!

סאָניע: זאָל זיך די מאַמע נישט אַריינמישן. צו גדליהן, ווייך. גיב מיר, איך בין היינט געווען ביי דער שניידערקע.

גדליה: אפשר האָסטו געווען צוואַנציק רובל?

עטאַ: געווען צוואַנציק רובל. זי דאַרף דווקא אַ קלייד פאַר פערציק.

סאָניע: נעמט זי פאַר אַ האַנט און שלייַדערט זי ביז. גיי, דו, פיס־קאַטש!...

גדליה: וואָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגן?... דער גערער רבי מאַכט חתונה זיין טאָכטער מיט... ע, ווי הייסט ער?...

סאָניע: דער גערער רבי, דער גערער רבי... גיב מיר געלט, טאַטעשי...

גדליה: לייבטשע פיעטערקאָוו איז דער מחותן. פערציק טויזנט רובל גיט ער נדן... וויסט... ע, ווי הייסט ער?...

סאָניע: נו, גיב מיר פינף און דרייסיק רובל.

גדליה: פינף און דרייסיק רובל?... חיה, האָסט נישט געזען די ברילן מיינע?...

סאָניע: לויפט געשווינד אַריין אין דער צווייטער שטוב און ברענגט די ברילן. פאַר דער צייט כאַפּט גדליה אויף זיך דעם מאַנטל און מאַכט זיך גרייט אַרויסצוגיין. סאָניע כאַפּט אים פאַרן אַרבל. דו לויפסט שוין ווידער אַוועק? גיב מיר, נו, דרייסיק רובל, גיב מיר!

נחום: בייז. דאָס דינגערייַ האָט זיך אָנגעהויבן. צו סאָניען. דינג זיך, דינג זיך, אַ גראָשן אַרויף, אַ גראָשן אַראָפּ, נישקשה, אַ געטרייע טאָכטער פון אַ געטרייַ הויז.

גדליה: וואָס? וואָס האָסטו געזאָגט? איך האָב שוין אויפֿגעהערט צו פֿאַרשטיין, וואָס ער רעדט.

חיה: וואָס דען? אַזוי ווי דו: גיב געלט, אַנישט, וועל איך זיך שמדן?

נחום: איך מיין עס גאַנץ ערנסט, ניט צו סטראַשען. מיר איז שוין נמאס ומאוס געוואָרן שטענדיק צו דינגען זיך און צו בעטלען געלט. איך וויל נישט פֿאָרן קיין אויסלאַנד, ביז איך וועל נישט באַקומען אַ נייטיקע סומע געלט. איך זאָל מער צו אײַך נישט דאַרפֿן אַנקומען. די אויגן זײַנען מיר דאָרט אויסגעקראָכן אויף געלט וואַרטנדיק. יעדן חודש דער זעלביקער פּזמון. יעדן חודש שרײַב־אָן אַ תּחינה און דינג זיך, ווי קרעמערס אויפֿן מאַרק.

גדליה: כּדומה, למשל, וויפֿל געלט דאַרפֿסטו דאָס האָבן, אַז איך זאָל פֿון דיר פּטור ווערן?

נחום: פֿינף טויזנט רובל...

גדליה און חיה: צוזאַמען מיט אַ געשריי. פֿינף טויזנט רובל!

עטאַ: זע נאָר, פֿינף טויזנט רובל!

נחום: סאַרקאַסטיש. אַז איך האָב אײַך געזאָגט, אַז איך וועל זיך שמדן, האָט דאָס דיך נישט אַזוי איבערגעראַשט ווי איצט, אַז איך האָב דערמאָנט פֿינף טויזנט רובל. איך מיין, אַז מען וואָלט דיר, טאַטע, און דיר, מאַמע, געגעבן אויסצוקלײַבן איינס פֿון די צוויי, אָדער פֿינף טויזנט רובל צו פֿאַרלירן, אָדער אַ זון אַ משומד צו האָבן, וואָלט איר אויסגעקליבן דאָס לעצטע. טאָ אויב בײַ אײַך איז דאָס נישט ווערט פֿינף טויזנט רובל, פֿאַר וואָס זאָל איך דערפֿאַר באַצאָלן מיט מײַן גאַנצער צוקונפֿט, מיט מײַן גאַנצער קאַריערע? די ייִדישקייט דאַרף מיר נישט טײַערער זײַן ווי אײַך, דאָס וועט קיינער פֿון מיר נישט פֿאָדערן...

גדליה: אַ רוצח ביסטו, אַ גזלן.

חיה: אין אַ וויינענדיקן טאָן. אַ רוצח, אַ רוצח...

סאָניע: שטענדיק פֿאַרסטו מיר אַרײַן אין מיטן. שטיל אויפֿן אויער צו נחומען. ער וואָלט שוין מיר געהאַט געגעבן, מאַכסטו קאַליע...

נחום: אַך, דו קליינלעכער נפֿש! וואָס איר ליגט אין זינען!

סאָניע: און דו דאַרפֿסט נייטיק צו פֿאַרשאַלטעוועז טויזנטער אין איין יאָר, נישט אַנדערש? זאָל אים דער טאַטע נישט געבן קיין גראָשן, ער סטראַשעט נאָר. שוין לויפֿט ער זיך שמדן!

נחום: דרייט זיך אַרויף און אַראָפּ איבערן צימער, צום פֿאָטער. נו, גיב איר שוין די דרײַסיק רובל! וועסט נישט אָפּדינגען.

גדליה: וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן. כ'האָב גאָר פֿאַרגעסן, איך דאַרף דאָך גיין, איך דאַרף דאָך גיין.

סאָניע: געלט גיב מיר!

גדליה: געלט? וויפֿל דאַרפֿסטו דאָס האָבן?

סאָניע: פֿערציק רובל.

חיה: אַ קלאָג צו מײַנע שונאימס קעפּ! פֿערציק איז שוין ווידער געוואָרן, האָסט דאָך ערשט געזאָגט דרײַסיק. געלט וואַקסט בײַ זיי אויף די ביימער.

סאָניע: אומגעדולדיק. דרײַסיק, דרײַסיק, זאָל שוין זײַן דרײַסיק!

גדליה: האַלט בײַם אַרויסגיין. אויף דער נאַכט, סאָניע, אויף דער נאַכט, סאָניע.

סאָניע: שטעלט זיך בײַ דער טיר. ניין, איצט, איצט וויל איך! אויף דער נאַכט וועסטו זײַן מיד, בײַ טאָג ביסטו פֿאַרנומען...

גדליה: וואָס ברענט דאָס אַזוי?

סאָניע: אַ קלייד.

גדליה: אַ קלייד?

סאָניע: טאָ גיב זשע דאָס געלט.

גדליה: נעמט־אַרויס דעם טײַסטער, גייט־צו צום ווינקל, נעמט־אַרויס צען רובל און דערלאַנגט סאָניען. נאַ...

סאָניע: שטופּט אים צוריק דאָס געלט אין האַנט. מיט אַ וויינענדיקער שטים. די גרינגע גאַל קערט זיך אַן... איך דאַרף האָבן פֿאַרן שנײַדער... ס'איז נישט אויסצוהאַלטן.

נחום: קלאַפּט־צו די טיר און גייט בייז אַרויס.

גדליה: לאָזט פֿאַלן די צען רובל אויף דער פּאָדלאָגע און וויל גיין נאָך נחומען. רופֿט. נחום, וואַרט אַ ביסל, איך גיי אויך!...

נחום: קומט־צוריק. האָסט מיך פלוצלינג אַזוי ליב באַקומען, וואָס דו דאַרפסט גיין מיט מיר צוזאַמען? דער אַלטער וויל אַרויסגיין, נאָר ס׳קומט־אויס, אַז נחום פאַרשטעלט אים אין טיר דעם וועג.

סאָניע: וויינענדיק און בייז. טופּעט מיטן פוס. דרייסיק רובל זאָלסטו מיר געבן, אַנישט, אַנישט וועל איך זיך אַ מעשׂה אָנטאָן, אויף מיין נאמנות. איך... וועל מיך אויפהענגען!

גדליה: שמדט אייך און הענגט אייך! מיין דאגה. איך זאָל אַזוי מורא האָבן פאַר זיין שמד, ווי כ׳האָב מורא פאַר דיין הענגען. כאַפּט־אַרויס דעם טייסטער, גיט איר נאָך צען רובל. הייבט־אויף די ערשטע צען רובל פון פּאָדלאָגע. אויף דער פּאָדלאָגע וואַלגערט זיך ביי זיי געלט! נאַ דיר צוואַנציק רובל!

סאָניע: נאָך פינף רובל, טאַטעשי.

גדליה: מאַכט מיט דער האַנט נערוועז. אַ גראָשן נישט מער! גייט־אַרויס. חיה מיט עטאַן אָפּ אין די צימערן.

נחום: קומט־צוריק אַריין. איצט קאָנסטו זיך פאָרשטעלן, וואָס איך האָב געהאַט אויסצושטיין אין אויסלאַנד מיט געלט. דאָ כאַטש כאַפּסטו אים און ער קאָן זיך נישט אַרויסדרייען. אָבער פון דער וויטן, אַז מען דאַרף דאָס מאַכן דורך בריוו. יעדע וואָך שרייב אים אָן לאַנגע תּחינות און טראַכט־אויס מעשׂיות. אוי, ווי דאָס איז מיר נמאס געוואָרן!

סאָניע: ווי מיר דאָ.

נחום: וויציק. פאַר אַ יאָרן האָב איך געמוזט קראַנק ווערן אויף לונגען־אָנצינדונג, הייַ־יאָר אויף אַ טיפוס, און אויב איך זאָל איצט פאָרן אָן געלט, ווייס איך שוין נישט, אויף וואָסער קראַנקייט איצט קראַנק ווערן — סיידן אויף טשאַכאָטקע [4].

סאָניע: פאַרוווּנדערט. ביסט נאָך אַלץ קראַנק? דו זעסט גאָר נישט אויס ווי אַ קראַנקער.

נחום: ווילסט לעבן מיט מיר בשלום? וועל איך דיר אויסזאָגן דעם

---

[4] טובערקולאָז.

סוד. איך בין גאָר קיין מאָל נישט קראַנק געווען. איך האָב געדאַרפֿט האָבן געלט, האָב איך מיך געלייגט אין בעט, און מײַן באַלעבאָסטע האָט טעלעגראַפֿירט אַהיים, אַז איך בין קראַנק... וואָס זשע דען האָב איך געזאָלט טאָן?

סאָניע: כאַ, כאַ, כאַ! אַזוי! האָסט גאָר קיין לונגען־אָנצינדונג נישט געהאַט, און נישט קיין טיפֿוס?

נחום: יאָ, געהאַט, אַ זשעני האָב איך געהאַט, אַ שווייצערקע, אַ יונג מיידל, אַ ווילע, גאָר אַ ווילע! דאָס איז געווען, פֿאַרשטייסטו מיך, מײַן לונגען־אָנצינדונג. איך האָב דאָך געמוזט האָבן געלט זי אויסצוהאַלטן... און מאַרגאַרעט, אַ פֿראַנצויזין, אַ כוואַט אַ מיידל, אַ קלוגע, מיט ברענענדיקע אויגן — דאָס איז געווען מײַן טיפֿוס. געהאַט קראַנקייטן, ווי דען?

סאָניע: שיינע קראַנקייטן! אַ שיינע לונגען־אָנצינדונג און אַ שיינער טיפֿוס, דבֿורה — דאָס ווידער זאָל זײַן דײַן טשאַכאָטקע. גאַנצע פֿינף טויזנט רובל דאַרפֿסטו האָבן פֿאַר איר?

נחום: ערנסט. ווילסט לעבן מיט מיר בשלום אָדער נישט? אויב יאָ, רייד נישט אַ וואָרט פֿון דבֿורהן, הערסט?

סאָניע: וואָס איז זי דאָס? אַזוי שיין? אַזוי קלוג? כ׳האָב שוין קליגערע און שענערע געזען.

נחום: דו ווייסט עס נישט פֿאַרשטיין, אויב איך וועל דיר זאָגן.

סאָניע: נישט פֿאַרשטיין?

נחום: מײַן ליבע צו איר — דאָס איז מײַן שׂנאה צו דיר, צו אונדז אַלע, צו אונדזער הויז. צו וואָס טויגן מיר די פֿאַרדאָרבענע קינדער פֿון פֿאַרדאָרבענע עלטערן? אַז מיר ריידן, האָבן אונדזערע רייד קיין האָפֿט נישט; אַז מיר ווילן זיך נאָר מיט עפּעס אינטערעסירן, מיט עפּעס העכערס, אַלגעמיינס, שענערס, קלעפּט עס זיך נישט צו אונדז. מײַן קאָפּ קאָן אַלץ באַנעמען: די העכסטע אידעאַלן, די גרעסטע איבערגעגעבנקייט, און צו גלײַך די נידעריקסטע געמיינקייט און די גראָבסטע ווילדע. און אַלץ אין איינעם איז אויסגעמישט, אַלץ איז איינס, אַלץ פּלאָנטערט זיך אין קאָפּ און קײַקלט זיך גלאַט פֿון

צונג אַראָפּ... ווײַל דער שורש אונדזערער, סאָניע, איז בלאָטע, גרויע וואָכעדיקייט...

סאָניע: און זי, די שנײַדערקע, איז אַ יומטובֿדיקע?

נחום: אָט אַזוי ווי דו האָסט געזאָגט: אַ יומטובֿדיקע. זי האָט איר וועלט פֿון אידייען, איר גלויבן, און זי איז צוזאַמענגעוואַקסן מיט זיי. וואָס דאַרפֿסטו מער? פּאָליטישע עקאָנאָמיע איז דאָך מײַן פֿאַך. דאָס האָב איך דאָך דרײַ סעמעסטערס שטודירט. און, וואָס ווייס זי אין גאַנצן? וויפֿל האָט זי געלערנט? און דאָך, אַז זי רעדט, איז גערעדט, אַז זי זאָגט־אַרויס איר מיינונג, די ענגע, באַגרענעצטע מיינונג, איז עס אַ מיינונג. און אַז איך רייד, איך ווייס פֿיל מער פֿון איר, איז עס — צופֿעליק: רעכט מאַרקס, רעכט בורזשואַזע טעאָריעס, רעכט אַ רעוואָלוציאָנער זײַן, רעכט אַ רעאַקציאָנער, רעכט זײַן אַ סאָציאַליסט, רעכט אַ דעקאַדענט, אַ ניטשעאַנער, איך ווייס וואָס איך בין! ביז פֿופֿצן יאָר אַ בית־מדרש־בחור געווען, און איצט וואָלט איך צום בעסטן געטויגט צו זײַן אַ קאַריעריסט.

סאָניע: האָרכט אויפֿמערקזאַם, ווי זי וואָלט זיך באַמיט צו פֿאַרשטיין, וואָס זי פֿאַרשטייט נישט גרינטלעך. און עליאַש?

נחום: וואָס ווייסטו וואָסער מענטש דאָס איז? ער איז דאָך הויך־געבילדעט, מיט פֿיל וויסן, איז אפֿשר אויך אַ סקעפּטיקער, איבער הויפּט די לעצטע צײַט. אָבער אַנדערש, אַנדערש, שוועסטער... זײַן ספֿק פֿירט צו גלויבן. ער גייט ווי אויף אַ באַרג, העכער און העכער; און עס טרעפֿט, אַז ער פֿאַרלירט דעם וועג, ווייס ער, אַז ער בלאָנדזשעט, זוכט ער... איך האָב נישט וואָס צו זוכן, ווײַל איך ווייס פֿאָרויס, אַז איך וועל גאָר נישט געפֿינען, ווײַל איך בין אויפֿגעהאָדעוועט אין אַ הויז אָן אַ פֿונק גלויבן. אַ קאַריערע, שוועסטער! מײַן טאַטנס זון צו זײַן, אָט דערצו בין איך געבוירן.

סאָניע: זאָג מיר, איך בעט דיך, דבֿורה האָט דיך כאָטש ליב?

נחום: ווייס איך? זי איז צוגעלאָזט צו מיר. זי איז פֿאַרצווייפֿלט פֿון עליאַשעס קאַלטקייט... ווייסט, וואָס מיר דוכט זיך? אַז מיר, איך און דבֿורה, זײַנען ווי צוויי קראַנקע. די געזעלשאַפֿטלעכע טויט־

קייט, דער באַנקראָט פֿון איר גלויבן, האָבן זי קראַנק געמאַכט; עליאַ־שעס ליבע צו דיר האָט זי גאָר נידערגעשלאָגן, און דערצו איז זי פֿיזיש קראַנק, איך האָב מורא, זי האָט די אמתע טשאַכאָטקע.

סאָניע: שפּײַט מיט בלוט?

נחום: זי האָט טאַקע געהאַט אַ לונגען־אָנצינדונג. נישט אַזוי ווי איך, און איך מיין, אַז דאָס, וואָס איר איז פֿאַרבליבן פֿון דער קראַנ־קייט, די שפּורן מיין איך, זײַנען אויך רעכטע, עכטע...

סאָניע: ווייך און באַרעמהאַרציק. אַזוי? איך האָב גאָר נישט גע־ווּסט...

נחום: קום איך, וואָס איך בין נישט אויסגעהיילט פֿון דעם גאַנצן זוכן, קום איך מיט מײַן געבראָכענעם געמיט צו איר. איז דאָס ליבע? איך ווייס נישט. נאָר דאָס וועל איך דיר זאָגן אויף געוויס — מיך פֿרייט איין זאַך: אָט די באַדערפֿעניש זי צו זען, זי און נישט קיין אַנדערע, צו ריידן מיט איר, אויסצוהערן איר מיינונג, צו אינטערעסירן זיך מיט אירע געפֿילן, מיט אירע געדאַנקען. דאָס איז נישט זשעני און מאַרגאַרעט! דאָס איז אַן ערנסטע זאַך, און איך וויל זײַן ערנסט, איך וויל כאָטש — פֿאַרשטייסט?... איבעריקנס, איך האָב מיך פֿאַר־רעדט, ווּעמען זאָג איך דאָס? דיר?

סאָניע: זע נאָר, עליאָש איז אַזאַ חכם ווי דו און דאָך קאָן ער מיט מיר ריידן.

נחום: עליאָש איז אין דיר פֿאַרליבט. פֿאַרליבטע קוקן מיט אַנדערע אויגן... ער האָט מיר ערשט נעכטן געזאָגט, אַז ער האָט נישט גע־גלויבט, אַז דו קאָנסט אַזוי שיין פֿילן, נאָר די אַטמאָספֿער אַרום דיר מאַכט דיך קאַליע.

סאָניע: זעסטו!

נחום: פֿאַר דעם דענטיסטל וועסטו די שיינע געפֿילן באַהאַלטן אָדער פֿאַר אַן אַנדערן כאַם.

סאָניע: חנעוודיק ברוגז. זאָל איך חתונה האָבן מיט עליאָשן? וואָס וועט זײַן דער תּכלית דערפֿון? ליב האָבן — איך פֿאַרוּוער אים דען, ער זאָל מיך ליב האָבן?

נחום: סאַרקאַסטיש. אָ, וואָס פֿאַר אַ גוטע נשמה דו ביסט! דו דער־לויבסט אים טאַקע דיך ליב צו האָבן?

סאָניע: נו, זאָג אַליין, צי איז עס אַ חתן? ער זעט גאָר נישט אויס ווי אַ חתן, אַפֿילו נישט ווי אַ מאַן. ס'איז עפּעס נישט. איך ווייס אַליין נישט פֿאַר וואָס, איך וואָלט שוין נישט געקוקט אויף געלט, נאָר עפּעס מאַן־און־ווײַב זײַן מיט אים...

נחום: אָבער אַ געליבטער זײַן?

סאָניע: ער זאָל מיך ליב האָבן?

נחום: דו—אים.

סאָניע: אַנטשלאָסן. אַוודאי האָב איך אים ליב.

עליאַש: קומט־אַרײַן. אַ יונגער־מאַן פֿון אַ יאָר אַכט און צוואַנציק, הויך, טראָגט אַ בערדל; אַן איידל, זאַנפֿט געזיכט; ציכטיק געקליידט; ער האָט דאָס אויסזען און די תּנועות פֿון אַ מענטש, וואָס געווינט צו־טרוי און רעספּעקט. זײַן אַרײַנקומען מאַכט אויףביידן אַן אײַנדרוק.

נחום: גייט אים אַנטקעגן. גוטן אָוונט!

עליאַש: טוט־אויס דעם פּאַלטאָ, נחום נעמט אים צו. גוטן אָוונט, גוט יאָר! גוטן אָוונט, סאָניע! וואָס מאַכט מען גוטס?

סאָניע: שמייכלט צו אים בעת נחום הענגט־אויף דעם פּאַלטאָ. שטיל. איך האָב מיך אַזש פֿאַרבענקט נאָך... אײַך. עליאַש קוקט זי אָן אומ־צופֿרידן. נאָך דיר, אַנטשולדיק, איך פֿאַרגעס ווידער...

עליאַש: ס'איז רעכט אַזוי.

סאָניע: שוין ווידער אַ ברוגזער געקומען. אַנטשולדיקט — רוימט־אײַן דו — געקומען — אַ ברוגזער — ביסט, גוט שוין?

עליאַש: גוט. מיר וועלן דאָס אָפּלייגן אויף אַ ביסעלע שפּעטער, סאָניע; מיר וועלן נאָך ריידן. דורכריידן זיך.

נחום: איר פֿאַרט־אַוועק, טאַקע, עליאַש?

סאָניע: איבערגעראַשט. ווער פֿאַרט?! וווּהין?!

עליאַש: עס האָט זיך מיר פֿאַרבענקט נאָך מײַן שטעטל, נאָך מײַן טאַטן, דעם רבֿ. ער איז איינער אַליין אויף דער עלטער, און — קוקט איר אין די אויגן — פֿון דאַנען פֿאַר איך יעדנפֿאַלס.

סאָניע: ברוגז. זײַט איר דאָס געקומען געזעגענען זיך מיט מיר? אַזוי דאַרפֿט איר גאָר נישט אַרײַנקומען? אַ שיינער גוטער פֿרײַנד!

עליאַש: מיט אַ טרויעריקן שמייכל. פּרעטענזיעס צו האָבן איז אַ ווײַבערישע זאַך, עס פּאַסט אײַך.

סאָניע: קאָקעטיש די גאַנצע ווײַטערדיקע צײַט. אוי, אַ ברוגזער געקומען ווידער, אַ בייזער... גוט!... איך וועל זײַן אויף „דו", אַזוי ווי איר, אַזוי ווי דו, דו ווילסט?

פּויזע. אַ געדריקטע שטימונג. נחום פּילט, אַז ער איז אַן איבעריקער, גייט־אַרויס אומבאַמערקט.

עליאַש. זײַ נישט אַזוי ווי איך וויל, זײַ ווי דו ביסט! דו ביסט שיין — דאָס איז אַלץ; קאָנסט מיר זאָגן „איר".

סאָניע: שוין ווידער ברוגז. איך בין אַ גאַנצן טאָג אַזוי פֿריילעך געווען, בײַ נאַכט האָב איך אַזוי פֿיל געחלומט. איך בין געגאַנגען מיט אײַך שפּאַצירן... אין וואַלד... און מיר זײַנען געלאָפֿן... אין דער פֿרי, אַז איך הייב מיך אויף, פֿאַרגעס איך באַלד די חלומות, עס צערינט און צעשווימט. אײַך חלומט זיך עפּעס?

עליאַש: איך שלאָף נישט, פֿאַרשפּאַר איך צו חלומען.

סאָניע: גלעט אים קוים, קוים די האָר. איר זײַט אַ בייזער הײַנט.

עליאַש קושט זי. ווי שיין דו ביסט, ווי שיין.

סאָניע: גיט עליאַשן אַ חנעוודיק פּעטשל. מען טאָר נישט. גייט־אָפּ אַ פּאָר שריט און קומט באַלד צוריק. איר פֿאָרט דאָך אַוועק! מיר וועט אַזוי לאַנגווײַליק זײַן.

עליאַש: נאָכדענקענדיק. לאַנגווײַליק? איר גייט דאָך תּנאָים שרײַבן.

סאָניע: בלאַס און צעמישט. ווער האָט אײַך דאָס געזאָגט?

עליאַש: סאָניע, סאָניע — איך ווייס אַלצדינג. בײַ מיר האָבן זיך די אויגן געעפֿנט, וואָלט דאָס האַרץ מײַנס נאָר געפֿאָלגט. איך ווייס, אַז דו ביסט פֿעיִק חתונה צו האָבן מיט ווע מען עס איז פֿון גאַס, אַבי נאָר עס זאָל זײַן אַ שידוך. איך ווייס, אַז דו ביסט גרייט אַוועקצוגעבן

דײַן שײנקײט דעם ערשטן בעסטן. איך קאָן דאָך אַלע אײַך... און דאָך, סאָניע, האָב איך דיך ליב. קוקט איר אין די אויגן. ווײסטו כאָטש, ווי ליב איך האָב דיך? ווײסטו, ווי איך קאָן זיך נישט העלפֿן?

סאָניע: באמת ליב? נאַ דיר מײַן האַנט דערפֿאַר.

עליאַש: שטעלט זיך אויף איבערגעראַשט. דו גיסט מיר דײַן האַנט? ביסט מײַנע?

סאָניע: צעטומלט. איך גיב אײַך מײַן האַנט, אַז מיר זײַנען גוטע פֿרײַנד. פּויזע.

עליאַש: מער נישט, ווי פֿרײַנד?

סאָניע: שווײַגט.

עליאַש: שאַרפֿער. מער נישט, ווי פֿרײַנד?

סאָניע: שווײַגט.

עליאַש: פֿאַר וואָס ענטפֿערסטו נישט?

סאָניע: שווײַגט ווידער.

עליאַש: טאָ וועל איך ריידן פֿאַר דיר. לײגט די האַנט אויף איר אַקסל. הערך! ווי צײלנדיק די ווערטער. דו—האָסט—מיך—ליב, נישט יענעם דענטיסט. וואָלט איך דאָס נישט געוווּסט, וואָלט איך אַזוי נישט געליטן. אָט דאָס איז די טראַגעדיע. די פֿאַרשאָלטנקײט, וואָס איז נישט צו ברעכן. דו קאָנסט דיך פֿון דעם הויז נישט אַרויסרײַסן, כאָטש דו ביסט פֿיל בעסער און שענער ווי דו אַלײן ווײסט. אָט דאָס געלט פֿון דײַן טאַטן, די גאַנצע אַטמאָספֿער דײַנע, מאַכט מיך אומגליקלעך און—דיך!

סאָניע: זעצט זיך צו צו אים און גלעט אים די האָר. נו, זײַ נישט בײז, עליאַש! זײ נישט בײז. איך בעט דיך...

עליאַש: איך בין נישט בײז. איך ווײס, נישט דו ביסט שולדיק. דאָס ליגט אין דײַן בלוט. אָט אַזוי ביסטו. דו קאָנסט פֿילן, אָבער דו קאָנסט נישט געטרויען דײַנע געפֿילן, נישט לײגן אויף זײ אַ ווערט. דו האָסט מיך ליב? וואָסער ווערט האָט דאָס? דו ביסט דײַן טאַטנס

אַ קינד. די עפּעלעך פֿאַלן נישט ווײַט פֿון בוים. אַדיע, סאָניע. גייט אַנטאַן דעם פּאַלטאָ.

סאָניע: אומבאַשטימט און טראַגיש. עליאַש... עליאַש...

פֿאַרהאַנג

## 2טער אקט

דאָס זעלביקע צימער. אַ זייגער צען אין דער פֿרי. סאָניע שטייט פֿאַרן שפּיגל און קעמט די האָר. חיה קומט־אַרײַן פֿאַרוויינט, נישט פֿאַרקעמט און צעדולט.

חיה: ווי פֿון אַ תּחינה. אוי, אַ קלאָג צו מײַנע שונאימס קעפּ! אוי, אַ צרה! אוי, אַ בראָך איז מיר ניט געשען! רבונו־של־עולם אין הימל, פֿאַר וואָס האָסטו נישט רחמנות? טאָן־ענדערונג צו סאָניען. און דאָס פּוצט זיך נאָך פֿאַרן שפּיגל! אַזאַ אומגליק אין הויז, און זי האָט זיך צעפּליאַסקעוועט די האָר! שרײַט. ווער וועט דיך וועלן אָנקוקן איצט, חצופּה? אַ משומדס אַ שוועסטער! ווידער תּחינהדיק: אוי—אוי—אוי! ווער האָט זיך דאָס געקאָנט ריכטן? רבונו־של־עולם אין הימל! מײַן קינד, מײַן בלוט... פֿאַרשאָלטן זאָל זײַן דער בויך, וואָס האָט דאָס אויסגעטראָגן!...

סאָניע: ווען שילטסטו, מאַמע? וואָס זײַנען מיר שולדיק?

חיה: וואָס־זשע זאָל איך טאָן? וואָס־זשע דען? וואָס־זשע דען? גיב אַן עצה?

סאָניע: זאָל דער טאַטע נאָכפֿאָרן קיין קיִעוו און אים געבן דאָס געלט. ער האָט ערשט הײַנט אין דער פֿרי געזאָלט אָפּפֿאָרן פֿון דאַנען. עס איז נאָך נישט צו־שפּעט.

חיה: פּראַקטיש. פֿון וואַנען וועל איך אים נעמען פֿינף טויזנט רובל? אַ סך פֿינף טויזנטער רובלס האָבן מיר? ער וויל דאָך אונדז בדלות שטעלן, און דו וועסט בלײַבן זיצן ביז דײַן גרויען צאָפּ.

שכנה: קומט־אַרײַן. אַ יידענע פֿון אַ יאָר פֿופֿציק. גוט מאָרגן! חיה־

לעבן, גוט מאָרגן! סאָניעשי, צ.. צ.. צ.. אָ, וואָסערע האָר! דו זאָלסט זיי בישט וואַשן מיט וואַרעם וואַסער, הערסט?

סאָניע: אַ שיינעם דאַנק פאַר די עצה.

שכנה: ווו איז עפּעס נחום? נישטאָ אין דער היים?

סאָניע: בייז. אַ שיינעם דאַנק פאַר די פראַגע.

שכנה. וואָס־זשע בייזערסטו זיך אַזוי? מען זאָגט עפּעס אין שטאָט... ווייס איך? בין איך געקומען געוווּיר ווערן...

חיה: די פּיסקעס זאָלן זיי אויסגעקרימט ווערן!

שכנה: ווייס איך וואָס! מען זאָגט, זאָג איך נאָך. ס'איז טאַקע וואָר?

סאָניע: שטעלט זיך אויף, ב״ז, ענערגיש. וואָס ווילט איר, בלומע־לאה? געבעטן צו גאַסט?

שכנה: אָ, רבונו־של־עולם, וואָסערע שיינע האָר! זאָלסט מיר לעבן און געזונט זײַן, זאָלסט זיי ניט וואַשן אין וואַרעם וואַסער. הערסט, סאָניעשי?...

סאָניע: זײַט אַזוי גוט און טראָגט זיך אָפּ איצט.

שכנה: איך גיי, איך גיי. זע נאָר, ווי בייז דאָס איז. איך בין געקומען געוווּיר ווערן, נאָר געוווּיר ווערן. אַך, אַ וועלט, אַ וועלט!... אַרויס־גייענדיק. גדליהס זון זאָל אַוועקגיין צו די גויִם... אוי, ווען וועט שוין משיח קומען אונדז אויסצולייזן פון גלות?... אָפּ.

צווייטע יידענע: שטאַמלט. גוט...ט מאָרגן, איך האָב דער באַלע־באָסטע געוואָלט ברענגען אַ גאַנדז אויף שבת, אַ גאַנדז, אַ פעטע. נאָר ווייס איך?... ממ... מע זאָגט... נחום...

סאָניע: וואָס איז אײַער באָבעס דאגה? זעט נאָר, אויך אַ מענטש, און געקומען צו קריכן! גייט אײַך געזונטערהייט.

חיה: וואָס וואַרפּסטו זיך מיט מענטשן? וואַרפן זאָל עס זיי... צו דער יידענע: ווו איז די גאַנדז?

יידענע: די ג...גאַנדז? איך וועל הײַנט קויפן אויפן מאַרק, וועל איך ברענגען, אַ פעטע גאַנדז.

סאָניע: ווער דאַרף אײַך דאָ איצט?

יידענע: איך גיי שוין... געזונט זאָלט איר מיר זײַן, ס'איז טאַקע

**וואָר? אַזאַ אומגליק! מען דאַרף קריעה רײַסן און שבֿעה זיצן, געזונט זאָלט איר מיר זײַן... אַ גוטן מאָרגן, חיה־לעבן! איך וועל ברענגען אַ גאַנדז אויף שבת... אַ פּעטע. אָפּ.**

חיה: צעווײנט זיך אין אַ תּחינה־ניגון. **אוי, וואָס־זשע טוט מען, וואָס־זשע טוט מען, גנעדיקער גאָט אין הימל? וואָס גיט מען זיך פאַר אַן עצה, אַלמעכטיקער גאָט פון ישראל! אַ דונער פון הימל האָט דאָך אונדז געטראָפן.** רופט אין דעם זעלביקן טאָן. **עטאַ, עטאַ!** עטאַ קומט אַרײַן. **ברענג־אַרײַן דאָס פוס־בענקעלע, וועל איך מיך זעצן שבֿעה...**

עטאַ: ברענגט־אַרײַן דאָס פוס־בענקעלע. **ברענגען דעם סידור, צי די צאינה וראינה?**

סאָניע: נעמט דאָס פוס־בענקעלע און שלײַדערט עס אַוועק. **וואָס איז דאָס פאַר אַ ווילדקייט? ווילדע מענטשן! אַנשטאָט עפּעס צו טאָן, נעמט מען גאָר פראַווען צערעמאָניעס. איך וויל נישט האָבן אַ ברודער אַ משומד און דו וועסט נישט האָבן אַ קינד אַ משומד... דער טאַטע וועט אים ברענגען.**

עטאַ: פאַרטרויט צו סאָניען. **דער טאַטע איז נאָכגעפאָרן קיין קיִעוו?**

סאָניע: ענטפערט איר נישט און ענדיקט אירע האָר פאַרקעמען.

עטאַ: ווענדט זיך צו דער מוטער: **דער טאַטע איז נאָכגעפאָרן קיין קיִעוו?**

חיה: **איך ווייס נישט, טאָכטערשי, איך ווייס נישט... אוי, ברענג אַ גלעזל טיי, איך פאַל חלשות, חלשות פאַל איך.**

סאָניע: דרייט זיך אויס פון שפּיגל. **איך זאָג: ער איז נאָכגעפאָרן. מען וועט נישט געבוירן און מען וועט נישט פאַרלוירן מיט פינף טויזנט רובל.**

גדליה: קומט־אַרײַן האַסטיק, אַ צעדרודערטניש.

חיה: **נו?**

סאָניע: **דער טאַטע איז גאָר דאָ?**

עטאַ: **דער טאַטעשי איז נישט געפאָרן?**

גדליה: **שאַ! וואָסערע גוואַלדן?** פאַרטשעפּעט זיך מיט די פיס אין פוס־בענקעלע און פאַלט שיער נישט. סאָניע פאַרהאַלט אים.

סאָניע: די מאַמע האָט שוין געוואָלט שבֿעה פּראַווען. וואָס הערט זיך, טאַטע?

גדליה: וואָס עס הערט זיך? דיר זאָל איך זאָגן? דיר? דו ביסט דאָך מיט אים אין איין עצה אַנטקעגן מיר, אַנטקעגן טאַטע־מאַמע און אַנטקעגן דיר אַליין... מ׳שטיינס־געזאָגט...

סאָניע: איך בין נישט אַנטקעגן דיר, טאַטעשי. איך זאָג נאָר, אַז איידער צו האָבן אַ משומד אין דער משפּחה איז גלײַכער שוין, זאָל קאָסטן פֿינף טויזנט רובל. מיר זײַנען דאָך עפּעס ייִדן...

גדליה: קוקט איר אין די אויגן אַרײַן. נאָכדענקענדיק. ווי האָסטו געזאָגט? מיר זײַנען דאָך עפּעס ייִדן? יאָ, מיר זײַנען; פֿרעג נאָר נחומען, צי ער איז?

סאָניע: קאַטעגאָריש. איך בין אַ ייִדישע טאָכטער!

חיה: אַך־און־ווי איז צו דײַן ייִדישקייט! מיט אַ ווונק צו גדליהן. נו?

גדליה: טראָג מיר אַרויס דאָס פֿוסבענקעלע און גרייט צום טיש אויף אָנבײַסן. גיט אַ ווונק צו חיהען, אַז עס איז גוט. די דינסט ברענגט־אַרײַן אָנבײַסן. גדליה וואַשט זיך, ווישט־אָפּ די הענט, זאָגט המוציא און שאָקלט זיך דערבײַ. פֿאַרגעסט צו עסן, טראַכטנדיק. אויפֿגערעגט, צו זיך אַליין ריידנדיק. און וואָס וועט זײַן ווײַטער? ווײַטער?

סאָניע: וואָס איז דען איצט? דער טאַטע לאָזט אים פֿאָרן קיין קיִעוו?

גדליה: קיין קיִעוו וועט ער שוין נישט פֿאָרן. מען לויפֿט נאָך נישט אַזוי גיך, און מע שמדט זיך נישט אַזוי גיך. פֿאַרשטייסט?

חיה: ווו איז ער?

גדליה: ער איז דאָ אין שטאָט, דער תּכשיט. מען וועט אים באַלד ברענגען צו פֿירן.

סאָניע: ווו איז ער דען?

גדליה: אין דער פּאָליציי איז ער. מען האָט אים פֿאַרהאַלטן בײַ דער באַן.

סאָניע: שפּרינגט־אויף פֿון טיש. ווי איז צו מײַנע יאָרן: האָסט אים געלאָזט אַרעסטירן? דו? אַ טאַטע? אַן אייגן קינד?!

גדליה: שרײַ נישט, שרײַ נישט, מען וועט אים נישט אויפֿהענגען. מען ברענגט אים באַלד צוריק. איך האָב אונטערגעשריבן אַ פּאַפּיר, אַז איך וועל אויף אים אַכטונג געבן.
סאָניע: אָבער דו האָסט געלאָזט אַרעסטירן?
גדליה: שאָקלט זיך נאָכדענקענדיק. איין מאָל פֿרעג איך דיך: וואָס איז דאָס דײַן דאגה? צווייטנס, פֿרעג איך דיך, פֿון וואַנען ווייסטו, אַז איך? אפֿשר גלאָט אַזוי? — און, דריטנס, מײַן טאָכטער — מי־שטיינס געזאָגט, ביסט דאָך אַ טאָכטער, וואָס קאָן מען טאָן? טראַגיש מיט טרערן אין דער שטים. פֿרעג איך דיך: און אַז יאָ, איז וואָס? ער מיך מעג הרגענען, צולייגן אַ מעסער צום האַלדז, און איך טאָר מיך אַפֿילו נישט ווערן? שרײַענדיק. ער האָט מיך אַנגעכאַפּט פֿאַרן האַלדז, ווי אַ גזלן! ער איז דען אַ מענטש? אַ גזלן איז ער, אַ האַרץ, ווי אַ שטיין! דו וועסט אים נישט איבעררײדן. דו וועסט דיך מיט אים נישט אויסטענהן! אַהער — געלט — גיב! אַ גזלן, נישט קיין קינד. צו זיך. און גאָר נישט וועט העלפֿן.
סאָניע: אַז אין דעם הויז איז אַ צערודערניש. דאָס איז דען אַ פֿאַ־מיליע? אַ הויז ווי בײַ לײַטן? דאָ גייט אַלץ קאַפּויר; דאָ גייט איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן, דאָ זײַנען אייגענע קינדער — שטיפֿקינדער, אייגענע עלטערן — שטיפֿעלטערן.
גדליה: אָט האָסטו עס! געגנומען לעקציעס בײַ נחומען. מילא, יענער איז כאָטש געווען אין אוניווערסיטעט, האָט ער זיך אויסגעלערנט די תּורה. אָבער פֿון וואַנען ביסטו דאָס אַזוי קלוג געוואָרן?
סאָניע: פֿון וואַנען אַן איך זע, אַז אין דעם הויז איז קיין עלטערן־ליבע נישטאָ און קיין קינדער־ליבע. דאָ איז אַ תּפֿיסה ווו מען האָט צוזאַ־מענגעפֿירט אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן פֿײַנט איינע די אַנדערע און מען מוז לעבן צוזאַמען.
חיה: געגנוג דיר שוין פּיסקעווען.
סאָניע: אָט האָסטו — „פּיסקעווען". טראַגיש, כמעט וויינענדיק. דאָס הויז האָט מיך פֿאַרדאַרבן, גיפֿט האָט עס מיר געגאָסן אין האַרצן. איך האָב געקאָנט ליב האָבן, געליבט זײַן, האָבן אַ פֿאַמיליע, אַ הויז,

איצטער וועל איך האָבן אַ מאַן... אַ פֿרעמדער... צווי אַרעסטאַנטן אין איין תּפֿיסה.

גדליה: ווייך. וואָס איז דיר, טאָכטער? וואָס וויינסטו?

חיה: זי האָט זיך פֿאַרבענקט נאָך יענעם שלימזל מיטן קאָזע־בערדל.

סאָניע: שטייט־אויף מיט כּעס און שלײַדערט דאָס בענקל. שווײַג, זאָג איך דיר, שווײַג! איר זײַט אַלע נישט ווערט צו דערמאָנען זײַן נאָמען. אָפּ.

גדליה: וואָס איז דאָס ווידער, חיה? ווייסט נישט?

חיה: דער יונגער־מאַן, דער, דער סאָציאַליסט מיטן בערדל, ווי הייסט ער דאָס? עליאָש האָט איר פֿאַרדרייט דעם קאָפּ.

גדליה: נו?

חיה: נו, וואָס? זי האָט דאָך אים אַליין געהייסן גיין זײַן וועג?

גדליה: גיך און צערודערט. טאָ וואָס וויל זי?

חיה: אַדרבה, גיי פֿרעג זי. דו ווייסט דען בײַ זיי דערגיין עפּעס? ז׳איז ווילד, משוגע... אַז דער דענטיסט איז געקומען צו איר יענע וואָך, האָט ער זי געטראָפֿן מיט פֿאַרוויינטע אויגן. אַנשטאָט צו פֿרייען זיך מיט אים, האָט זי אָנגעהויבן בענקען... זיפֿצן, שמיפּצן... יענער ליגט איר אין קאָפּ.

גדליה: שטעלט זיך אויף, גייט איבער דער שטוב, שטעלט זיך אָפּ און מאַכט אַ פֿאַרצווייפֿלטע באַוועגונג מיט דער האַנט. איך הייב נישט אָן צו פֿאַרשטיין מײַנע קינדער — און נישט צו וויסן פֿון דאַן ביז אַהין! עפּעס בורקעוועט[5] בײַ זיי אין די הערצער, און גיי ווייס, וואָס! וואַשט די הענט, נעמט בענטשן. הזן ומפֿרנס את הכּל...

עס קומט־אַרײַן נחום בלאָס, בײז, נישט אויסגעשלאָפֿן. חיה, דערזעענדיק אים, לויפֿט־אַרײַן אין צווייטן צימער.

גדליה: נעמט בענטשן מיטן גאַנצן כּוח, שאָקלט זיך. ומכין מזון לכל בריותיו... אום — אום... ווי־זשט־אַן נחומען מיט דער האַנט, ער זאָל עסן.

---

[5] רודערט זיך, בורטשעט.

נחום: שמייכלט סאַרקאַסטיש. איך וועל נישט פאַרהונגערן, טאַטע. גיי ליבער אַרויס און גיב עפּעס דעם גאָראָדאָוואָ [6] פאַרן וועג, וואָס ער האָט מיך אָפּגעפירט אַהיים.

סאָניע: קומט־אַריין. ביסט גאָר דאָ, נחום?

נחום: דאָ בין איך: אונדזער טאַטע איז אַ גרויסער חשוב ביי דער פּאָליציי, ווי דו זעסט — אַ פּיפּס געגעבן, און מען האָט מיך אַרעס־טירט ביי דער סטאַנציע. מיר קאָנען שטאָלצירן מיט אַזאַ טאַטן.

גדליה: אום — אום — אום... מען וועט זיך שוין אויסטענהן, מען וועט זיך שוין אויסטענהן...

נחום: איך האָב נישט וואָס צו טענהן. דו וועסט מיך מיט שטריק נישט צובינדן. איך וועל געפינען דעם וועג קיין קיִעוו.

חיה: קומט־אַריין. גיי עפּעס עסן, נחום, ביסט דאָך אַוודאי הונגעריק?

נחום: איך בין זאַט, מאַמע, זאַט, שטאַרק זאַט.

סאָניע: דער גאָראָדאָוואָי וואַרט דאָרטן.

גדליה: רוקט איר אַ מטבעה אין האַנט און ווינקט איר מיט דער האַנט, זי זאָל אַרויסטראָגן דעם גאָראָדאָוואָי.

סאָניע: שלײַדערט די מטבעה מיט כּעס אויפן טיש. איך בין דיר מוחל אַזוינע שליחותן!

גדליה: מילא... גייט אַליין אַרויס.

נחום: ווען איך בין אַרויס פון דעם הויז, ביי נאַכט, האָט מיר דאָס האַרץ געקלעמט, איך וועל עס שוין קיין מאָל מער ניט זען, האָב איך געטראַכט: אויף אַזוי עפּעס האָב איך מיך נישט געריכט! גדליה קומט־אַריין. קלערסט מיך טאַקע צו אַרעסטירן ביי דיר אין הויז, טאַטע?

גדליה: „טאַטע"... אַ טאַטע בין איך דיר? ווי קומט דיר, זאָג מיר, אַזאַ וואָרט אין מויל אַריין? „טאַטע"! „טאַטע"!

נחום: ווי דען זאָל איך זאָגן? ר' גדליה? פּאַניע פּינקעלגרין? אי־בעריקנס, ווי עס זאָל ניט זיין, איך וועל מיך קיין מאָל נישט אָפּזאָגן

---

[6] פּאָליציי־מאַן.

דערפֿון, אַז דו ביסט מיר אַ טאַטע... בלוט איז בלוט. איך ווייס דאָס צו־גוט, און דאָס קאָסט מיך מײַן לעבן...

גדליה: הייסט עס, בין איך יאָ אַ טאַטע? טאָ, אַדרבא, זאָג מיר — זעץ זיך אַנידער און לאָמיר ריידן. נחום זעצט זיך. טאָ וואָס־זשע, אַז איך בין אַ טאַטע? וואָס הייסט דאָס?

נחום: דאָס הייסט, אַז ווען איך קוק־אַרײַן טיף אין מײַן אייגענער נשמה, דערזע איך דיך, ר' גדליה פֿינקעלגרין פֿון יאַשינאָוו, און איך ווייס, אַז פֿון דער אייגענער הויט אַרויס קאָן איך נישט שפּרינגען, אַז איך טויג צו גאָר נישט, סײַדן צו מאַכן אַ גוטע קאַריערע און געלט צו פֿאַרדינען.

גדליה: איך פֿאַרשטיי נישט, וואָס דו רעדסט. איך פֿאַרשטיי נישט! איך פֿאַרשטיין נישט! „ער טויג צו גאָר נישט, סײַדן געלט צו פֿאַרדינען". הייסט עס אַז געלט פֿאַרדינען און אַ גוטע קאַריערע מאַכן דאָס איז צו גאָר נישט טויגן? ווען־זשע טויג מען יאָ צו עפּעס? אַז מען לויפֿט־אַרום פּוסט־און־פּאַס?

נחום: אַט וועל איך נישט אומגיין פּוסט־און־פּאַס, וועל ענדיקן און זײַן אַ מענטש.

גדליה: אַ גוי וועסטו זײַן, אַ משומד...

נחום: אָבער געלט פֿאַרדינען, טאַטע, וועל איך? געלט... געלט...

גדליה: געלט... געלט... איך פֿאַרשטיי דיך, איך פֿאַרשטיי! וואָלטן די קינדער אַזוי נאָר פֿאַרשטאַנען די עלטערן, ווי די עלטערן די קינדער. געלט... געלט... פֿאַר מײַנעט וועגן אַרבעט איך? איך בין דאָך אַ ייִד, אַ באַלעבאָס אין שטאָט, האָב ווײַב־און־קינד, מען פֿירט אַ הויז. דו קאָנסט דען דאָס פֿאַרשטיין?

נחום: הייבט זיך אויף פֿון בענקל. דערויף האָסטו מיך אַהיים געשלעפּט מיט פּאָליציי? איך האָב דיך נאָר געוואָלט פֿרעגן, וואָס מייגסטו מיט דעם צו זאָגן?

גדליה: גוואַלד געשרײַען: ביסט דאָך ערגער ווי אַ רוצח. מיט אַ גזלן אַפֿילו קאָן מען דאָך ריידן.

סאָניע: קומט־צו צום טיש. וואָס וועט זײַן פֿון ריידן?

חיה: סאָניע, סאָניעשי, לאָז זיי, לאָז זיי, איך בעט דיך.

נחום: זעצט זיך צוריק. איבעריקנס, לאָמיר ריידן! מיר ריידן אפשר צום לעצטן מאָל.

גדליה: און דו, חיה, זעץ זיך אַוועק, און דו, סאָניע, אויך. אַדרבה, לאָמיר זיך דורכשמועסן געלאַסן. אפשר ביסטו גאָר גערעכט. יעדער איז דאָך אַ מענטש פאַר זיך. דו וועסט זיך שמדן. ס'איז בעסער פאַר דיר. איך וועל צוזאַמענגנעמען מײַן ביסל געלט און איך וועל מיר אַוועק־פאָרן אין דער וועלט אַרײַן לעבן אַ טאָג. ווי דו קוקסט מיך אָן, וואָלט איך נאָך געוועזן אַ בעלן דערויף. אײַ, די מאַמע? איז זי אויך אַ מענטש פאַר זיך, וועט זי גיין פאָדלאָגעס וואַשן. און סאָניע — זאָל זי אויך זאָרגן פאַר זיך. און עטאַ אויך... אַז יעדער איז באַזונדער, יעדער — נאָר פאַר זיך, פאַר זיך אַליין... פויזע. וואָס־זשע שווײַגסטו, נחום?

נחום: איך האָב גאָר נישט צו ענטפערן דערויף. דו ביסט גערעכט, כשר גערעכט. גרויסאַרטיקער מוסר. ערשטקלאַסיקע מאָראַל... מען דאַרף נישט זײַן קיין עגאָיסט. פאַר זיך אַליין זאָרגן. טפו!

חיה: אַוודאי, אַוודאי... אָט אַזוי...

גדליה: גיט איר אַ שטויס. נאַר דו אײנער! ער לאַכט דאָך פון אונדז, ער שפעט־נאָך... בהמה!

חיה: מײַנע שונאים!

סאָניע: נישטאָ וואָס נאָכצושפעטן. מען דאַרף דען טאַקע גערעכט אַ איך זיך אַליין? אַז דיך אַרט נישט צו שמדן זיך, דאַרפסטו געדענ־קען, וואָסערע צרות דו טוסט אונדז אָן מיט דעם.

נחום: סאָניע! דיר וועל איך ענטפערן אַן אַנדער מאָל. איצט רייד איך מיטן טאַטן. איך בין אַן עגאָיסט, טאַטע, אָט אַזוי ווי דו ביסט, אָט אַזוי ווי זי איז, טײַט אויף סאָניען. ווי מיר אַלע זײַנען. איך האָב עס אײַנגעזויגן מיט מײַן מאַמעס מילך, פון קינדהייט אָן ביז צום הײַנטיקן טאָג. אַז מען מעג אַלץ טאָן, אַז קיין זאַך איז נישט פאַרבאָטן...

גדליה: אָבער אַ ייִד ביסטו דאָך? ווי וועסטו דאָס נעמען און ווערן אַ גוי? ווי? ווי?... אָפּטובלען זיך און פאַרטיק? קוקט־אָן דעם גוי! כאַ־כאַ־כאַ!

נחום: אויף מײַן ערלעך וואָרט — ס'איז צום לאַכן. און אפֿשר גאָר צום וויינען, ווײַל אַ גוי וויל איך ניט זײַן, פּונקט ווי איך בין נישט קיין ייִד. גוייִשקייט... ייִדישקייט — ווי קום איך צו אַזוינע זאַכן? איך קאָן מײַן גלויבן נישט בײַטן, ווײַל איך האָב קיין גלויבן נישט. איך בין אַ קינד פֿון אַ פֿאַרדאָרבן הויז, אַ פֿאַרדאָרבענער זון פֿון פֿאַרדאָר־בענע עלטערן.

חיה: מײַנע שׂונאים!

גדליה: לאָז אים, לאָזט אים! זאָל ער ריידן, אַראָפּריידן אַלץ, אַלץ פֿון האַרץ. לאָמיר איין מאָל כאָטש וויסן, וואָס בײַ אים אין קאָפּ טוט זיך, זאָג־זשע, נחום, בין איך גאָר שולדיק, אַז דו ווילסט זיך שמדן? איז די מאַמע שולדיק?

נחום: הייבט זיך אויף, דרייט זיך אַרום אין צימער, קומט־צוריק. ווילסטו אַן ענטפֿער? אַ קלאָרן ענטפֿער? אָט איז ער — יאָ, דו ביסט שולדיק, און זי — טײַט אויף דער מוטער — זי איז שולדיק.

חיה: רבונו־של־עולם אין הימל! אַלע מײַנע בייזע חלומות...

גדליה: בייז. לאָז אים, האָב איך דיר געזאָגט. שרײַט. לאָז אים! זאָל ער ריידן! זאָל ער!...

נחום: גוט, אַז ריידן, זאָל זײַן גערעדט! אויב איך האָב קיין גאָט אין האַרצן נישט, ביסטו שולדיק; אויב איך האָב קיין שום גלויבן נישט, אויסער אין גענוס און ווילטאָג, ביסטו שולדיק; אויב קיין זאַך אין דער וועלט איז בײַ מיר נישט הייליק, ביסטו שולדיק; אויב איך בין אַן עגאָיִסט, און אַ געמיינער טרוקענער עגאָיִסט, ביסטו שולדיק, דײַן קינד בין איך. די עפּעלעך פֿאַלן נישט ווײַט פֿון בוים.

גדליה: איבער מיר האָסטו קיין גאָט אין האַרצן נישט! איך בעט דיך — אין חדר האָסטו געלערנט? רבי־געלט האָב איך געצאָלט? תּפֿילין האָב איך דיר געקויפֿט? ווער האָט דיך געלערנט צו זײַן אַ הפֿקר־יונג, אַן אַפּיקורס? איך?...

נחום: דו! דאָס דאָזיקע הויז האָט מיך אויפֿגעצויגן אַזוי. דו האָסט רבי־געלט געצאָלט? אָ, יאָ! אָבער וואָס האָסטו אַליין מיט מיר גע־לערנט, מיט דײַן אייגענעם בײַשפּיל? אָט וואָס! צו זײַן אַ ציניקער

און אין גאָר נישט צו גלייבן, נישט אַפילו אין אונדזער אַלטן יידישן גאָט. נישט די גאַנצע יידישקייט האָט בײַ מיר עפּעס אַ ווערט געהאַט, נאָך דעם ווי איך, אַ קינד פון זעקס יאָר בין איך דעמאָלט אַלט געווען, אַ פרום קינד, האָב דיך געזען באַהאַלטן זיך שבת אין אַ באַזונדערן צימער, אונטערשרײַבן אַ פּאַפּיר און אַרײַנלייגן אין אַ קאָנווערט. כ'האָב דעמאָלט געוויינט, געקריצט מיט מײַנע קינדערישע ציינדעלעך, ווען אַ שעה נאָך דעם האָסטו געזונגען זמירות מיט חסידים צו שלש־סעודות. וואָסער מוסר האָב איך געזאָלט אָפּלערנען דערפון? אַז דײַן אייגענע פרומקייט האָט קיין קאָפּיקע קיין ווערט נישט. אָדער ווען דער קאַפּראַל[7], אַ מגושמדיקער גוי, פלעגט אַרײַנקומען און דערלויבן זיך אַ גלעט געבן די מאַמען, און דו האָסט גאָר נישט געזאָגט...

חיה: אוי, איך פאַל חלשות, נישט גוט איז מיר!

גדליה: צו חיהן. גיי, גיי־אַרײַן אין דעם צווייטן צימער. גיי דו אויך, סאָניע. זיי טוען דאָס.

נחום: יאָ! איך וועל מיך נישט אָפּשטעלן אין מיטן...

גדליהו: רייד! רייד! רייד!

נחום: אין דעם דאָזיקן הויז איז קיין זאַך נישט טײַער געווען, קיין זאַך נישט הייליק. דײַן גאַנץ לעבן שפּילסטו די ראָל פון אַ פרומען, און אַליין ביסטו גרייט געווען צו טאָן אַלץ, אַלץ! דו גלייבסט נישט, דו האָסט קיין גאָט אין האַרצן נישט און דו שפּילסט דײַן גאַנץ לעבן אַ קאָמעדיע. איך בין געשטאַנען הינטער די קוליסן און האָב געזען. איצט, אַז עס האַנדלט זיך וועגן פינף טויזנט רובל, קומסטו מיר זאָגן מוסר, קומסטו מיר פריידיקן יידישקייט, מאָראַל, אַלטרויזם, זאָרגן פאַר דער פאַמיליע. פון וואַנען האָב איך די אַלע זאַכן געזאָלט נעמען? פון וועמען לערנען?...

גדליה: אויפגערעגט, נאָר אַנטשלאָסן. רייד! רייד! ווײַטער! ניט שטעל זיך אָפּ!

---

[7] אונטער־אָפיציר.

נחום: איך וויל נאָר זאָגן, אַז איך בין דײַן קינד.

גדליה: דו—ביסט—מײַן—קינד. און אַט זאָג איך דיר: דו—ביסט—נישט! מיר, די אַלטע, די נישט־געבילדעטע, לויפֿן זיך נישט שמדן אַבי עפּעס וואָס, און אַז מיר זײַנען אַ מאָל נישט־פֿרום, איז וואָס? אָבער מיר האָבן די העלדזער אויסגעשטרעקט און געשריִען „שמע ישׂראל״ און געשטאַנען פֿאַר אונדזער ייִדישקייט. די בריק זײַנען מיר נישט אַריבער. דאָ זײַנען מיר געבליבן שטיין און נישט ווײַטער. איר, די געבילדעטע, וואָס איר זײַט געפֿאָרן אַזש קיין שווייץ לערנען חכמה און מענטשלעכקייט, איר זײַט דאָס גרייט צו לויפֿן צום טײַוול, טאָמער, חלילה, פֿעלט אײַך אויס אויף אַ ציגאַר. פֿאַר אַ ציגאַר, פֿאַר אַן אויס־געלאָסענער הולטײַקע זײַט איר גרייט אַוועקצוגעבן אַלץ: אײַער ייִדיש־קייט, טאַטע־מאַמע — איך קאָן אײַך נישט?...

נחום: אויב די ייִדישקייט איז דיר טאַקע אַזוי טײַער, טאָ באַצאָל דערפֿאַר! פּויזע.

גדליה: הער... נעמט אים פֿאַרן לאַץ. הער, איך האָב דיך נישט אַהיים געבראַכט דיך צו האַלטן. דו באַקומסט די פֿינף טויזנט רובל, הערסט? די גאַנצע פֿינף טויזנט, אַ גראָשן וועט נישט פֿעלן, איך וועל מיך נישט דינגען. דו באַקומסט, זאָג איך דיר, דו באַקומסט! קורצע פּויזע. נחום שטייט איבערגעראַשט, ווי באַזיגט, די אויגן אַראָפּגעלאָזט. גדליה באַטראַכט אים צו זען, וואָס פֿאַר אַן אײַנדרוק די ווערטער האָבן געמאַכט אויף אים. וואָס־זשע שווײַגסטו?

נחום: אויב אַזוי, האָב איך נישט וואָס צו ריידן.

גדליה: איך האָב נאָך וואָס צו ריידן. וואָס ווילסטו טאָן מיט די פֿינף טויזנט רובל?

נחום: פֿאָרן קיין שווייץ ענדיקן מײַן שטודיום.

גדליה: ווי אַזוי וועל איך זיכער זײַן, אַז דו וועסט דאָס געלט נישט פֿאַרהולטײַען אין איין חודש?

נחום: וועל איך האָבן צו זאָרגן פֿאַר זיך אַליין.

גדליה: ווי אַזוי וועל איך זיכער זײַן, אַז דו וועסט נישט קומען אַ צווייט מאָל בעטן, שוין נישט פֿינף טויזנט רובל, נאָר צען טויזנט רובל?

אַז איך באַצאָל פֿינף טויזנט רובל פֿאַר דײַן ייִדישקייט, מוז איך דאָך זײַן זיכער מיט דעם. בין איך גערעכט?

נחום: פֿײַערלעך. איך גיב דיר מײַן ערנוואָרט.

גדליה: דײַן ערנוואָרט גיסטו מיר? או—הו! אַ שטאַרקע בטיחות דײַן ערנוואָרט! דו זאָגסט דאָך אַליין, אַז בײַ דיר האָט קיין יושר, קיין מאָ־ראַל, קיין שום זאַך קיין ווערט נישט. טאָ וואָס־זשע גיסטו מיר דײַן ערנוואָרט? איך מיין נישט קיין שפּאַס, דו ביסט דאָך נישט קיין נאַר. איך מוז דאָך האָבן עפּעס אַ בטיחות.

נחום: ווייס איך? איך קאָן גאָר נישט צוטראַכטן. אפֿשר ביסטו גע־רעכט, איך בין גרייט צו געבן וואָסערע בטיחות דו ווילסט.

גדליה: ווען מיר טאָן, וואָס מען טוט אין אַזאַ פֿאַל, אַז מען וויל זײַן זיכער. דו ווייסט דאָך, מען נעמט אַ וועקסל, מען שרײַבט־אונטער אַ פֿרעמדן נאָמען פֿון אַ רײַכן מענטשן, און אויף דער צווייטער זײַט חתמעט מען דעם אייגענעם נאָמען. מיט אַזאַ וועקסל קאָן איך דיך לאָזן אײַנזעצן אין טורמע, אויב דו וועסט נישט האַלטן וואָרט. איך קאָן דעם וועקסל אַוועקגעבן אַ פֿרעמדן מענטשן, און יענער וועט דיך אָנ־קלאָגן פֿאַר מאַכן אַ פֿאַלשע חתימה. ס׳איז אַ פּשוטע זאַך, דיך קאָסט עס קיין געלט נישט, און איך בין זיכער, אַז איך האָב מיך אײַן מאָל אויסגעקויפֿט.

נחום: נאָכדענקענדיק: פֿאַלשע חתימות זאָל איך מאַכן? איך וויל אַ סוף מאַכן און אַוועקפֿאָרן קיין אויסלאַנד. מער גאָר נישט...

גדליה: נו?

נחום: אַ פֿאַלשן וועקסל... אַ פֿאַלשע חתימה... לאָמיך אָפּפֿאָרן פֿון דאַנען, לאָמיך אַרויס פֿון דעם אַלעמען.

גדליהו: אַוודאי וועסטו פֿאָרן. פֿאַרגעס נישט, דו וועסט דאָך פֿאָרן ווי אַ באַראָן, מיט פֿינף טויזנט רובל אין קעשענע. וואָס וועט דיר פֿעלן? איך וואָלט בנאמנות געוואָלט מיטפֿאָרן מיט דיר.

נחום: גוט! איך שרײַב־אונטער!...

גדליה נעמט־אַרויס פֿון בוזעם־קעשענע דעם טײַסטער, נעמט־אַרויס אַ בלאַנק פֿון אַ וועקסל, לייגט אים אַוועק אויפֿן טיש פֿאַר נחומען.

גדליה: אָט איז אַ פֿעדער און אָט איז טינט.

נחום: וואָס זאָל איך שרײַבן?

גדליה: שרײַבן? גאָר נישט. אָט אויף דער זײַט שרײַב־אונטער „פּ. טרײַטל״, אָט דאָ. נחום טוט עס. לאָז עס אויסטריקענען... אָט אַזוי איז גוט. און איצט... ער דרייט־איבער דעם וועקסל אויף דער צווייטער זײַט — וועסטו אונטערשרײַבן דײַן אייגענעם נאָמען.

נחום: שרײַבט־אונטער. עס קומט מיר פֿאָר, ווי די מעשׂיות וועגן שׂטן, וואָס קויפֿט־אָפּ אַ נשמה, עפּעס אַזוי סודותפֿול. וואָס שרײַב איך אונטער? דאָ איז דאָך גאָר דײַן נאָמען נישטאָ.

גדליה: מײַן נאָמען דאַרף ניט זײַן. נעמט דעם וועקסל, באַטראַכט אויפֿמערקזאַם. אויספֿולן דעם וועקסל קאָן אַן אַנדערער און מאָנען בײַ דער פֿירמע פּ. טרײַטל, לאָמיר זאָגן, פֿינף טויזנט רובל, און פּ. טרײַטל וועט טענהן, עס איז ניט זײַן חתימה, וועט מען מאָנען בײַ דיר — דו ביסט דער זשיראַנט — און אויב עס וועט זיך אַרויסווײַזן, אַז דו האָסט די אונטערשריפֿט געפֿעלשט, וועסטו גיין זיצן אין טורמע... אָט אַזוי. נעמט דעם וועקסל, לייגט אים אויף און לייגט אים אַרײַן אין טײַסטער.

נחום: אומרויִק. וואָס זאָל דאָס באַטײַטן?

גדליה: איצט וואַש זיך און עס. ביסט דאָך הונגעריק.

נחום: וואָס? וואָס איז דאָס?!

גדליה: פֿון מײַנעט וועגן קאָנסטו עסן אָן געוואַשן. מיך וועט מען ניט שמײַסן פֿאַר דײַנע זינד.

נחום: דעם וועקסל גיב מיר צוריק! וואָס האָסטו אים אין קעשענע אַרײַנגעלייגט?!

גדליה: ער ליגט אין אַ זיכערן אָרט בײַ מיר אין טײַסטער.

נחום: אַלץ אומרויִק: וואָס ווילסטו דאָ טאָן? אין אַ שטאַרקערן טאָן. גיב מיר אָפּ דעם וועקסל!

גדליה: שמייכלט סאַרקאַסטיש. וואָסער וועקסל? וועלכער וועקסל? ציט מיט די פּלייצעס. איצט קאָנסטו זיך לויפֿן שמדן, וועסט ענדיקן דײַן קורס אין טורמע, אַנשטאָט אין אוניווערסיטעט, אויב דו וועסט נאָך אַ וואָרט ריידן וועגן שמד.

נחום: קלאַפּט אין טיש. דעם וועקסל זאָלסטו מיר דאָ אַהערגעבן אָדער געלט. דעם וועקסל אָדער דאָס געלט! וואָס איז דאָס?!

חיה, סאָניע און עטאַ קומען־אַרײַן בײַ דעם ליאַרעם.

חיה: וואָס קריגט איר זיך?

עטאַ: צו סאָניען. וואָס שרײַט ער, סאָניע?

סאָניע: וואָס איז געשען, טאַטע?

נחום: ער האָט בײַ מיר אויסגענאַרט; ער האָט פֿון מיר אַרויסבאַקן־מען אַ וועקסל מיט אַ פֿאַלשער חתימה! העפּטיקער. גוואַלד! איך וועל דאָס הויז אומברענגען, איך וועל דיך...

גדליה: ער איז משוגע אָדער חסר־דעה. וואָס שרײַסטו?! דײַן שרײַען וועט דיר נישט העלפֿן. געלט וועל איך דיר נישט געבן. קאָנסט פֿאָרן זיך שמדן, איך פֿאַרווער דיר נישט.

נחום: ווילד, מאַכט אַ באַוועגונג, ווי ער וואָלט זיך וועלן וואַרפֿן אויפֿן פֿאָטער. איך—וועל—

סאָניע: שטעלט זיך אין וועג. נחום! נישט וואַג אויפֿצוהייבן אַ האַנט! דאָס איז אונדזער פֿאָטער!...

חיה: נחומשע, וואָס טוט זיך מיט דיר?

נחום: איר ווייסט נישט, וואָס ער האָט געטאָן, — ער האָט בײַ מיר אויסגענאַרט אַ וועקסל מיט אַ פֿאַלשער חתימה, ער וויל מיך לאָזן אײַנזעצן אין טורמע. גייט ווידער נענטער צום פֿאָטער. דעם וועקסל גיב־אָפּ, זאָג איך דיר, אויב דײַן לעבן איז דיר ליב!...

גדליה: וואָס וועקסל? ווער וועקסל? דו סטראַשעסט גאָר צו הרגע־נען?!

סאָניע: גייט־צו צום פֿאָטער. מיט טרערן. טאַטעשי, וואָס איז געשען? טשעפּע אים נישט, ער וועט זיך נישט שמדן, ער סטראַשעט נאָר. ווייך און צערטלעך. איך בעט דיך.

חיה: דערזעענדיק, וואָס דאָ איז געשען, רוקט זיך אָפּ. **קום, עטאַ לעבן, קום!** פירט זי אַרויס ביי דער האַנט און גייט אַליין אַרויס.

גדליה: צו סאָניען. **דו בעטסט מיך? פרעג אים, צי ער האָט אַ ברעקל רחמנות אין האַרצן? צי ער געדענקט טאַטע־מאַמע, דיך, אונדז אַלע! פרעג אים!**

נחום: **דעם וועקסל גיב־אָפּ! דעם וועקסל!**

גדליה: **נאָר ניט סטראַשע מיט געשרייען. באַרויק זיך קודם־כל, רויק זיין, זאָג איך.**

נחום: **דו האָסט ביי מיר אויסגענאַרט. דו האָסט מיך געפאַנגען אין אַ נעץ. סאָניע, זיי אַן עדות, אַז ער האָט ביי מיר אויסגענאַרט אַ וועקסל!**

סאָניע: **וואָסער וועקסל? איך ווייס פון גאָר נישט צו זאָגן. פאַררוף זיך נאָר נישט אויף מיר.**

נחום: זעצט זיך אַנידער פאַרצווייפלט אויף אַ בענקל. **אַזוי?! דו אויך מיט זיי? דו אויך? איצט וועט ער זיך נוקם זיין אין מיר.** רייסט זיך ווידער אויף. **גיב־אָפּ, זאָג איך דיר, גיב־אָפּ דעם וועקסל!**

גדליה: **הער־אויף צו ליאַרעמען. וואָסער וועקסל? איך ווייס נישט פון וואָס צו זאָגן.** גייט־צו צו דער טיר און רופט חיהן. זי קומט־אַריין. **זע נאָר, דיין זון איז משוגע, פלאַפלט וועגן אַ וועקסל עפּעס.**

נחום: פאַרצווייפלט, מיט אַ וויינענדיק קול. **זיי וועלן מיך נאָך אַריינזעצן אין משוגעים־הויז. סאָניע, סאָניע! זע נאָר, וואָס ער האָט מיר אָפּגעטאָן!**

סאָניע: **טאַטע, טאַטעשי, זאָל שוין זיין גענוג.**

גדליה: **עס וועט באַלד גענוג זיין. וואַרט־צו אַ ביסל.** שטיל צו איר. **זאָל ער אַקאָרשט וויסן, אַז ער איז ביי מיר אין די הענט.**

נחום: **אין אַ נעץ האָסטו מיך געפאַנגען.**

גדליה: נעמט־אַרויס דעם טייסטער. נחום וויל צולויפן. **זיץ רויק אויפן אָרט, רויק — זאָג איך!** סטראַשעט מיטן פינגער. נחום זעצט זיך. **ניט שריי, נישט ליאַרעם און ניט סטראַשע.** נחום הייבט זיך אויף. **זיץ, זאָג איך דיר, זיץ אויפן אָרט!** נחום פאָלגט. **דו קריגסט געלט, האָב**

איך דיר געזאָגט, פינף טויזנט רובל! נעמט־אַרויס געלט פון טײַסטער. נחום הייבט זיך ווידער אויף. זיצן!

חיה: וויפל גיסטו אים? ער וועט דאָך אונדז בדלות שטעלן.

גדליה: בייז. גיי־אַוועק! דו פאַרשטייסט נישט. צו נחומען. אַט איצט, אַז דו ליגסט ווי אַ הונט צו מײַנע פיס, אַז דו קאָנסט מער ניט סטראַשען, וועסטו קריגן דאָס געלט, די גאַנצע פינף טויזנט רובל, קיין גראָשן וועט נישט פעלן. און זײַ וויסן, ווער דו ביסט און ווער מיר זײַנען. ציילט־אויס הונדערטער אויפן טיש. פאַר וואָס נעמסטו נישט?

נחום: באַרירט אומאַנטשלאָסן דאָס געלט.

גדליה: מיר, אַלטע, אומגעבילדעטע, ווייסן, ווי צו פאַרדינען געלט, מיר ווייסן אָבער אויך, ווען עס אַוועקצוגעבן. נאַ, נעם; נישט פאַר מיר האָב איך אָפּגעהאָרעוועט אַ לעבן. דײַן אויסגעלאַסנקייט האָט דיך פאַרדאָרבן, נישט מײַן הויז. אַט האָסטו אַ לעקציע! נעמט־אַרויס דעם וועקסל. אַט האָסטו דעם וועקסל אויך. איך דאַרף נישט דײַן בטיחות. וואָלטן די קינדער נאָר אַזוי פאַרשטאַנען די עלטערן, ווי די עלטערן — די קינדער...

פאָרהאַנג

# 3טער אַקט

אַן אָרעמער צימער. אַן אײַזערן בעט בײַ דער וואַנט, אַ קליינע עטאַזשערקע מיט ביכער; אַ טיש, צוויי בענקלעך; אַ געפלאָכטענער קאַסטן אויף אײַנצוּפאַקן זאַכן. אויף די ווענט פאָטאָגראַפיעס, בילדער־קאַרטן. בײַ נאַכט. עס ברענט אַ לאָמפּ; האַלב טונקל. דבורה, אַ מיידל פון אַ יאָר דרײַ און צוואַנציק, אַ שיין פנים, נאָר בלאַסלעך; פאַרדאַגהטע אויגן, אַ פאַרכמורעטער שטערן. — בשעת דער פאָרהאַנג עפנט זיך, זיצט זי האַלב ליגנדיק אויפן בעט, דאָס פנים אין קישן. נעבן איר, אויף אַ בענקל, עליאַש.

עליאַש: גלעט איר די האָר און טרייסט זי. וויין נישט, דבורה, נו, וויין נישט. דו ביסט דאָך קיין קינד נישט.

דבורה: באַרויִקט זיך. איז עס הײַנט די לעצטע נאַכט אונדזערע, דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך זע דיך ?

עליאָש: פֿאַר וואָס דאָס לעצטע מאָל ? איך גיי אויף לאַנג, אויף יאָרן אַוודאי, אָבער איך וועל צוריקקומען. מײַן פּלאַץ איז דאָ, צווישן פֿאָלק, ווי לאַנג דאָס פֿאָלק לעבט דאָ. מיר וועלן זיך נאָך זען, דבֿורה, און איך האָף, בעסערע צײַטן וועלן דעמאָלט זײַן.

דבורה: דו קאָנסט גלייבן, דו קאָנסט האָפֿן, אָבער איך... איצט... קראַנק, צעבראָכן, אָן ליבע... פּויזע. און דאָ אַרום, פֿאַלט אַלץ איבער די הענט; אַלע צעלויפֿן זיך, אַלץ באַהאַלט זיך אין די נאָרעס, טרייסלט זיך אָפּ פֿון דער באַוועגונג. זאָג, וואָס איז געבליבן פֿאַר מיר ?

עליאָש: ס'איז געבליבן פֿאַר דיר צו אַרבעטן פֿאַר דער זאַך, אין וואָס דו גלייבסט, אויפֿצוהאַלטן אָט די באַוועגונג, ווען אַלע צעלויפֿן זיך. נאָר נישט קליינמוטיקייט, דבֿורה! אַלע צעלויפֿן זיך — זײַ איינע אַליין אַ העלד אין פֿעלד. די רעאַקציע איז ווי אַ שטורעמווינט, זי רוימט־אָפּ דאָס צעבראָכענע און צעפּוילטע; דאָס געזונטע בלײַבט. זײַ פֿון די געזונטע! זײַ פֿון די שטאַרקע...

דבורה: און דו גייסט־אַוועק...

עליאָש: אונדזערע וועגן האָבן זיך צעשיידט. דו ווייסט, דו איינע אַליין ווייסט דאָס גוט, אַז מיר איז שטענדיק געווען ענג צווישן אײַך. אין מיר האָט געריעדט דאָס בלוט פֿון דורות. לאַנגע דורות פֿון רבנים און פּירערס פֿון פֿאָלק, פֿון גאַנצן פֿאָלק, דבֿורה. איך בין געווען צווישן אײַך, ווײַל דאָס האָט מיר אויסגעזען דאָס שענסטע און דאָס ניצלעכסטע פֿאַרן פֿאָלק. איצט איז די צײַט געקומען, ווען איך מוז גיין אַליין זוכן מײַן אייגענעם וועג. איך וויל גיין קיין אַמע־ריקע, קיין ארץ־ישׂראל, קיין אַרגענטינע, אומעטום, וווּ דאָס פֿאָלק זוכט אַ קאָפּ אָנצושפּאַרן, און זען און באַטראַכטן מיט אייגענע אויגן און געפֿינען דעם וועג.

דבורה: קוקט אויף אים פֿאַרליבט. ווי דו קאָנסט גלייבן, עליאָש! וואָס איז פֿאַר דיר אַנטוישונג? באַלד זוכסטו ווידער. און אַז דו האָסט מיך אויפֿגעהערט צו ליבן, איז דאָ אַ נײַע ליבע אין דײַן

האַרץ. אָט אַזוי זײַט איר אַלע מאַנספאַרשוינען: איר ווערט קיין מאָל נישט געבראָכן. איר ווערט שטענדיק אויף דאָס נײַ געבוירן. מיר, פֿרויען, ליבן איין מאָל, גלייבן איין מאָל, און דערנאָך — קאַפּוט, דאָס לידל איז אויסגעזונגען!

עליאַש: איך וויל דיך ניט זען קליינמוטיק און געבראָכן הײַנטיקע נאַכט, און געדענק אין מײַן פֿרײַדשאַפֿט.

דבורה: אין דײַן פֿרײַנדשאַפֿט... מיט דערשטיקטע טרערן. עליאַש! איך בין קראַנק... איך הוסט... איך וועל שטאַרבן... פֿאַרווײנט זיך. און דו האָסט ליב אַן אַנדערע. סאָניען האָסטו ליב! דו, דו, מײַן איינציקער, וואָס דו ביסט געווען. לענטאָן די הענט אויף זײַנע אַקסלען און כליפּעט. עליאַש לאַשטשעט זי און גלעט איר די האָר.

עליאַש: איך האָב דיר געזאָגט, דבֿורה, איך בין גרייט צו טאָן אַלץ, וואָס דו קאָנסט נאָר פֿאַרלאַנגען פֿון מיר — אַלץ! אויב דו פֿאָדערסט עס, בלײַב איך דאָ מיר דיר. נישט וויין, דבֿורה!

דבורה: וואָס מיר פֿעלט, דאָס קאָן מען נישט פֿאָדערן און דו קאָנסט עס נישט געבן. מיר פֿעלט דײַן ליבע, דײַן האַרץ, און דאָס געהערט נישט מיר. פֿאַרטרויט און געלאַסן. זאָג מיר, עליאַש, דו האָסט זי ליב, אַלץ נאָך ליב?

עליאַש: שווײַגט און גלעט איר די האָר.

דבורה: אויפֿגערעגטער. זאָג מיר, ענטפֿער מיר...

עליאַש: באַהערש דיך, דבֿורה! דו ווערסט ווײַבעריש און קליינמוטיק.

דבורה: שטעלט זיך אַוועק. איך ווער ווײַבעריש — איך בין עס! איך בין אַ פֿרוי, ווי אַלע. אָט בין איך! איך בין אײַפֿערזיכטיק, יאָ! און איך וויל וויסן, צי דו האָסט זי ליב, און ווי שטאַרק. יאָ, איך בין קליינמוטיק, איך בין נײַגעריק. איך בין אַ מיידל, וואָס האָט ליב און איז אײַפֿערזיכטיק — און גענוג שוין דאָס צו באַהאַלטן. פֿאַר וואָס זאָל איך עס באַהאַלטן? דאָס געפֿעלט דיר נישט? און וואָס האָסטו געפֿונען בײַ סאָניען מער? אפֿשר מער כאַראַקטער

ווי ביי מיר? אפשר וויניקער ווייבערישקייט? אפשר וויניקער ניי־געריקייט? איר ביסטו אַלץ מוחל...

עליאַש: איך פאַר־אַוועק פון איר און גיי אַפילו נישט אַריין צו געזעגענען זיך.

דבורה: מיט איר וועסטו זיך נישט געזעגענען, און איך ווייס — דיין האַרץ איז מיט איר. מיט מיר ווילסטו בלייבן, אָבער דיין האַרץ, דיין האַרץ, ווו וועט זיין?

עליאַש: דו פייניקסט מיך, דבורה.

דבורה: העפטיק. און סאָניע פייניקט דיך נישט? וויפל שלאָפלאָזע נעכט האָסטו געהאַט פון איר? זאָג! און זי האָסטו ליב! זי האָט דיך פאַרן ערשטן בעסטן פאַרביטן, און דיין האַרץ געהערט איר!

עליאַש: איך האָב געהערט, זי האָט דעם דענטיסט אַוועקגעשיקט. איז דאָס וואָר, דבורה? איך האָב עס געהערט אין מיין שטעטל. איבעריקנס, אַלץ איינס פאַר מיר. און זע, ווי ווייט איך בין נישט נייגעריק געווען, אַז איך האָב מיך מיט דעם נישט אינטערעסירט. איך האָב באַשלאָסן אַוועקצופאָרן, און מיט דעם באַשלוס האָט זיך די געשיכטע פאַר מיר געענדיקט. נאָר דו קאָנסט מיין באַשלוס אומבייטן, אויב דו וועסט עס פאָדערן פון מיר.

דבורה: פאָדערן? פאָדערן — ליבע?

עליאַש: וועלנדיק אָפּקערן דעם פיינלעכן שמועס אויף אַן אַנדער טעמע. ווייסט, דבורה, די צוויי וואָכן, וואָס איך בין געווען אין דער היים ביי מיין אַלטן טאַטן, האָבן אויף מיר געלאָזט אַזאַ איינדרוק! וויפל מאָל פלעג איך טראַכטן אין דער שטיל: פאַר וואָס האָב איך זיך אָפּגעטיילט און אָפּגעזונדערט פון דעם אַלטן לעבן, פון דער גאַנצער עדה יידן, וואָס לעבט אין נויט — און אין גלויבן? פאַר וואָס קאָן איך נישט פאַרטרעטן מיין טאַטנס אָרט נאָך זיין טויט און זיין רבֿ און אַ פירער פון דעם פאָלק, ווי מיין טאַטע, מיינע זיידעס און עלטער־זיידעס זיינען געווען? דאָס פאָלק איז בליבד? איז נאַריש, איבערגלייביק? פאַר וואָס־זשע אַנטלויפן פון אים? פאַר וואָס ניט בלאָנדזשען מיט אים צוזאַמען, האָפן מיט אים צוזאַמען

און צוזאַמען מיט אים גיין אויף דעם אויסגעטראָטענעם וועג? מיַין טאַטע איז שוואַך און אַלט. שטעל זיך פֿאָר זיַין גליק, ווען ער וואָלט געקאָנט קוקן אויף מיר, ווי אויף זיַין ממלא־מקום! ס׳איז אַן עלנט־קייט צוצוקוקן, ווי דער אַלטער, וואָס האָט מיך אַזוי ליב, שטייט מיר קעגנאיבער וויַט און פֿרעמד. איך בין זיַין קינד, ווי ער — זיַין טאַטנס; אָבער עפּעס איז געשען, און ער פֿאַרשטייט דאָס נישט גענוי.

דבורה: איך פֿאַרשטיי דיך, עליאַש. פויזע. איך בין שטענדיק אַזוי גליקלעך געווען דיך צו פֿאַרשטיין, מיטצולעבן דיַינע געדאַנקען און געפֿילן. זאָג, איז עס דאָס לעצטע מאָל, וואָס מיר ריידן, דאָס לעצ־טע מאָל? וווּ וועל איך זיך אַהינטאָן, עליאַש?

עליאַש: אין אַרבעט פֿאַרן פֿאָלק וועלן מיר זיך פֿאַרגעסן, איך און דו.

דבורה: דו?

עליאַש: איך האָב אויך וואָס צו פֿאַרגעסן.

דבורה: ווידער העפּטיק. דו האָסט זי ליב? זי? וואָס איז נישט ווערט דיר אין די אויגן צו קוקן? זי, דער פוסטער קאָפּ מיטן פּנים פֿון אַ ליאַלקע!

עליאַש: מיט פֿאָרוווּרף. דבֿורה, נישט רייד אַזוי!

דבורה: דורך טרערן. איך האָב דיר געזאָגט, איך בין איַיפֿערזיכ־טיק. איך בין! פֿאַר וואָס דערלויבסטו מיר ניט צו זיַין אַ געוויינלעך מיידל? איך בין נישט מער, ווי אַ פֿרוי... צעווייַנט זיך. אַ געפֿאַ־לענע, אַ געבראָכענע. וואַרפֿט זיך אויפֿן בעט און כליפּעט.

עליאַש: דבֿורה! דבֿורה!... וואָס איז מיט דיר? דו האָסט עפּעס אויפֿן האַרץ, פֿאַר וואָס דערציילסטו נישט? איז נישט נחום אין דער מיט?

דבורה: יאָ, ער! ער לאָזט מיך נישט רוען, ער פֿאַרפֿאָלגט מיך און איך בין שוואַך, געבראָכן... און איך פֿאַל, פֿאַל.

עליאַש: וואָס וויל ער פֿון דיר? דערצייל.

דבורה: איך זאָל מיט אים פֿאָרן קיין אויסלאַנד. ער האָט באַקומען

פינף טויזנט רובל פון זײַן פאָטער.

עליאַש: נאָכדענקענדיק. וויל ער מיט דיר חתונה האָבן?

דבורה: איך ווייס, וואָס ער וויל?

עליאַש: האָט ער דיך באַליידיקט מיט עפּעס? האָט ער זיך וואָס עס איז דערלויבט?

דבורה: ניין, ניין, עליאַש. ער איז אַ גאַנץ אינטעליגענטער מענטש, אָבער איך שרעק זיך פאַר אים. איך ווייס נישט, אָבער איך האָב דאָס געפיל, אַז איך פאַל אין אַן אָפּגרונט. ער איז מיר פרעמד, דער מענטש. ער דערציילט פון דער שווייץ און מאָלט מיר אויס גליקן, ווו מיר וועלן זײַן, וואָס מיר וועלן זען, און ער שפינט און שפינט אַ נעץ אַרום מיר. איך וועל דעם נסיון ניט בײַשטיין. איך האָב קיין אָנשפּאַר נישט מער. ס'איז מיר גאָר נישט געבליבן. דו פאָרסט־אַוועק. די באַוועגונג איז טויט. איך בין אָרעם, שוואַך, גע־בראָכן...

עליאַש: ווילסטו גיין מיט אים?

דבורה: איך האָב אויפגעהערט צו וועלן. אויב איך וויל עפּעס, איז עס, אַז דער טויט זאָל קומען וואָס גיכער. פאַרהוסט זיך. די שווייץ קאָן מיך נאָך אַ מאָל געזונט מאַכן. נאָר וואָס וועל איך טאָן אין אַזאַ לאַנגן, פוסטן לעבן?

עליאַש: איך האָב נישט געוווסט, דבורה, אַז דו ביסט אַזוי פאַר־צווייפלט. און איך וויל דיר העלפן. מיר מוזן די זאַך באַטראַכטן.

דבורה: לענט זיך אָן צו אים אויפן אַקסל און גלעט אים די האָר. איך ווייס, עליאַש, דו ביסט אַ גוטער. דו ביסט גרייט פאַר מיר אַלץ צו טאָן; אָבער דו ביסט געבוירן צו עפּעס בעסערס ווי ליב צו האָבן אַן אָרעמע שנײַדערקע, אַ בונדיסטקע. פאַר, פאַר, מײַן לעבן, פאַר! צערטלעך. איך וועל דיר ניט שטיין אין וועג מיט מײַן נאַרישער ליבע. וועסט מיך געדענקען, עליאַש?

עליאַש: עס קאָן אַלץ נאָך גוט ווערן.

נחום: קומט־אַרײַן, דערלאַנגט די האַנט דבורהן, דערנאָך עליאַשן. עליאַש? ווען זײַט איר געקומען? הײַנט? מײַן שוועסטער זוכט אײַך.

עליאַש: **סאָניע זוכט מיך? איך פֿאָר מאָרגן אָפּ קיין אויסלאַנד. גיט איר אָפּ אַ גרוס פֿון מיר.**

נחום: **איר ווערט זיך מיט איר נישט געזעגענען? איך מיין, זי ווערט נאָך היינט ביי נאַכט דאָ זיין. דבורה, איר האָט היינט געזען סאָניען?**

דבורה: **יאָ. זי האָט זיך נאָכגעפֿרעגט, ווען עליאַש קומט. האָב איך איר געזאָגט, אַז היינט. וואָס מאַכט זי? זעצט זיך, נחום.** דערלאַנגט אים אַ שטול נעבן טיש. אַזוי ווי ס'זיינען דאָ נאָר צוויי בענקלעך אין שטוב, נעמט זי צורוקן דעם טיש צום בעט, עס זאָל זיין פּלאַץ פֿאַר אַלעמען. וואַרט, **איך וועל צורוקן דעם טיש. ס'איז ביי מיר היינט אַזאַ אומאָרדענונג.**

נחום: **איך בין נישט קיין גרויסער אָנהענגער פֿון אָרדענונג. לאָזט, איך וועל שוין צורוקן דעם טיש.** טוט עס. עליאַש העלפֿט אים. אַלע זעצן זיך. **וואָס סאָניע מאַכט?** פֿריילעך און דרייסט. **ס'זיינען אַפֿילו נישט מיינע זאַכן, נאָר איך וויל מיר דערלויבן צו זאָגן...** קוקט אויף עליאַשן. **אַז אין איר איז פֿאַר די לעצטע צוויי וואָכן, וואָס איר זייט דאָ נישט געווען, פֿאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג.**

דבורה: ניי'געריק. **אַזוי? דערציילט!**

נחום: **זי איז פֿאַרליבט. איר ווערט מיר דערלויבן צו זאָגן, עליאַש, זי בענקט נאָך אייך.**

עליאַש: זייער אָנגעשטרענגט און מיט נישט־מאַסקירטן פֿאַרדראָס. **איך האָב נישט ליב, מען זאָל מיר אָנטראָגן מעשיות. און איך ווייס נישט, צוליב וואָס איר דערציילט מיר דאָס. האָט אייך אייער שוועסטער געבעטן דאָס איבערצוגעבן?**

דבורה: **ביסטו בייז, עליאַש? ער מיינט נישט קיין שלעכטס.**

נחום: **שלעכטס? בנאמנות, איך האָב אַ קלער געגעבן, צי וואָלט נישט געווען קיין יושר, מיר זאָלן אַלע פֿיר, מיר דריי און סאָניע, אָט אַזוי, ווי מיר שטייען און גייען, אַרויספֿאָרן קיין אויסלאַנד.** קלאַפּט זיך אויף דער ברוסטקעשענע. **געלט איז דאָ: פֿינף טויזנט רובל!**

עליאַש: הייבט זיך אויף, שפּאַצירט איבערן צימער און ברומט־אונטער אַ חסידיש ניגונדל.

נחום: צו דבורהן שטיל. איך האָב אים עפּעס באַליידיקט?
דבורה: איך ווייס נישט. איר האָט עס נישט געדאַרפט זאָגן.
נחום: הויך צו עליאָשן. אויף מײַן ערלעך וואָרט, איך האָב קיין ביין נישט געמיינט. אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך האָב מיר דערלויבט.
עליאָש: גוט. איך האָב נישט צו אײַך. שמייכלט. איך מיין נישט מיט דעם צו זאָגן, אַז וואָס איר האָט דערציילט אינטערעסירט מיך נישט. פאַרקערט אפשר. נאָר דער טאָן אײַערער שאָקירט. אַ ביסעלע מער באַשיידן. עס גייט אַלץ בײַ אײַך אַזוי גלאַטיק, ווי אויף אַ גליטש באַרג־אַראָפּ. אײַערע זאַכן, פרעמדע זאַכן, געלט, שוועסטער, פאַרליבט, אויסלאַנד, בענקט — איר זײַט קענטיק, אין זייער אַ גוטער שטי־מונג?
נחום: איר האָט געטראָפן, איך פיל מיך איצט פרײַ.
עליאָש: צוליב דעם געלט, וואָס בײַ אײַך אין בוזעמטאַש?
נחום: געלט גיט פרײַהייט. איך בין אַן אָפענער מענטש. איך האָב ליב צו זאָגן דעם אמת.
עליאָש: דעם אמת זאָגן מאַכט נישט אויס. נאָר אָפן זײַט איר שוין צו־פיל אָפן. אַ קרעטשמע איז אָפן פאַר אַלע. אַ האַרץ דאַרף זײַן אָפן נאָר פאַר פרײַנד.
נחום: שטעלט זיך אויף. איך בעט אײַך גאַנץ ערנסט אַנטשולדיקונג. איך האָב געמיינט, מיר זײַנען באַפרײַנדט.
דבורה: קום־אַהער, עליאָש, און זעץ דיך! קריגט אײַך נישט. קום־אַהער און גיט אײַך די הענט. עליאָש און נחום, ביידע קווענקלען זיך. נו, קום, עליאָש! נחום, אײַער האַנט! נעמט זײַן האַנט. נו, מאַכט שלום! זיי גיבן זיך די הענט. עליאָש שמייכלט.
עליאָש: איך האָב נישט צו אײַך, נחום. איך האָב אײַך קיין מאָל נישט געהאַלטן פאַר אַ שלעכטן מענטש. פאַרקערט, איך האַלט, אַז אין תוך גענומען זײַט איר בעסער ווי איר אַליין רעדט פון זיך.
דבורה: און איך מיין אויך אַזוי.
נחום: נו, אַז איר ביידע מיינט, מיין איך אויך. איך בין אויפגעצויגן אין אַ הויז פון אַן אויפגעקומענעם גביר, וואָס איז אַליין נישט פרום

און פֿירט אַ פֿרום לעבן, האָב איך מיך דעריבער פֿון מײַן קינדהייט אָן אויסגעלערנט צו לאַכן פֿון הייליקייטן. עליאָש איז אויפֿגעצויגן אין אַ פֿרום הויז, בײַ אַ טאַטן אַ רבֿ, איז ער אידעאַליסטיש געשטימט. ס׳איז נישט מײַן שולד און ניט זײַן פֿאַרדינסט. אָט אַזוי זײַנען מיר; נישט אמת, עליאָש?

עליאָש: ס׳איז אפֿשר אמת, נאָר ווען איר רעדט, הייב איך אָן פֿײַנט צו קריגן דעם אמת אַליין.

דבֿורה: דו ביסט הײַנט בייז, עליאָש. נאָר דו קריגסט זיך.

נחום: אָ, מיר קריגן זיך נישט. מיר פֿאַרשטייען זיך נאָר, ווי צוויי גנבֿים פֿון איין באַנדע.

עליאָש: לאַכט הויך און האַרציק. גוט!

נחום: מיר זיצן בײַ אַ ליידיקן טיש. איך מיין, איך וועל לויפֿן עפּעס ברענגען. האָט איר ליב שאַמפּאַניער, עליאָש?

עליאָש: דעם אמת זאָגנדיק, איך האָב אין מײַן לעבן נאָך נישט פֿאַרזוכט.

דבֿורה: און איך אויך נישט.

נחום: טאָ זאָלט איר פֿאַרזוכן. באַלד וועט סאָניע קומען, וועלן מיר האָבן אַ הוליאַנקע. גייט־אַרויס.

דבֿורה: ער איז גאָר נישט אַזאַ שלעכטער יונג.

עליאָש: ווי צו זיך ריידנדיק. סאָניע וועט דאָ זײַן... שאַמפּאַניער וועלן מיר טרינקען. ווי אַזוי איז דאָס געוואָרן? איך האָב געוואָלט דיך זען, דבֿורה, און אָפּפֿאָרן.

דבֿורה: מונטער. דער פֿריִערדיקער אומעט איז איבערגעגאַנגען אין אַ מאָדנע־קרענקלעכער לוסטיקייט. לאָמיר לוסטיק זײַן, עליאָש. און וואָס וועט זײַן, וועט זײַן. צוויי מאָל לעבט מען נישט, און איין מאָל מוז מען שטאַרבן, — טאָ וואָס איז דער אונטערשייד? מיר וועלן זיך הײַנט אָנשיכּורן, עליאָש, איין מאָל געלעבט!

עליאָש: דו האָסט זיך געענדערט, דבֿורה. נאָכדענקענדיק. און איך אויך. אין דער דאָזיקער משפּחה, בײַ אַלע בײַ זיי, בײַ נחומען, בײַ סאָניען, בײַם אַלטן אַפֿילו, איז פֿאַראַן עפּעס אַזוינס, וואָס זאַפּט זיך

אײַן בײַ יעדן אין דער נשמה, ווי אַ גיפֿט. עס קלעפּט זיך צו. זיי זײַנען אַלע נישט קיין שלעכטע מענטשן, נאָר זיי שוועבן־אַרום אין עפּעס אַ פּוסטקייט, אַ מין קלאַנג, ווי פֿון אַ הוילער פֿאַס. הערט זיך פֿון זיי.

דבורה: דו ביסט הײַנט שלעכט געווען צו נחומען. ער אַכט דיך זייער און וואָלט פֿאַר דיר געגאַנגען אין פֿײַער און אין וואַסער.

עליאַש: איך וועל גליקלעך זײַן, אויב דו וועסט זיך פֿילן גליקלעך מיט אים.

דבורה: צערטלעך־קאָקעטיש. עליאַש! דו ווילסט מיך פֿאַרהאַנדלען, אַבי פּטור צו ווערן פֿון מיר.

עליאַש: דעצידירט. נו, שווײַג, דבורה! איך בעט דיך. דו האָסט שוין באַלד באַקומען דעם טאָן פֿון דער משפּחה.

דבורה: איך וועל נישט מער, עליאַש. לאָמיר לוסטיק זײַן הײַנט בײַ נאַכט, אָנשיכּורן זיך, יאָ?

סאָניע: קומט־אַרײַן. אירע אויגן פֿינקלען, און עס איז קענטיק אויף איר די איבערראַשנדיקע פֿרייד, וואָס זי האָט געטראָפֿן עליאַשן. גיט אים די האַנט. גוטן־אָוונט, עליאַש! איך האָב אײַך געפּאַקט. דראַט אים מיטן פֿינגער פֿון דער לינקער האַנט. די רעכטע האַלטנדיק אין זײַנער. פֿון מײַן האַנט דרייט מען זיך נישט אַזוי גיך אַרויס. איר האָט געוואָלט אַנטלויפֿן, שעמט זיך... גוטן־אָוונט, דבורה, וואָס מאַכסטו?

דבורה: אָט ווי דו זעסט, עליאַש פֿאַרלאָזט אונדז...

סאָניע: האַלטנדיק אַלץ איר האַנט אין עליאַשעס, צו אים. ס'איז וואָר?

עליאַש: איר אַרײַנקומען האָט אויף אים געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנ־דרוק. זעץ דיך, סאָניע, מיר וועלן באַלד האָבן שאַמפּאַניער.

סאָניע: שאַמפּאַניער? דערויף בין איך גראָד אַ בעלן. ווו איז ער?

דבורה: נחום וועט באַלד אַרײַנברענגען.

סאָניע: אַזוי? נחום איז דאָ? ווו זײַט איר געווען, ווו ביסטו געווען, עליאַש?

עליאַש: אין דער היים, ביי מיין אַלטן טאַטן.
סאָניע: פאַרטרויט. דו האָסט ליב דיינע עלטערן?
עליאַש: זייער.
סאָניע: איז דיין טאַטע אויך אַזאַ שיינער ווי דו?
עליאַש: צי ער איז אַ שיינער, ווייס איך נישט, נאָר ער געפעלט מיר.
סאָניע: ער האָט אַוודאי אַ ווייסע לאַנגע באָרד, גרויסע גרויע ברעמען... פאות אויך?
עליאַש: פאות אויך. און אַ ריין געוויסן, און אַ גרויסן גלויבן און ליבע צום פאָלק — אויך.
סאָניע: און דיין מאַמע?
עליאַש: זי לעבט נישט מער.
סאָניע: איך מיין, וואָס איז זי געווען?
עליאַש: אַ האַרציקע, גוטע און פרומע יידענע. אַ פערטל שעה פאַרן טויט האָט זי מיין נאָמען דערמאָנט.
סאָניע: ווייסט, צוליב וואָס איך פרעג דאָס? ווייל איך מיינע עלטערן האָב נישט ליב.
נחום: קומט־אַריין, די הענט און די טאַשן פול מיט פלעשער און פעקלעך צום עסן. לאָדעוועט דאָס אַלץ אויס אויפן טיש.
דבורה: באַטראַכט אַ פלעשל. אָט דאָס איז דער שאַמפּאַניער? סאָניע, ווילסט זיך הייַנט אָנשיכורן מיט מיר?
סאָניע: אַז עליאַש וועט טרינקען, טרינק איך אויך.
עליאַש: אַלע, אַלע ווילן מיר הייַנט טרינקען, סאָניע. מיר זיינען אַלע נישט מער ווי שוואַכע מענטשן, און זאָל דער ווייַן אונדז קרעפטיקן אָדער מאַכן פאַרגעסן.
נחום: פאַקט אַלץ אויס. און אָט זיינען גלעזלעך אויך. איך האָב גאָר נישט פאַרגעסן. פאָרן מיר אַלע צוזאַמען, עליאַש? סאָניע? גיסט־אָן דעם ווייַן.
סאָניע: צו עליאַשן קאָקעטיש. האָסט געוואָלט אַנטלויפן פון מיר?
נחום: נאָר נישט פילאָסאָפירן! געטרונקען זאָל ווערן. לחיים!

דבורה: זע נאָר, עס שוימט דאָך אַקוראַט ווי סאָדע־וואַסער.

עליאַש: פֿאַר וואָס טרינקען מיר, סאָניע?

סאָניע: פֿאַר וואָס דו ווילסט.

דבורה: רופֿט־צו. טרינקען! טרינקען! און גאָר נישט ריידן. טרינקט־אויס איר גלאָז און פֿאַרהוסט זיך. אוי! שטאַרק! נאָך איינס. אַלע טרינקען צו ביסלעך.

נחום: גיסט־אָן דבֿורהן נאָך אַ גלאָז.

עליאַש: ס'איז פֿאַר דיר נישט געזונט, דבֿורה, צו טרינקען צו פֿיל.

דבורה: נישט געזונט? נאַר דו איינער! ס'איז געזונט. ס'וועט מיך אַזוי צענעמען, צעטראָגן דאָס האַרץ און די לונגען. קום, סאָניע, ווילסט זיך צעקושן מיט מיר. עליאַש ווינקט צו סאָניען און זיי צעקושן זיך. ביסט אַ גוט מיידל, סאָניע, דו פֿאָלגסט... און איצט צעקושט איר אײַך, דו און עליאַש, פֿאַר מיר אין די אויגן.

סאָניע און עליאַש: קוקן זיך אָן און שמייכלען, טרינקען־אויס זייער ווײַן און גריסן מיט די גלעזלעך.

דבורה: נו, נו? איך הייס, איר זאָלט זיך צעקושן. טרינקט־אויס איר גלעזל מיט איין זופּ און שרײַט: איך הייס! וועט איר מיך פֿאָלגן צי ניין?!... וואָס איז דער מער מיט אײַך?! זי פֿירט זיי צוזאַמען און זיי צעקושן זיך.

נחום: און ווו בין איך, דבֿורה? אין בעסטן קינד פֿאַרגעסן.

דבורה: פֿאַלט האַלב־שיכּור אויף זײַנע אַקסלען. דו? דו ווילסט אויך אַ קוש? דו ווילסט? הייבט־אויף דעם קאָפּ און קושט אים אין די אויגן אַרײַן. וואַרט אַ ביסל:

סאָניע: איצט וועל איך קאָמאַנדעווען. צעקושט אײַך!

דבורה: דו קאָמאַנדעווען? ניין! איך מעג קאָמאַנדעווען, און מיך מוזן אַלע פֿאָלגן, אָבער דו — ווי קומסטו צו מײַן ראָלע? האַ? דו ביסט אויך קראַנק? דײַן געליבטער האָט אויך ליב אַן אַנדערע? דײַן באַוועגונג, וואָס דו האָסט אַוועקגעגעבן דײַן לעבן דערויף, שטאַרבט אויך אָפּ? האַ? זי — קאָמאַנדעווען?... איך — מעג!..

נחום: בראַוואָ, דבֿורה, בראַוואָ! פֿאַרסט מיט מיר?

דבורה: **ביסט אַזוי אומגעריכטערהייט געוואָרן מיט מיר אויף „דו"**... גוט, **איך פֿאַר**. דו ווילסט, **איך זאָל זײַן דײַן געליבטע? דו ווילסט?** צעלאַכט זיך **כאַ־כאַ־כאַ, עליאַש! ער וויל מיך האָבן פֿאַר אַ געליבטע**, צו נחומען. **דו ווילסט?**

נחום: **צי איך וויל?**

דבורה: **טאָ טרינק־זשע, טרינק, נאַר!** זי גיסט־אָן און ער טרינקט און ווינקט איר צו.

עליאַש: שטיל צו סאָניען אין אַ זײַט. **איך האָב שטענדיק געגלויבט, אַז אין דײַן האַרץ דרימלט עפּעס בעסערס. איצט איז עס וואַך געוואָרן.**

סאָניע: פּיעשטשעט זיך. **אָבער דו האָסט מיך נישט ליב...**

עליאַש: ווייסטו, ווי איך האָב געליטן, **וויפֿל נעכט איך בין נישט געשלאָפֿן צוליב דיר? און וואָס האָט געזאָלט זײַן מײַן רײַזע קיין אויסלאַנד? איך האָב געוואָלט אַנטלויפֿן פֿון מײַן אומגליק.**

סאָניע: **ווילסט נאָך אַנטלויפֿן?**

עליאַש: מיט צערטלעכן פֿאַרוואָרף. **סאָניע!** נעמט איר האַנט און קושט זי. **ווי שיין דו ביסט! דו ביסט געווען מײַן אומגליק, איצט זאָלסטו זײַן מײַן גליק.**

סאָניע: **און דו וועסט מיך ליב האָבן, שטאַרק ליב האָבן, ווען איך וועל זײַן דײַנע...** זי מאַכט אַ באַוועגונג, ווי זי וואָלט אים וועלן ווײַזן איר גראַציעזן קערפּער.

עליאַש: אין פֿאַרלעגנהייט. **דײַנער... דײַנער...**

דבורה: באַטראַכט זיי אַ קורצע ווײַלע מיט שיכורע בליקן, לויפֿט צו זיי צו. **שוין אַזוי פֿרי זיך צערטלען — איר וועט נאָך צײַט האָבן.** כאַפּט עליאַשן פֿאַר דער האַנט און שלעפּט אים. **ע, קום־אַהער, מײַן חתן, מײַן באַשערטער, מײַן גליק! האַ? ווי קומסטו צו איר? זי איז דיר אַ פֿרעמדע — אַ בורזשויקע!** צעלאַכט זיך. **כאַ־כאַ־כאַ! האָב נישט מורא,** סאָניע, **איך וועל אים בײַ דיר נישט צונעמען. וואָס קאָן איך אים געבן? אָן אָרעמע שנײַדערקע, אַ צעבראָכענע און אַנטוישטע! איך וועל אים קאָנען געבן נאָר אומגליק.** צו עליאַשן. **ווילסט זײַן**

גליקלעך? ווילסט? זאָג! וועסטו מיר כאָטש דערציילן, ווי פילט מען דאָס, ווען מ'איז גליקלעך? דו וועסט מיר דערציילן, ווי איר רעדט צוזאַמען און שמועסט און — כאַ־כאַ־כאַ... שרײַענדיק. — און איר קושט אײַך! כאַ־כאַ!

נחום: דבֿורה! מיר איז לאַנגווײַליק. נעמט זי פֿאַר דער האַנט. קום, ווען מיר טרינקען.

עליאַש: אַלע זאָלן מיר הײַנט טרינקען, ווײַל עס איז אַ נאַכט פֿון פֿאַרגעסנקייט. גיסט־אָן די גלעזער און לאָמיר זינגען לידער.

מען גיסט־אָן און מען טרינקט.

נחום: אָ, איר זײַט אויפֿן ריכטיקן וועג, עליאַש: ווײַן, ווײַב און געזאַנג!

עליאַש: ס'איז אַ נאַכט פֿון פֿאַרגעסנקייט. דער בוים האָט פֿאַרגיפֿטיקטע וואָרצלען, אָבער די עפּל זײַנען זיס. נעמט־אַרום סאָניען און קושט לײַדנשאַפֿטלעך. דבֿורה, גיב מיר דײַן האַנט... דו דערקענסט מיך? וואָס איז דאָס געוואָרן פֿון אונדז?

סאָניע: נחום, הערסט? אונדזער בוים האָט פֿאַרגיפֿטיקטע וואָרצלען!

נחום: דערלאַנגט די האַנט עליאַשן. בראַוואָ, עליאַש! דאָס ריכטיקע וואָרט געזאָגט. פֿאַרגיפֿטיקט איז געווען אונדזער אָנהייב, סאָניע, און קיין זאַך וועט אונדז נישט העלפֿן... דבֿורה, דבֿורה, קום־אַהער! צעקוש זיך מיט מיר. איך בין אַ פּאָדלער[8] יונג, ווי דו קוקסט מיך אָן, אָבער איך האָב ליב דײַן ריינקייט און דײַן ערלעכקייט.

דבֿורה: מיד, ווײַבעריש־שוואַך. צעקושט זיך מיט אים. וואָס ווילסטו מאַכן מיט מיר, נחום? איך בין אַזאַ אָרעמע... אַזאַ פֿאַרלאָזטע.. און האָב קיין גלויבן נישט מער, און האָב נישט פֿאַר וואָס צו לעבן...

נחום: איך וויל דיך ליב האָבן, דבֿורה, אין אמתן ליב האָבן, נישט ווי אַ פֿאַרדאָרבענער ציניקער, נאָר ווי אַ רעכטער מענטש. און אויב איך וואָלט געהאַט אַ גאָט, גלייב איך, איך וואָלט איצט געפֿאַלן אויף די קני און געבעטן, ער זאָל מיר העלפֿן דיך ליב האָבן.

---

[8] געמיינער, נידערטרעכטיקער.

סאָניע: עליאַש, ווו זײַנען די לידער?
עליאַש: נו, העלפֿט! זינגט:

שיקט דער האַר אַ פויערל אין וואַלד,
ער זאָל די באַרעלעך רײַסן.
פויערל וויל נישט די באַרעלעך רײַסן,
באַרעלעך ווילן נישט פֿאַלן...
באַרעלעך ווילן נישט פֿאַלן...

האַקט־אָפּ. קיינער וויל נישט העלפֿן?
דבורה: איך, איך... זינגט: באַרעלעך רײַסן, באַרעלעך רײַסן...
האַקט־אָפּ. ניין! זאָל סאָניע זינגען מיט דיר! איצט זאָל זי זינגען.
סאָניע: העלפֿט־אונטער: באַרעלעך רײַסן...
עליאַש: דו זינגסט פֿאַלש. אַ פֿאַלשן טאָן, נישט אַזוי...
דבורה: אַ פֿאַלשן טאָן — זע, עליאַש, זי קאָן נישט זינגען, זי קאָן נישט!
עליאַש: אויב ניט זינגען, טאָ זאָלן מיר טרינקען.
נחום: טרינקען, טרינקען! דבֿורה! נאָך איין מאָל געקושט זיך מיט מיר.
דבורה: ניין, ניין! נישט קושן, וואַרט, נחום, וואַרט! איך וועל מיך צו ערשט אויסלערנען זײַן אַ ליובאָווניצע [9] און טיילן קושן. וואַרט, זאָג איך דיר, דו וועסט זען, דו וועסט מאַכן פֿון מיר אַ לײַט...
סאָניע: לענט־אָן איר קאָפּ אויף עליאַשעס ברוסט, וועלכער זיצט אויפֿן בעט. זי האַלט ביידע הענט אַרומגעוויקלט אַרום זײַן האַלדז. אַלע זײַנען שיכּור.
נחום: פֿאַלט אַקטיאָריש אויף די קני פֿאַר דבֿורהן און קושט איר האַנט. זײַ מײַן מיידל, דבֿורה! גיי מיט מיר, איך וועל דיך פֿירן אויף די שווייצער בערג, אויף די פּאַריזער בולוואַרן. דו ביסט נאָך יונג צו ליבן און האָסט נאָך גאָר נישט געלעבט. דבֿורה! נישט וואַרף

---

[9] געליבטע.

**מיך אַוועק און נישט פֿאַראַכט מיך!** מיט אַ צינישן געלעכטער. **פֿאַראַכטן קאָן איך מיך אַליין.**

בײַ דער סצענע עפֿנט זיך די טיר האַסטיק און גדליה קומט־אַרײַן. אַ שרעקלעכע איבעראַשונג. סאָניע שפּרינגט־אויף. נחום הייבט זיך אויף, ווישט מיט דער האַנט די האָר פֿון קאָפּ. עליאַש און דבֿורה קוקן זיך אָן.

גדליה: בלײַבט צו ערשט שטיין אַ פּאָר סעקונדעס און באַטראַכט, וואָס אַרום אים טוט זיך. **אָט אַזוי האָט מען זיך עס צעהולעוועט פֿאַר מײַן געלט!** גייט־צו צום טיש. **שאַמפּאַניער גיסט זיך דאָ ווי וואַסער! היי, דו בנ׳אָק מײַנער!** שאָקלט אים מיט ווילדער רציחה. **הולטײַעווען דאַרפֿסטו פֿאַר מײַן געלט? מיט מיידן טרינקען שאַמפּאַניער?**

נחום: שטאַמלט. **מיר האָבן זיך געזעגנט.**

גדליה: צו סאָניען. **און וואָס טוט זי דאָ, די חצופֿה? די גאַנצע שטאָט קלינגט דאָך מיט אײַך און מיט די קוישן שאַמפּאַניער; מען איז דאָך מיר געקומען אַהיים אָנזאָגן, אַז דאָ טוען זיך אָפּ מעשׂים. מיט מיידן האָט ער זיך צעהוליעט פֿאַר מײַן געלט!** קוקט אויף דבֿורהן. **מיט אַ נפֿקה...**

עליאַש: וואָס איז די גאַנצע צײַט געזעסן אָפּוואַרטנדיק, שפּרינגט־אויף, גייט־צו צו גדליהן. **האַלט׳ס מויל! וואָס זײַנען דאָס פֿאַר אַ ווערטער?** דבֿורה צעכליפּעט זיך ביטער.

גדליה: **קוקט אים נאָר אָן! וואָס איז דאָס פֿאַר אַ הולטײַ, מײַן בנאָ׳קס חבֿר!**

עליאַש: **איר זאָלט די מינוט שווײַגן! אויב נישט, פֿיר איך אײַך אַרויס פֿון שטוב, איר הערט?**

גדליה: **דו, שייגעץ איינער! ווער ביסטו אַזוינער? פּיאַקעס**[10] **! מען לויפֿט זיך שמדן און מען נאַרט־אויס געלט, מען זויפֿט און מען פֿאַרפֿירט יידישע טעכטער.**

---

[10] שיכורים.

עליאַש: בייז. איר זאָלט שווייגן, די מינוט! ווייל איך נעם אייך פאַרן קאַרק... מאַכט אַ באַוועגונג, ווי ער וואָלט געוואָלט דאָס טאָן.

גדליה: וועמען? וועמען? מיך? אַ ייד מיט אַ באָרד וועסטו פרווון אַרויסוואַרפן?

עליאַש: באַהערשט זיך. איר זייט אַ ייד מיט אַ באָרד, שאַנעווע איך אייך. אָבער דערוועגט זיך נישט מער צו ריידן אַזוינע ווערטער.

גדליה: וואָס האָב איך דען געזאָגט אַזוינס? האַ? שרייט. דאָס געלט גיט־אָפּ, איר, חבֿרה באַנדיטן, גיט־אָפּ דאָס געלט! לויפּט־צו צו סאָניען. קום־אַהער, דו חצופּה איינע! וואָס טוסטו דאָ? זאָג מיר, וואָס טוסטו דאָ, פרעג איך דיך?

סאָניע: וויינט. איך ווייס נישט, טאַטעשי, נחום האָט מיך גערופן...

פאַר דער צייט איז עליאַש צוגעגאַנגען צו דבֿורהן, וואָס האָט גע־כליפּעט מיט דעם פּנים צו דער וואַנט, און האָט זי געפּרווט באַרויקן.

עליאַש: שטעלט זיך אַנטקעגן דעם אַלטן. הערט־אויס, איר ייד מיט דער באָרד, וואָס איך וועל אייך זאָגן: זי, אייער טאָכטער סאָניע, נאַרט אייך אָפּ. נישט נחום האָט זי אַהער אַריינגעפירט, זי איז אַליין געקומען, צו סאָניען. ניט שיין, סאָניע, צו זיין אַזוי קליינמוטיק. זי איז געקומען צו מיר. זי האָט מיך ליב.

גדליה: וואָס רעדט ער? דיך האָט זי ליב? סאָניע, וואָס שווייגסטו?

סאָניע: וויינט און שטיל. ס'איז וואָר, טאַטעשי.

גדליה: וואָס? וואָס? וואַרט, איך וועל דיר געבן! קום־אַהיים, אַהיים־קום!

עליאַש: גייט, גייט גיכער! גייט אַלע! גייט־צו צו דבֿורהן. דבֿורה! זאָג, וואָס איז דאָס געוואָרן פון אונדז? ווי אַזוי איז דאָס געשען?

גדליה: ווו האָט ער דאָס געלט? ער האָט זיך שוין צעטיילט מיט חבֿרה?

עליאַש: נעמט גיכער אייער טאָכטער און אייער זון און גייט! קיינער האָט זיין געלט נישט גערירט.

גדליה: **צו נחומען. האָסט דאָס געלט?**

נחום: **איך האָב. וואָס איז?**

גדליה: **קומט־אַהיים.**

נחום: טוט־אָן די הוט. גרייט צו גיין.

סאָניע: גייט־צו צו עליאַשן. שטיל. **עליאַש, זײַ מוחל! מיר וועלן זיך זען מאָרגן?**

עליאַש: **איך פֿאָר־אַוועק מאָרגן. צו־פֿיל האָט זיך אָנגעזאַמלט אין האַרצן.**

סאָניע: פֿאַרן אַרויסגיין פֿאַרגנבֿעט זיך צו עליאַשן און גיט אים אַ קוש.

נחום: דערלאַנגט די האַנט דבֿורהן און עליאַשן.

גדליה: **דו האָסט זיך שוין גענוג אָנגעפּרייט מיט זיי. שוין גענוג! ווער איז זי דאָס?** — ווײַזט אויף דבֿורהן — **די אויסגעלאָסענע מויד?**

עליאַש: שפּרינגט־אויף, לויפֿט־צו צום אַלטן און דראָט אים מיט די פֿויסטן. **איר זײַט נישט ווערט מיט דעם מיידל צו ריידן אַ וואָרט. איר הערט! די מינוט זאָלט איר בעטן אַנטשולדיקונג בײַ איר. איר וועט קיין לעבעדיקער נישט אַרויסגיין פֿון דאַנען, אויב איר וועט עס נישט טאָן. איר הערט, וואָס איך זאָג אײַך? אַנטשולדיקונג זאָלט איר בעטן.**

גדליה: דערשראָקן פֿון דעם איבערגאַנג, ווערט בלאַס. **גוואַלד! וואָס וויל ער פֿון מיר?** וויל גיין.

עליאַש: שטעלט זיך בײַ דער טיר. **איר וועט נישט גיין, ביז איר וועט נישט בעטן אַנטשולדיקונג.**

גדליה: **וואָס? וואָס? וואָס זאָל איך טאָן?**

עליאַש: **אַנטשולדיקונג זאָלט איר בעטן.**

גדליה: **וואָס וויל ער פֿון מיר, נחום?**

נחום: **דו זאָלסט בעטן בײַ דעם מיידל, זי זאָל דיר מוחל זײַן, וואָס דו האָסט זי אָנגערופֿן מיט אַזוינע נעמען.**

גדליה: באַרויִקט, שמייכלט. **אַזוי? אַנטשולדיקן? אַדרבה, מיטן**

גרעסטן פֿאַרגעניגן... זײַ מיר מוחל, זײַט מיר מוחל. איך האָב געזינדיקט אַנטקעגן אײַך — קלאַפּט זיך אויפֿן האַרצן: חטאתי, עויתי, פשעתי... אויף מײַנע נאמנות, ווי איך בין אַ ייִד, איך האָב גאָר נישט געמיינט. ער קוקט זיך אום. שוין גוט?

עליאַש: אַלטער ציניקער! גייט, גייט! ער לאָזט פֿרײַ די טיר.

בשעת זיי גייען־אַרויס, צעכליפּעט זיך דבֿורה הויך אויפֿן קול.

עליאַש: דבֿורה, דבֿורה, וואָס איז געוואָרן פֿון אונדז?

פֿאָרהאַנג

# 4טער אַקט

עס איז דאָס זעלביקע צימער, וואָס אין ערשטן אַקט, אָבער אין גאַנצן אומגעביטן. אַנשטאָט דעם הויזלעכן אַלטמאָדישן שטייגער, אויסגעמישט מיט געשמאַקלאָזן פּוץ, טראָגט איצט דאָס צימער דעם כאַראַקטער פֿון אַן אײַנגעאָרדנטן ביוראָ מיט אַ גרויסן שרײַבטיש, אָן באַפּוצונגען. אַלץ איז פּראַקטיש, נײַ. אויף דער וואַנט איז צו זען אַ פּאָרטרעט פֿון דבורהן. — אַ גרופּע פֿאַבריק־מיידלעך באַקומען אויסגעצאָלט שכירות. ס'איז אַ זומערדיקער פֿאַרנאַכט. צווישן די פֿאַבריק־מיידלעך איז שרה, אַ מיידל פֿון אַ יאָר 17, אַ קליינע, שיינע ברונעטין, מיט פֿרום־ייִדישע אויגן. ווען דער פֿאָרהאַנג גייט־אויף, זיצט נחום בײַם טיש און צאָלט־אויס נאָך די ביכלעך. די ריי איז אָנגעקומען צו שרהן, הינטער איר זײַנען נאָך צוויי.

נחום: ווי איז אײַער נאָמען? נעמט דאָס ביכל און לייענט. שׂרה ברוינשטיין? און וויפֿל נעמט איר?

שרה: עס שטייט געשריבן.

נחום: מישט אין ביכל. 2 רובל 75. אָט אַזוי ווייניק? באַטראַכט זי נאָך זײַן שטייגער: ליבלעך־ציניש. אָט זעצט אײַך און וואַרט, ביז איך וועל זיי אָפּפֿאַרטיקן. די צוויי מיידלעך, וואָס וואַרטן, ווינקען זיך איבער איינע מיט דער צווייטער. שׂרה זעצט זיך אומאַנטשלאָסן, און ס'איז קענטיק, אַז זי שרעקט זיך און איז דערבײַ געשמייכלט. נחום

פֿאַרטיקט דערווײַל אָפּ די צוויי מיידלעך. זיי אײַלן זיך נישט אַרויסצו־גיין, און נחום קוקט זיי אָן שטרענג. זיי גייען צו לעצט אַרויס. קודם־כּל, זײַ ניט דערשראָקן. נעמט איר האַנט. און האָב נישט קיין מורא פֿאַר מיר. האָסט מורא פֿאַר מיר?

שרה: פֿאַר וואָס זאָל איך עפּעס מורא האָבן?

נחום: האָסטו זיך נאָך אַ מאָל איבערגעלייגט? נעמט־אַרויס צען רובל און דערלאַנגט איר. אָט דאָס גיב איך דיר. דו זאָלסט זיך מאַכן אַ קליידל. שרה נעמט נישט דאָס געלט. ווילסט נישט נעמען פֿון מיר?

שרה: פֿאַר וואָס זאָל איך עפּעס נישט וועלן נעמען? נעמט עס.

נחום: און איצט קום אַהער. נעמט זי נאָך אַ מאָל פֿאַר אַ האַנט. און זעץ זיך נענטער צו מיר.

שרה: איך קאָן אויפֿן בענקל אויך זיצן.

נחום: אָ, דו ביסט דאָך גאָר אַ נאַרעלע.

שרה: שמייכלט נאַיוו־קלוג. איך בין שוין גראָד אַ קלוגע.

נחום: ווי אַלט ביסטו, שׂרה?

שרה: 17 יאָר בין איך אַלט.

נחום: פֿאַר וואָס־זשע ביסטו אַזאַ אײַנגעשפּאַרטע? זעסט, די אַלע מיידלעך, וואָס אַרבעטן בײַ מיר אין פֿאַבריק, זײַנען גליקלעך, אַז איך וויל נאָר מיט זיי ריידן... און מיט דיר, מײַן קינד, זעסטו, בין איך גאַנץ ערנסט. דו געפֿעלסט מיר.

שרה: שמייכלענדיק. זי האָט זיך דורך דער צײַט באַרויִקט. איך לאָז דען נישט ריידן צו מיר?

נחום: ביסטו דאָך גאָר אַ קלוגע. גלעט איר די האָר. דו געפֿעלסט מיר, שׂרה. מיט דײַנע חבֿרטעס האָב איך נישט געהאַט אַזוי פֿיל מי. זאָג, קאָנסטו לייענען און שרײַבן?

גדליה: קומט־אַרײַן מיט אַ גמרא אין דער האַנט. ער האָט זיך דורך די דרײַ יאָר שטאַרק געעלטערט, איז אָפּגעלאָזן און, ווי מען זאָגט, פֿעלט אים אַ קלעפּקע אין קאָפּ. איך האָב דיר געוואָלט ווײַזן עפּעס אַ שטאַרקן אויפֿטו.

נחום: שמייכלט. איך זיץ דאָך אין בלויזן קאָפּ, טאַטע.

גדליה: טו־אַן דעם קאַפּעליוש דײַנעם: פֿרײלעך און ליבלעך. דו האָסט דאָך אַ גוטן קאָפּ און דו געדענקסט דאָך עפּעס לערנען. וואָס שאַדט דיר, אַז דו וועסט געדענקען לערנען? ס'איז דאָך אַ שׂכלדיקע זאַך. דערזעט שׂרהן. ווער איז?

נחום: ע, גאָר נישט, אַ מיידל פֿון פֿאַבריק.

גדליה אַ מיידל פֿון פֿאַבריק איז דאָך נישט גאָרנישט.

נחום: שטיל צו שׂרהן. איך וועל דיך טרעפֿן אין אַ שעה אַרום אין סאַד, בײַם ריגעלע.

שׂרה: אַ גוטע נאַכט! גייט־אַרויס.

גדליה: אַ גוטע נאַכט... אַ גוטע נאַכט... קוק־אַרײַן דאָ, נחום, וואָס קאָן עס דיר שאַדטן! מילא, יאָ פֿרום, נישט פֿרום, אָבער לערנען איז דאָך עפּעס אַ שׂכלדיקע זאַך. אַ?, וואָס ווייסטו? נחום טוט־אָן זײַן קאַפּעליוש, מיט אַ גמרא־ניגון פֿון דער גמרא אַרויס. קונם, קונם... איז אַלץ מנדר... הײַנט, אַז ס'איז אַ נדר, איז ער חייב מלקות — פֿאַרשטייסט?

נחום: שמייכלענדיק. בנאמנות טאַטע, איך וואָלט דיר געוואָלט צוליב טאָן, נאָר עס קריכט מיר נישט אין קאָפּ.

גדליה: מילא, איז נישט. איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט שוין גע־וואָרן אַ מענטש און פֿירסט די געשעפֿטן ווי עס געהערט צו זײַן — פֿאַר וואָס דאָס נישט קאָנען לערנען אויך? ער זעצט זיך. און אפֿשר וואָלטסטו שוין גאָר חתונה געהאַט אויך? איך וואָלט דיך חתונה גע־מאַכט און סאַניען, וואָלט מיר אַראָפּ אַ זאָרג פֿון קאָפּ. ווייסטו, וואָס איך וואָלט געטאָן? אַנו, טרעף, האָסט דאָך עפּעס אַ גוטן קאָפּ...

נחום: קלערט. וואָלטסט געגומען שטעלן אַ נײַעם מויער.

גדליה: רייצט זיך מיט אים. ע! זעסטו, האָסט נישט געטראָפֿן, אָבער לגמרי נישט. איך וואָלט געגומען די מאַמען און עטאַן און געפֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל.

נחום: איבערגעראַשט. גאָר אַזוי!

גדליה: איך וועל דיר זאָגן... עס איז דאָך שוין אַ מעשׂה פֿון דרײַ יאָר, ווי איך האָב געהאַט מיט דיר צו טאָן, איך מיין... דו ווייסט

שוין, ווען דו ביסט געפֿאָרן קיין קיעוו. גייט עס מיר נישט אַרויס פֿון קאָפּ, וואָס דו האָסט געזאָגט דעמאָלט — געדענקסט?

נחום: וואָס? איך קאָן מיך נישט דערמאָנען.

גדליה: אַז איך בין נישט פֿרום, האָב גאָר קיין הייליקע זאַך נישט. מיינסט, חלילה, טאַקע איך בין אַן אַפּיקורס? האָסטו אַ טעות! נאָר גלאַט אַזוי, ס'איז עפּעס נישט. — פֿאַרשטייסט? ... עפּעס קיין ארץ־ישׂראל פֿאָרן — דאָס געפֿעלט מיר. איך זאָג דיר, סאָניע האָט מיר געגעבן צו לייענען עליאַשעס בריוו פֿון ארץ־ישׂראל, האָט מיך ס'האַרץ אַרויסגעצויגן אַהין — פֿאַרשטייסט?

נחום: ווייסט, טאַטע? היינט, דוכט זיך, קומט עליאַש צו פֿאָרן, סאָניע איז אים אַראָפּגעגאַנגען באַגעגענען ביי דער באַן.

גדליה: אַזוי? און פֿון וואַנען קומט ער דאָס?

נחום: איצט קומט ער פֿון אַרגענטינע, דוכט זיך. ער איז אויסגעווען אומעטום: אין אַמעריקע, אין ארץ־ישׂראל און אומעטום, ווו ייִדן האָבן זיך געפּרוּווט צו באַזעצן די לעצטע צייט.

גדליה: אַ וואַזשנער מענטש דער עליאַש. איך האָב באַלד געזען דע־מאָלט, אין יענער נאַכט, פֿאַר דריי יאָר, ווען איר זייט אַלע געווען שיכּור ווי לוט, געדענקסט? ווי לוט, אַז ער איז אַ מענטש. אַ! אַ מענטש...

נחום: און איך האָב טאַקע געוואָלט מיט דיר ריידן וועגן אים. דו ווייסט דאָך, סאָניע האָט אים ליב, בענקט נאָך אים און וואַרט אויף אים שוין דריי יאָר. איך האָב דיר געוואָלט זאָגן, דו זאָלסט ניט שטע־רן דעם שידוך.

גדליה: איך — שטערן? אַדרבה, זאָל זי חתונה האָבן מיט אים. איך — שטערן? ווי פֿאַלט דיר איין??!

נחום: ווי מיר האָבן זיך אַלע געביטן פֿון יענער צייט אָן!

גדליה: וואָס האָב איך דיר עס געוואָלט זאָגן? יאָ, און וואָס איז מכּוח דיר אַליין וועגן עפּעס אַ שידוך? גאָר נישט! אַז יענע, ווי האָט זי געהייסן, די שניידערקע, דבֿורה, האַ? — איז געשטאָרבן — אין

שוין? נישטאָ מער קיין מיידלעך אויף דער וועלט? ס'איז דאָך שוין מער ווי אַ יאָר נאָך איר טויט.

נחום: טאַטע! לאָמיר ליבער נישט ריידן דערפֿון.

גדליה: פֿאַר וואָס נישט ריידן מיט מיר? מעגסט מיר אַלץ זאָגן. דו ווייסט דאָך, זינט דו פֿירסט די געשעפֿטן — און איך מוז דיר זאָגן, דו פֿירסט זיי בעסער פֿון מיר, איך מוז דיר אַליין זאָגן, — זינט דעמאָלט האָב איך אויפֿגעהערט צו זײַן דײַן באַלעבאָס, און דו קאָנסט מיט מיר ריידן ווי מיט אַ גוטן פֿרײַנד. איך בין דאָך עפּעס אויך נישט קיין בטלן.

נחום: קורץ גערעדט, טאַטע, מיידלעך, ווי דו זאָגסט, פֿעלן נישט, און אַן אויג האָב איך גראָד אויף איינער, וואָס דו האָסט זי געזען. איך וואָלט מיך נישט געשעמט, וואָלט איך געזאָגט: איך ליב זי. אַ קינד פֿון פֿאָלק, געזונט בלוט. נאָר איך וויל נישט האָבן קיין קינדער.

גדליה: קוקט אים אָן פֿאַרוווּנדערט. וואָס טײַטש?

נחום: איך אַליין קאָן מיך נישט לײַדן. איז אויף וואָס פֿאַר אַ דור קאָן איך האָפֿן, אַז איך וועל אויפֿשטעלן? גײַסטיקע קאַליקעס! ציניקערס! ווי איך. קינדער, וואָס איך וועל פֿײַנט האָבן און פֿאַראַכטן.

גדליה: אי, לאָז מיך געמאַך! דו רעדסט שוין אַזוינע חכמות, וואָס איך קאָן נישט פֿאַרשטיין.

נחום: האָב איך דאָך טאַקע געזאָגט, אַז בעסער, מיר זאָלן דערפֿון נישט ריידן.

גדליה: הייבט זיך אויף און גייט־אַרום אין שטוב. גיי שוין, גיי שוין! אײַנגערעדטע זאַכן... אָבער וואָס זאָגסטו עפּעס מכּוח מײַן פּלאַן צו פֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל? רופֿט בײַ דער טיר. חיה! קום נאָר אַרײַן. חיה קומט־אַרײַן. קום, חיה, הערסט? איך וועל מיך צעטיילן מיט מײַנע קינדער און פֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל.

חיה: אַלע מײַנע בייזע חלומות!

גדליה: וואָס עפּעס בייזע חלומות, בהמה? וואָס וועט דיר דאָרט פֿעלן? האָסט געלייענט אין טײַטש־חומש: ארץ זבת חלב ודבש, אַ לאַנד, וואָס פֿליסט מילך און האָניק?

חיה: ער ווערט מיר גאָר אויף דער עלטער משוגע. אָפּגעלאָזט זיך, נישט ער וויס צו זאָגן עפּעס פֿון געשעפֿט, שאָקלט זיך איבער דער גמרא און טראַכט־אויס מעשׂיות. האָסטו געהערט?

גדליה: בהמה! וואָס טויג דיר דאָ צו זײַן? האָסט עפּעס הנאה געהאַט פֿון לעבן? אָט וועלן מיר חתונה מאַכן סאָניען און נחומען, עטאַן נעמען מיר מיט, וועלן מיר פֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל און דו וועסט זען רחלס קבֿר.

חיה: ווען ער רעדט וועגן חתונה־מאַכן די קינדער, קוקט־אָן נחומען, פֿרעגנדיק. סאָניעס שלימזל איז שוין דאָס געקומען?

גדליה: זײַ נישט קיין בהמה. וואָס עפּעס שלימזל? דו מיינסט, זיי זײַנען נישט קיין בריות, די יונגאַטשעס, און טויגן נישט צום געשעפֿט? מיט אַ גמרא־ניגון. האָסטו אַ טעות! זיי ווילן נישט! אָט האָט נחום יאָ געוואָלט — פֿירט ער אַ פֿאַבריק.

חיה: זאָג מיר, וואָס האָט זי זיך אַרײַנגעשלאָגן אין קאָפּ דווקא דעם דאָזיקן מיטן קאָזע־בערדל? אַ מויד ווערט משוגע, מוזסט דו זי הערן?! איך פֿרעג דיך!

גדליה: בהמה! פֿערד! שוטה! נאַר! זי איז אין אים פֿאַרליבט. וואָס פֿאַרשטייסטו נישט?

חיה: פֿאַרליבט, פֿאַרשמיבט — פּונקט אַזוי ווי איך בין געווען אין דיר.

גדליה: אוי, דו ווייסט נישט! ווי הייסט עס אויף רוסיש, נחום? איך האָב שוין פֿאַרגעסן — ליובאָוו[11]! אַ שיין וואָרט.

נחום: מאַמע! וואָס וועט דיר העלפֿן טענהן? סאָניע וועט חתונה האָבן מיט עליאַשן. זי וואַרט אויף אים גאַנצע דרײַ יאָר. גאַנצע דרײַ יאָר האָט זי נאָך אים געבענקט, געזוכט, קוים דערוווּסט זיך זײַן אַדרעס און איבערגעשריבן זיך מיט אים. איך וואָלט דיר געראָטן בעסער אָנצוגרייטן טעלער, טאַקע נאָך אויף הײַנט בײַ נאַכט.

חיה: אויך מיר אַ געשעפֿט — טעלער! זיי דאַרפֿן עס נייטיק. ניש־

[11] ליבע.

קשה, אַזוינע יונגע־לײַט ווי ער און דו קומען־אויס אַפּילו אָן חופּה־וקידושין. איך קען זיי נישט? טעלער זאָל איך אים אָנגרייטן! אַנדערש שטייט זיי גאָר נישט אָן.

גדליה: אוי! דו ביסט אַ בהמה, חיה, און — שוין.

עטאַ: שוין אַ יונגע גימנאַזיסטין, קומט־אַרײַן. טוט טאַק טיעמנאַאָטשעוואָ ניע זאַזשינײַעטע לאָמפּי [12]?

גדליה: גוטן־אָוונט, טאָכטער! וואָס רעדסט מיר עפּעס רוסיש? ביסט נישט קיין ייִדישע טאָכטער? ווילסט פֿאָרן מיט מיר קיין ארץ־ישׂראל?

עטאַ: קוקט זיך אום און ווייס נישט, וואָס דאָס זאָל באַטײַטן.

גדליה: מיר וועלן אַלע דרײַ פֿאָרן, די מאַמע, דו און איך.

עטאַ: אָטשעוואָ ניעט [13]?

גדליה: טאָ וואָס קלאַפּסטו מיר רוסיש?

חיה: אַלע מײַנע בייזע חלומות... ער האָט זיך דאָרטן אָנגעלייענט אין די גאַזעטן און אין די מעשׂה־ביכלעך און רעדט פֿון וועג.

נחום: ערנסט. איך זע נישט אײַן, מאַמע, אַז דאָס זאָל זײַן אַ שלעכטער פּלאַן. דער טאַטע איז דאָ נישט צופֿרידן מיט זײַן לעבן. צום רבין פֿאָרט ער מער נישט. אין שטאָט רעדט מען, אַז ער איז געוואָרן אַן אַפּיקורס. ער קאָן זיך קיין אָרט נישט געפֿינען. דאָס אַלטע לעבן איז געווען אַן אָפּנאַרעריש, קיין נײַס קאָן ער נישט אָנהייבן. טאָ וואָס איז דאָס אַזוי שלעכט?

חיה: און דו דאַרפֿסט אונדז שוין ירשענען בײַם לעבן און ווידער עפּעס אָנקריגן אַ שנײַדערקע און פּטרן מיט איר פֿינף טויזנט רובל?

נחום: שטרענג. איך בעט דיך, מאַמע, און איך האָב דיר שוין עטלעכע מאָל געזאָגט: נישט רייד אַזוי פֿון דער פֿאַרשטאָרבענער דבֿורה! דו האָסט זי נישט געקענט און דו ווייסט נישט, וואָסער נשמה דאָס איז געווען. הלוואי וואָלט זי הײַנט געלעבט, וואָלט איך אַליין געהאַט

---

[12] דאָ איז אַזוי פֿינצטער. פֿאַר וואָס צינדט איר נישט אָן אַ לאָמפּ. – [13] פֿאַר וואָס נישט?

צו וואָס און פֿאַר ווע‏מען צו לעבן. איצט דריי איך מיך אַרום אויף דער וועלט, פֿיר אַ פֿאַבריק, אַרבעט כלומרשט, אָבער צו וואָס? פֿאַר וועמען? וואָס האָב איך דערפֿון? און וואָס טויג מיר מײַן לעבן? — וואָס זאָל איך זאָגן?

עטאַ: לאַשטשעט זיך צו נחומען. עליאַש וועט הײַנט קומען? יאָ?

נחום: נעמט־אַרויס דאָס זייגערל. זיי האָבן שוין באַלד געדאַרפֿט דאָ זײַן. גייט־צו און צינדט־אָן דעם לאָמפּ. ווי צו זיך אַליין ריידנדיק. דעם אמת זאָגנדיק, בין איך אַליין אויך אַ ביסל פֿאַרליבט אין דעם מענטש און איך וואָלט אים גערן שוין געוואָלט זען.

גדליה: וואָס האָט זיך געהאַט עפּעס פֿאַרקלערט, אַרויסקוקנדיק דורכן פֿענצטער, כאַפּט זיך. אוי, איך האָב פֿאַרגעסן מנחה דאַוונען.

נחום: שמייכלענדיק. עס מאַכט נישט אויס, וועסט דאַוונען צוויי שמונה־עשׂרות צו מעריבֿ.

חיה: אַלע מײַנע בייזע חלומות... ער האָט שוין גאָר אויפֿגעהערט מנחה צו דאַוונען!

גדליה: דו, בהמה, מיש זיך נישט אַרײַן. וואָס איז דאָס דײַן זאָרג? דיר צו־להכעיס וועל איך אַפֿילו מעריבֿ נישט דאַוונען.

נחום: צו וואָס געהערט דאָס קריגן זיך? גרייט ליבער צו אַ נאַכטעסן, מאַמע, און מיר וועלן האָבן תּנאָים.

חיה: שרײַט. וואָסערע תּנאָים? וועלכע תּנאָים? וואָסריידן זיי אַלע פֿון וועג?

נחום: נישט בייזער זיך, מאַמע, און ניט שרײַ. סאָניע וועט הײַנט תּנאָים שרײַבן מיט עליאַשן.

גדליה: רופֿט־אַוועק נחומען און נעמט מיט אים טענהן. פֿאַר וואָס, זאָג מיר, זאָלסטו אויך נישט טאָן קיין שידוך? דו ביסט דאָך עלטער פֿאַר איר. און גלאַט אַזוי, דו ביסט שוין נישט אַזוי יונג. איך מיין, אין אמתן, אַ יונגער־מאַן אין דײַנע יאָרן, וואָס וועט זײַן דער תּכלית?

נחום: איך האָב דיר שוין געענטפֿערט. איבעריקנס...

סאָניע: קומט־אַרײַן. זי האָט זיך נישט פֿיל געביטן דורך די דרײַ

יאָר. מער נישט דער טאָן איז געוואָרן אַ ביסל סאָלידער. זי איז פֿריי־לעך־איבערגעראַשט.

נחום: לויפֿט צו איר צו. **נו?**

סאָניע: **ער איז געקומען און איז אָפּגעשטיגן אין אַ האָטעל. ער וועט באַלד דאָ זײַן.**

נחום: **אָט וועלן מיר האָבן אַ פֿריילעכע נאַכט. ס'איז אַזאַ אומעטי־קייט דאָ.**

גדליה: צו סאָניען. **נו, וואָס מאַכט ער עפּעס?**

סאָניע: **דו ווייסט אויך, טאַטע, דערפֿון?**

גדליה: **אַוודאי ווייס איך. און איך זאָג דיר, הער נישט, וואָס זי זאָגט.** ווײַזט אויף חיהן. **ער איז אַ וואַזשנער מענטש. דו זאָלסט מיט אים תנאים שרײַבן... הערסט?**

סאָניע: **אַ דאַנק דיר,** טאַטע, **ביסט אַ גוטער.**

חיה: **אַלע מײַנע בייזע חלומות.** אָפּ, בייז, צום אַנדערן צימער.

גדליה: שרײַט איר נאָך. **גרייט־אָן אַ נאַכטעסן, חיה!**

נחום: פֿירט־אַוועק סאָניען אין אַ זײַט. עטאַ קריכט־נאָך און האָרכט צו נײַגעריק. **נו, דערצייל, וואָס מאַכט ער עפּעס? ווערסט מיר גלייבן? איך אַליין בענק נאָך אים.**

סאָניע: **וועסט אים באַלד זען. ער האָט זיך גאָר נישט געענדערט.**

נחום: **איז ער נאָך אַלץ אַזאַ אָפּטימיסט?**

סאָניע: **נאָך מער ווי געווען. ער איז געקומען עפּעס מיט אַ גרויסן פּלאַן. איידער נאָך מיר האָבן זיך אַנגעפֿרייט האָט ער מיך שוין גע־נומען אַגיטירן.**

נחום: נײַגעריק. **וואָסער פּלאַן.**

סאָניע: **עפּעס אַ גרויסע יידישע אָרגאַניזאַציע בויט ער מיטן נאָמען „נילי".**

נחום: **נילי? וואָס איז דאָס?**

סאָניע: **ער האָט מיר עפּעס געזאָגט אויפֿן וועג, נאָר איך האָב פֿאַר־געסן.** טאָן־ענדערונג. **האָב איך אים ליב!**

נחום: אַט לעבט אַ מענטש אַן אינטערעסאַנט לעבן! ער איז ווערט, שוועסטער, געליבט צו זײַן.

גדליה: וואָס האָט בעת דעם פֿריִערדיקן שמועס אַרײַנגעקוקט אין דער אָפֿענער גמרא. ווו איז ער?

סאָניע: ווייך און האַרציק. ער וועט באַלד קומען, טאַטעשי.

גדליה: דרייט זיך אַרום איבער דער שטוב מיט אַ פֿינגער ביים שטע־רן. ליובאַוו... מורמלט עפּעס צו זיך אַליין.

עטאַ: גייט צו אים צו. סאָניע וועט הײַנט תּנאים שרײַבן?

גדליה: לאַטשעט זי. אַוודאי, טאָכטער, אַוודאי. ער איז אַ וואַזשנער מענטש.

עטאַ: נײַגעריק. וואָס איז נילי, טאַטעשי?

גדליה: טראַכט. נילי? נילי? — נחום, וואָס איז נילי?

סאָניע: דאָס איז נישט קיין וואָרט, דאָס זײַנען די ראשי־תּיבֿות פֿון עליאַשעס נײַער אָרגאַניזאַציע.

גדליה: אַזוי? ער מאַכט גאָר נײַע ווערטער! אַ וואַזשנער מענטש...

נחום: פֿרוווט טרעפֿן. וואָס זאָל דאָס זײַן נילי? נאַראָדנאַיאַ יעווריס־קאַיאַ, נאַראָדנאַיאַ יעוורייסקאַיאַ[14] — — איך ווייס נישט.

סאָניע: דו וועסט נישט טרעפֿן.

נחום: די „נון" און „יוד" זײַנען זיכער ווי איך האָב געזאָגט.

סאָניע: און איך זאָג — נישט.

עליאַש: קומט־אַרײַן. סאָניע און נחום לויפֿן ביידע צו אים צו.

נחום: צעקושט זיך מיט אים. שלום עליכם! לאָמיך דיך אָנקוקן!

פּויזע.

סאָניע: וואָס זאָגסטו עפּעס צו נחומען, ווי ער איז געוואָרן אַ פֿאַב־ריקאַנט און אַ געשעפֿטמענטש?

עליאַש: דו האָסט דאָך מיר געשריבן וועגן דעם און נחום האָט גע־

---

[14] נאַציאָנאַלע ייִדישע... פֿאָלקס...

שריבן. וואָס מאַכט מען עפּעס, נחום? איך בין דיר שולדיק געבליבן אַ בריוו אַן ענטפער.

סאָניע: נעמט איס אונטערן אָרעם. קום, זעץ זיך, עליאַש.

גדליה: קומט־צו. לאָזט מיך אײַך אָפּגעבן אַ שלום עליכם. שלום עליכם!

עליאַש: עליכם שלום! וואָס מאַכט איר עפּעס? איך האָב געהערט, איר האָט אײַך געענדערט און לעבט בשלום מיט אײַערע קינדער.

גדליה: מילא...

סאָניע: אַלע האָבן מיר זיך געענדערט. צוליב דיר. געדענקסט, דו האָסט מיר שטענדיק געזאָגט: אין אײַך דרעמלט דאָס גוטע אונטער גאַנצע בערג שווערן זאַמד. דו האָסט עס איז אונדז אויפגעוועקט.

נחום: פאַרטראַכט. נאָר דער הונגער צו אַ שענערן לעבן איז וואַכע־דיק געוואָרן. אָבער ווו איז דאָס שיינע לעבן אַליין?

עליאַש: שמייכלט. דו ביסט אַלץ נאָך פּעסימיסטיש. אָט וועל איך דיר ענטפערן אויף דײַן בריוו, וואָס איז געבליבן נישט געענטפערט: דער הונגער צו דעם בעסערן — איז דאָס בעסערע אין אונדז. דו האָסט דײַן גײַסט געלײַטערט. מיר שטייען נישט אויף איין אָרט. מיר לעבן אין דער אייביקייט און פלאַנצן זיך אײַן אין דער אייביקייט, און אַלץ לײַטערט זיך. פאַמעלעך, דורך יאָרן און דורות, לײַטערן מיר זיך. דײַן טאַטע, ווען ער האָט דיך געבוירן, איז בעסער געוועזן ווי בשעת ער איז געבוירן געוואָרן. דײַנע קינדער וועלן בעסער זײַן פאַר דיר, און זייערע קינדער וועלן ווײַטער פלאַנצן אונדזער משפחה אויף דער ערד.

גדליה: האָרכט זיך אײַן. וואַזשנע!

סאָניע: נו, דערציייל אונדז עפּעס, וואָס דו האָסט געזען... יאָ, וואָס איז „גילי״?

נחום: נאַראָדנאָיע יעווריסקאָיע...

עליאַש: ניין. דאָס הייסט: „נצח ישראל לא ישקר״, „די יידישע אייביקייט וועט נישט פעלשן״. מיר לעבן אין דער אייביקייט אַרײַן. איך האָב אויסגעזען די וועלט, אומעטום, ווו יידן שפּאַרן־אָן. און איך

**וועל אײַך ברענגען די טרייסט. מיר לײַטערן זיך, מיר ווערן שטאַר־קער און געזינטער גײַסטיק און פֿיזיש. מיר בויען אומעטום לעבנס־צעלן. מיר זײַנען בעסער ווי אונדזערע עלטערן. אונדזערע קינדער וועלן בעסער זײַן פֿון אונדז. מײַן אָרגאַניזאַציע איז נישט קיין פּאָלי־טישע. אין איר וועלן זיך פֿאַראייניקן אַלע, וואָס האָבן גלויבן אין אַ בעסערער, שענערער מענטשהייט! מיר מאַכן אַן אָרדן פֿון גלייביקע, פֿון די וואָס ווילן ווײַטער פֿלאַנצן דאָס שיינע, דאָס גוטע. מיר וועלן האָבן אונדזערע מיטגלידער איבער דער גאַנצער וועלט: אין אַמע־ריקע, אין ארץ־ישׂראל, אין אויסטראַליע, אין אַרגענטינע.**

נחום: **באַקער מיך, עליאַש, מאַך מיך פֿאַר אַ גלייביקן!**

עליאַש: מאַכט באַוועגונגען מיט דער האַנט, צו ערשט מיט צוויי פֿינגער, דערנאָך מיט איינעם, וואָס סימבאָליזירן דעם אָרדן. **דו ביסט עס! אויף גלויבן איז די וועלט געבויט!**

סאָניע: **און איך אויך.**

עליאַש: טוט נאָך אַ מאָל דאָס זעלביקע. **דו ביסט עס.**

סאָניע: פֿיעשטשענדיק זיך. **איך וויל אַ קוש.**

עליאַש: קושט זי. **מיר וועלן פֿלאַנצן אונדזער משפּחה אין דער איי־ביקייט אַרײַן.**

עטאַ: לויפֿט־צו צו סאָניען. **וואָס איז „נילי״?**

עליאַש: גלעט זי איבערן קאָפּ. **נצח ישׂראל לא ישקר. אונדזער איי־ביקייט וועט זיך נישט אויסלעשן.**

גדליה: קומט־צו. **און איך?**

עליאַש: **איר דאַרפֿט עס נישט. איר זײַט אַ פֿרומער ייִד, און וואָס מיר ווילן ערשט באַשאַפֿן, דאָס איז בײַ אײַך נאַטירלעך אײַנגעפֿלאַנצט אין האַרצן. איר זײַט אַ גלייביקער אָן אונדזער הילף. מיר קומען נאָר צו ראַטעווען די פֿאַרלאָזענע.**

נחום: שמייכלט. **ער דאַרף עס יאָ! ער איז קיין מאָל נישט ריכטיק פֿרום געווען און דאָס איז געווען די טראַגעדיע פֿון דעם הויז.**

עליאַש: **ווילט איר זײַן אַ מיטגליד פֿון אונדזער אָרדן?**

גדליה: **איך וויל...**

עליאַש: ווידער די זעלביקע צערעמאָניע. **דו ביסט עס!**

חיה: באַווייַזט זיך אין טיר, איבערגעטאָן יום־טובֿדיק. **זאָל איך הייסן דעקן צום טיש?**

נחום: **וואָס האָט זיך די מאַמע אָנגעטאָן יום־טובֿדיק?**

חיה: פֿאַרוווּנדערט. **אַלע מײַנע בייזע חלומות... איר האָט דאָך געזאָגט, עס וועט זײַן תּנאָים. ווייס איך? אַבי פֿאַרדרייען אַ קאָפּ.**

גדליה: **געוויס, געוויס תּנאָים!**

נחום: **וואַרט־צו אַ ביסעלע. נישט איין תּנאָים, נאָר צוויי.** לויפֿט אַרויס, אַלע קוקן אים נאָך פֿאַרוווּנדערט. מען גרייט דערווײַל צום טיש. חיה צינד־אָן ליכט.

עליאַש: דערזעט דבֿורהס פּאָרטרעט אויף דער וואַנט. **זי איז געשטאָרבן, די אָרעמע. וואָלט זי מיט אונדז היינט געווען! נחום האָט זי באמת ליב געהאַט.**

סאָניע: **זי איז געשטאָרבן אויף זײַנע אָרעמס אין דער שווייץ.**

גדליה: דרייט זיך אַרום אין שטוב און מורמלט. **מיר פֿלאַנצן זיך אײַן אין דער אייביקייט... וואַזשנע!... חיה, מיר וועלן פֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל.**

עליאַש: ווייַזט־אָן אויף דבֿורהס פּאָרטרעט. **אויך זי האָט זיך אײַנגעפֿלאַנצט אין דער אייביקייט. זי האָט געווירקט אויף אונדז און לעבט אין אונדז. מענטשן לײַטערן איינער דעם אַנדערן. אין יעדן פֿון אונדז לעבן און ווירקן שפּורן פֿון אונדזערע נאָענטע, און דאָס גוטע גייט־איבער בירושה, לעבט און געדײַעט. ס'ווערט קיין זאַך נישט פֿאַרפֿאַלן אויף דער ערד.**

חיה: **לאָמיר זיך זעצן עסן.**

גדליה: **מיר מוזן וואַרטן אויף נחומען. טאָפּלטע תּנאָים, האָט ער געזאָגט, וועלן מיר האָבן.**

נחום: באַווייַזט זיך אין טיר מיט שׂרהן, וואָס איז זייער פֿאַרשעמט. **יאָ, טאָפּלטע תּנאָים. אָט איז זי, מײַן כּלה, מײַן ווײַב. מיט איר וועלן מיר זיך פֿאַרפֿלאַנצן אין דער אייביקייט.**

עליאַש: **אָט אַזוי. געדענקסט, סאָניע? אַז איך בין דאָס ערשטע**

מאָל אַוועק פֿון דיר, האָב איך געזאָגט: די עפּעלעך פֿאַלן נישט ווײַט פֿון בוים. און אָט זאָג איך איצט: די עפּעלעך זײַנען בעסער פֿון בוים, און די פֿאַרפֿלאַנצטע עפּעלעך באַשאַפֿן נאָך בעסערעביימער.

סאָניע: נעמט־אַרום שׂרהן און צעקושט זיך מיט איר. שעם זיך נישט, דו ווערסט זײַן מײַן שוועגערין.

שׂרה: וויינענדיק, ווײַזט־אָן אויף נחומען. איך האָב אים אַזוי ליב געהאַט.

סאָניע: נו, מזל־טובֿ!

גדליה: מזל־טובֿ, מזל־טובֿ! ס׳זאָל זײַן צו מזל!

חיה: כאַפּט געשווינד טעלער פֿון טיש און צעברעכט. מזל־טובֿ!

עליאַש: אויף גלויבן שטייט די וועלט.

דער פֿאָרהאַנג פֿאַלט פּאַמעלעך. עליאַש נעמט־אַרום סאָניען, נחום שׂרהן, עטאַ קושט די מוטער. גדליה אין מיטן.

גדליה: וואַ—ז—ש—נ—ע!

סוף

די משפּחה איז די איינציקע דראַמע, וואָס הערש־דוד נאָמבערג האָט געשאַפֿן. זי אָנגעהויבן שרײַבן בײַ אברהם רייזענען אין הויז, ווען ער איז געווען צו גאַסט אין אַמעריקע. איין אַקט געדרוקט אין די ליטעראַרישע וועלט, נ״י 1912, שפּעטער אין די יודישע וועלט, ווילנע 1913, אין בוכפֿאָרעם — ווילנע 1914, אַ צווייטע אויסגאַבע — בערלין 1921. געשפּילט: 1919 אין ווילנער טרופּע מיט לייזער זשעלאַזאָ (זײַן גדליה פֿינקעלגרין האָט גערעדט אַ וואַרשעווער יידיש); אין בוענאָס־אײַרעס האָט אַברהם מאַרעוווסקי (1928) געגעבן זײַן ווערסיע „פֿון אַ געבראָטענעם ליטוואַק״... אין פּ״ש איז די משפּחה געשפּילט געוואָרן דורך עטלעכע ליטעראַטור־ און קונסט־פֿאַראייניען. אין 1921 ווערט נאָמבערגס דראַמע אויפֿגעפֿירט אין מרדכי רודענסקיס העברעישער איבערזעצונג דורך מאַרק שווייד אין נ״י הבימה העברית (מנשה סקולניק האָט געשפּילט די ראָלע פֿון גדליה). אין 1964 האָט די ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט בײַם ייוואָ געשפּילט די משפּחה, אויפֿגעפֿירט פֿון שמואל ראָזשאַנסקי מיטן טעס (טעאַטער־סעמינאַר פֿון יונגע יידישע לערערס).

יוסף קירמאַן

# דיין נאָמען אַליין איז אַ ליד

דיין נאָמען אַליין איז אַ ליד, וואָס זינגט זיך מיר הויך אויפֿן קול אין פּאַרקן אין גרינע פֿון שטאָט.
און איבער דער ווייסקייט פֿון בליטן, אין פּרילינג צעבליט אויף דער ערד,
זע איך דיין פּנים אין זאָרג.

מיט דיר איז מיר גרינגער צו ריידן
מיט ווערטער פֿון ריטמישן קלאַנג,
מיט דיר איז מיר לייכטער דער גורל
און גרינגער דער גאַנג אין די טריט,
מיט דיר איז מיר נענטער די ווייט
און קלענער — די הויכקייט פֿון בערג,
מיט דיר איז מיר גרינגער דער טויט
און לייכטער דאָס לעבן וואָס כ׳לעב.
די האַרבקייט, וואָס כ׳פֿיל אין דער פֿרוכט,
די זיסקייט פֿון וואַסער אין מויל,
די פֿולקייט וואָס וואַקסט אין מיין גוף
און די בלענדונג וואָס קומט איבער אַלץ —
אַלץ לעבט אין מיין אָטעם פֿאַר דיר,
אַלץ בליט און פֿאַרבליט נאָר פֿאַר דיר.
מיט דיר איז די זיסקייט פֿון ערד
צו מיין גומען געקומען אין דאָרשט
און שיכּורערהייט ווו איך גיי
נאָך דיין רוף — גיי איך אייביק פֿאַרפֿירט.
דאָס זילבער וואָס רינט אויפֿן דאַך
יעדע נאַכט, ווען מיין חלום ווערט וואַך

און דער טרויער וואָס רעדט אין מײַן בלוט
צום ווײַסן שגעון און לאַכט.
די שוואַרצלען וואָס טונקלען אין אויג,
ווי דער אָפּגרונט פֿון היילן מיט שרעק
און די קילקייט וואָס פֿאַלט אויף מײַן קאָפּ
און פֿאַרלעשט פֿון מײַן פּנים דאָס ליכט —
די הענט, מײַנע הענט, ווערן בלעך
און פֿאַרצערן צו דיר אין געבעט.

דײַן נאָמען אַליין איז אַ ליד, וואָס זינגט זיך מיר הויך אויפֿן קול
אין פּאַרקן, אין גרינע, פֿון שטאָט,
און איבער דער ווײַסקייט פֿון בליטן, אין פֿרילינג צעבליט אויף דער ערד,
זע איך דײַן פּנים אין זאָרג.

1929



אַ סצענע פֿון ה. ד. נאָמבערגס די משפּחה
געשפּילט פֿון טעס אין ב״א

י. י. מאָרגנשטערן

## כ׳וועל מוזן ווערן שטיין

פֿולע גאַסן גיי איך אויס און זוך,
קוק אין אויגן, אין שויפֿענצטער אַרײַן,
קוק און זוך און פֿאָרש בײַ מענטשן אויס —
בין איך קליין?
בין איך גרויס?

עס ענטפֿערט קיינער מיר נישט; לאָזט מיר גיין
אַליין, אַליין,
און טיף איר מיר, אין שטומקייט מײַנער כ׳פֿיל,
כ׳וועל מוזן ווערן דאָך אַ שטיין,
וואָס ליגט אין גאַסנראָג און שווײַגט,
און הערט אַלץ אויס
און קאָן פֿאַרטראָגן מיט שטיינערהאַרץ
אַלץ אַרום, דעם רויש,
דעם פּלויש,
און זאָגט אַליין זיך: „איך בין גרויס“.
און שרעקט זיך נישט צו זײַן אַליין.

יאָ, כ׳וועל מוזן ווערן שטיין —
כ׳וועל מוזן ווערן שטיין!...

1937

אַבֿרהם רייזען

# צוריק אויף דער שטעל

דרײַ יאָר איז יענקל ליבערמאַן געווען אין וואַרשע. אין זײַן שטעטל האָט מען אים כּמעט שוין פֿאַרגעסן. נאָענטע באַקאַנטע האָבן נאָך געוווּסט, אַז ער איז אין וואַרשע און, לויט ווי מע זאָגט, „מאַכט" ער דאָרט גאַנץ גוט. אָט איז ער געקומען אַהיים צו זײַנע עלטערן, אָרעמע באַלעבאַטים אין אַ קליין שטעטל.

— איז וואָס מאַכסטו פֿאָרט? — האָט אים געפֿרעגט דער טאַטע, אַז ער האָט זיך באַרויִקט אַ ביסל נאָך זײַן זונס פּלוצעמדיקן קומען.

— נישקשה... — האָט זיך יענקל געשטאַרקט מיט שטאָלץ צו ענטפֿערן — גאַנץ גוט!...

דער טאַטע האָט אויף אים אויסגעשטעלט די אויגן און יענקלען האָט זיך געדאַכט, אַז דער טאַטע ווייסט שוין אַלץ, אַז דער טאַטע קלערט: „אי, ביסטו אַ גאָרנישט"!... און יענקל האָט געפֿילט, אַז אויב ער וועט נישט אָנריידן עטלעכע שטאַרקע ליגנס, וועט ער זײַן זייער נישט קיין שיינער גאַסט, וועט דער טאַטע אים זאָגן מיט אַ שמייכעלע פֿון אַ חכם: „וואָס האָב איך דיר פֿאַר דרײַ יאָרן געזאָגט? — פֿאַר נישט! אומעטום איז תּוהו ובֿוהו! אומעטום זײַנען געשעפֿטן אין דער ערד. וואָס איז מיר וואַרשע? ווּהין פֿליסטו?" און אײדער צו הערן די ווערטער פֿון טאַטן איז יענקלען ליבער דער טויט. און ער הייבט־אָן, נאָך דעם טאַטנס אַלערליי שאלות, געמאַכטערהייט זיך צו היצן:

— עט, טאַטינקע... וואָס דערציילט מען דיר און ווי דערציילט מען דיר? עס איז דאָך וואַרשע... פֿאַרשטייסטו מיך, עס איז דאָך וואַרשע... דאָרטן איז...

און יענקל וויל פֿאָרשטעלן, וואָס וואַרשע איז, ווי גליקלעך מען איז, אַז מע פֿאַלט־אַרײַן אַהין: בולוואַרן, טעאַטערס, גערטנער, קאָנ־דיטערײַען, קאַרעטעס, ווי אַזוי מע לעבט דאָרט אַ גוטן טאָג... נאָר

די נאָוואָליפּיע־גאַס מיט זײַן פֿינצטערן צימערל, ווו ער האָט געוווינט, לויפֿט אים דורך פֿאַר זײַנע אויגן און די צונג קאָן נישט קערעווען אַרויסצורייידן ווײַטער אַ וואָרט...

— נו, דערצייל, דערצייל! — טרײַבט אים אונטער דער טאַטע.

נאָר יענקל שטאַמלט־אַרויס אַ פּאָר נישט־דײַטלעכע ווערטער און ווערט ענדלעך אַנטשוויגן. די מוטער שטייט אין אַ ווינקל און באַטראַכט איר יענקלען מיט אומעטיקע בליקן. עפּעס געפֿעלט איר נישט זײַן גאַנצער הולך: די הוט איז משונה הויך און ערטערווײַז צעבויגן; דער סורדוט הענגט אויף אים, ווי נישט פֿאַר אים געניײט... איר ווילט זיך זייער פֿרעגן אים, צי זײַנען אין וואַרשע ביליק אַלטע קליידער? זי פֿילט אָבער, אַז דער זון קאָן זיך דערפֿון באַליידיקן און, נישט־ווילנדיק, רײַסט זיך בײַ איר אַרויס נאָר אַ באַמערקונג:

— יענקל איז, נעבעך, חושך ווי די ערד!...

— אַ מת... — פֿאַרריכט דער טאַטע.

יענקל ווערט פֿון דער באַמערקונג נאָך מער חושך. די אויגן ווערן אײַנגעגראָבענער. צו ערשט פֿאַרלירט ער זיך, נאָר באַלד ענטפֿערט ער:

— דאָס איז פֿון דער רײַזע. דרײַ טעג, אַז מע פֿאָרט אין ענג־שאַפֿט... אַ קלייניקייט, וואַרשע? פֿאָרט אַ וועלט!...

— ס'טײַטש, פֿון וואַרשע געדויערט דאָך נאָר אַ טאָג דאָס פֿאָרן?

— באַמערקט דער טאַטע פֿאַרוווּנדערט.

יענקל ווערט רויט, אין קאָפּ גיט אים אַ קלאַפּ: מיאוס אַרײַנ־געפֿאַלן! עס געלינגט אים אָבער גלײַך צו פֿאַרבעסערן:

— יאָ, דאָס פֿאָרן געדויערט טאַקע נאָר איין טאָג, אָבער דאָס צוקלײַבן זיך...

אין שטיבל ווערט שטיל. אַלע פֿילן זיך ווי פֿאַרשולדיקט, ווי זיי וואָלטן אַ מיאוסע זינד באַגאַנגען, וואָס איינער ווייסט פֿון צווייטן און מע שעמט זיך אויפֿצוהייבן די אויגן איינע אויף די אַנדערע.

— בתּי־מדרשים זײַנען דאָרט פֿאַראַן עפּעס אַ סך? — פֿרעגט פּלוצלינג דער טאַטע, ווי ער וואָלט וועלן צעשטערן די שטילקייט וואָס דריקט אַזוי.

יענקל ווערט פֿרייליכער און שטאָלצער. דאָ וועט ער קאָנען ריידן דעם ריינעם אמת און אים זאָל עס נישט שאַדטן... ער גלײַכט זיך אויס, מאַכט אַ טריט צום טאַטן נענטער און צעהיצט זיך:

— די מעשׂה איז אַזוי... שולן זײַנען דאָרטן אַ סך פֿאַראַן... אַ קלייניקייט, וואַרשע! נאָר זייערע שולן זײַנען נישט ווי בײַ אונדז... בײַ זיי איז „שטיבלעך", חסידישע שטיבלעך... דאָרטן זײַנען דורכויס חסידים, משוגעים, ממש משוגעים! גייען אין לאַנגע קאַפּאָטעס, און שטרײַמלעך און אין גאַרטלען...

און יענקל רעדט אַ סך. ער דערציילט, ווי אַזוי מע רעדט דאָרטן, און ברענגט לדוגמא אַ פּאָר ווערטער: „ענקער", „יאַך", „סאַרנע", „עך"... ער דערפֿילט אָבער ענדלעך, אַז דער טאַטע הערט גאָר נישט... אַז דער טאַטע וויל גאָר וויסן דעם עיקר, צי האָט ער פֿאַרדינט דאָרטן געלט, צי האָט ער געבראַכט געלט, און וועגן בתּי־מדרשים, די חסידים, און וועגן דאָרטיקן לשון איז אַ שפּעטערדיקע זאָרג...

נאָר ריידן וועגן זיך אַליין האָט יענקל ווי מורא. און אין שטיבל ווערט ווידער שטיל... אַלע פֿילן זיך נישט גוט. ערגער פֿאַר אַלע־מען פֿילט זיך אָבער די מוטער. זי וואָלט וועלן צוגיין צו יענקלען גאָר נאָענט, אַרײַנקוקן אים טיף אין די אויגן און פֿרעגן: „וואָס מאַכסטו? דערצייל!"... נאָר זי מערקט, אַז יענקל באַהאַלט זיך עפּעס, וויל עפּעס נישט אויסזאָגן. און איר מוטערלעך האַרץ שרעקט זיך: פֿאַרשיידענע מיאוסע פּרנסות אין אַ גרויסער שטאָט לויפֿן איר דורך אין קאָפּ. און, קוקנדיק לאַנג אויף יענקלס משונהדיקער הוט, דאַכט זיך איר, אַז ער איז געווען דאָרט אַ קאָטערינשטשיק...

*

אויף מאָרגן, נאָכן אָרעמען פֿרישטיק, איז יענקל אַרויסגעגאַנגען אין גאַס, און גייענדיק האָט ער נישט געוווּסט וואָס צו טאָן: צי ער זאָל פֿאַרשפּיליען דעם מאַנטל און דער ראָק זאָל זיך נישט זען אָדער פֿאַרקערט. ער האָט נישט געקאָנט זיך משער זײַן, וואָס זעט־

אויס מער ניט — דער ראָק צי דער פּאַלטאָ? ער האָט זיך פֿאַרשפּי־ליעט און אָפּגעשפּיליעט, ווײַטער פֿאַרשפּיליעט און ווידער אָפּגע־שפּיליעט, ביז ער איז געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז בײדע, סײַ דער ראָק, סײַ דער פּאַלטאָ זעען־אויס אַלט און אָפּגעטראָגן, און ער זעט אין זיי אויס ווי אַן אָרעמער פֿראַנט, וואָס ווערט אַזוי אויסגע־לאַכט בײַ זיי אין שטעטל. דעם גאַנצן וועג האָט ער אויף זיך גע־כּעסט, פֿאַר וואָס ער איז געקומען אַהיים אין אַזוינע בגדים, און אַז דער שוואַרציאַר האָט אים שוין אַהערגעטראָגן — טאָ וואָס איז ער אַזוי שוואַך און קאָן נישט גובֿר זײַן זיך אַליין? ער ווייסט, דאַכט זיך, גאַנץ גוט, אַז אָרעמקייט איז קיין שאַנד נישט. פֿאַרקערט — אַ כּבֿוד! אַלע ערלעכע מענטשן זײַנען אָרעם. ער האָט זיך נישט געוואָלט פֿאַר־קויפֿן פֿאַר געלט. און דאָך, ווי געפֿאַלן ער איז און קנײַפּט די באַקן, מע זאָל מיינען, אַז ער האָט דאָרטן גליקלעך געלעבט. פֿאַר וואָס טוט ער דאָס? צוליב וואָס?

גייענדיק אַזוי און זידלענדיק זיך אַליין, האָט ער דערזען, ווי קעגן אים גייט פֿאַרריסן דעם קאָפּ אליהו לייכעס, אַ „באַלעבאַטישער בחור", זײַנער אַן אַמאָליקער חבֿר. יענקל האָט אים אַלע מאָל פֿײַנט געהאַט פֿאַר זײַן פּוסטקייט, פֿאַר זײַן נאַריש פֿראַנטעווען. דערזעענדיק אים איצטער אין אַ נײַער שוואַרצער הוט, אין אַ שוואַרצן פּאַלטאָ, האָט ער צו אים נאָך מער פֿאַראַכטונג געשפּירט און געוואָלט אים אויסווײַכן. נאָר יענער האָט אים גלײַך באַמערקט, האָט אים אָפּגע־שטעלט און, אויסשטרעקנדיק אים די האַנט, פֿריילעך אויסגעשריִען:

— אָ, סאַראַ גאַסט! יענקל, וואָס מאַכסטו?

נאָך דעם האָט ער יענקלען באַקוקט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, ווי ער וואָלט אים געוואָלט אָפּשאַצן, וויפֿל ער איז ווערט. און דערזעענ־דיק, אַז די בגדים זײַנען אַלט און יענקל אַליין איז חושך, האָט ער אים טיף אין די אויגן, ווי אַ „סלעדאָוואַטעל"[1], אַרײַנגעקוקט און,

[1] (רוסיש) אַ געריכטס־אויספֿאָרשער.

נישט דערוואַרטנדיק פון יענקלען קיין ענטפער, מיט אַ רחמנות־פּנים אַליין געענטפערט:

— אַ פּנים נישט אַזוי גוט... האַ?

יענקל איז רויט געוואָרן. דאָך האָט ער זיך געשטאַרקט צו ענט־פערן:

— נ... יש־קשה... גאַנץ גוט!...

דער חבר האָט אַ קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס, ווי ער וואָלט געזאָגט:

— זאָג מיר, גוטער־ברודער, וואָס טוסטו דאָרט?

„אײַ, זאָל ער ליגן אין דר'ערד!" — האָט יענקל אין האַרצן גע־שאָלטן און האָט קוים, צווישן די ציינער, אַרויסגעזאָגט:

— אין אַ פאַבריק פון היט.

— ווי קומסטו אַהין? — האָט דער חבר מיט פאַרשנדיקע בליקן געפרעגט.

יענקל האָט שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן און האָט צע־רייצט געענטפערט:

— איך קום! וואָס מאַכט עס אויס ווי אַזוי?

דער חבר איז געבליבן שטיין, נישט געפינענדיק מער קיין ווערטער. ער האָט נאָר אַ קוק געגעבן אויף יענקלס פּאַלטאָ, דערנאָך אויף זײַן אייגענעם, אין מוח צוגעגלײַכט, וועלכער איז בעסער, אַ שמייכל געטאָן און, שמייכלענדיק צופרידן, אויסגעצויגן יענקלען די האַנט און קאַלט געזאָגט:

— אַ גוטן! מיר וועלן זיך נאָך זען!...

— אַדיע, אַדיע! — האָט יענקל הכנעהדיק זיך פאַרנייגט און פרײַער אָפּגעאָטעמט...

*

וויפל באַקאַנטע יענקל האָט דעם טאָג נישט באַגעגנט, האָט ער יעדערן אויף זײַן פראַגע „וואָס מאַכסטו?" געענטפערט:

— נישקשה... גאַנץ גוט! — און פאַר יעדערן אַ באַזונדערן ליגן אויסגעקלערט.

— נו, אַ ביסל ליגנס פֿאַר אַ טאָג אָנגעזאָגט! — האָט ער צו־ריקגייענדיק געטראַכט — פֿוי! — האָט ער אויסגעשפּיגן, דערמאָנענ־דיק זיך, ווי פֿאַר איינעם האָט ער זיך אַזוי צעהיצט מיט זײַנע גליקן דאָרטן, אַז ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט: ער איז דאָרטן בוכהאַלטער בײַם גרעסטן נגיד, ישעיהו קאַטלאָווער. צום אומגליק האָט יענער געהערט פֿון דעם ישעיהו קאַטלאָווער, אַז ער לאָזט צו זיך קיין ליט־וואַק אויף דער שוועל נישט אַרויף... „ווי מיאוס, ווי מיאוס!" — האָט אים געקלאַפּט אין קאָפּ — „איך קאָן אַפֿילו קיין גלאַטן ליגן ניט זאָגן!"...

אַוועקגייענדיק האָט ער געפֿילט, ווי שווערע שטיינער וואָלטן זײַן האַרץ געדריקט. אים האָט זיך געוואָלט געפֿינען כאָטש איין מענטש צו דערציילן אים דעם אמת, אַז ער האָט דאָרט קיין שטעלע גאָר קיין מאָל נישט געהאַט, אַז ער האָט די גאַנצע דרײַ יאָר זייער שלעכט געלעבט, אַז ער האָט דאָרט געהונגערט און געפֿרוירן, נישט געהאַט צײַטנווײַז וווּ צו נעכטיקן און פֿלעגט בלאָנדזשען נישט איין גאַנצע נאַכט איבער די גרויסע, לאַנגע גאַסן... אַז פֿאַר די דרײַ יאָר איז ער אַפֿילן איין מאָל אין טעאַטער נישט געווען, אַפֿילן אין גאָרטן נישט, ווען די מוזיק שפּילן און מע פֿלעגט דאַרפֿן צאָלן פֿאַרן אַרײַנגאַנג; אַז דאָרטן זײַנען פֿאַראַן אַ סך אַזעלכע ווי ער און מיט זיי פֿלעגט ער זיך געפֿינען און צוזאַמען לײַדן און זיך טיילן מיטן לעצטן ביסן... נויט, הונגער, עלנט!... נאָר ווי אַזוי דערציילט מען דאָס? יעדער איינער וואָס פֿרעגט אים: „וואָס מאַכסטו, ווי לעבסטו?" — דאַכט זיך אים — וויל הערן נאָר אַ גוטן ענטפֿער, אַז ער לעבט דאָרט גליקלעך, נישט חלילה פֿאַר גוט־פֿרײַנדשאַפֿט וועגן, נאָר ווײַל מיט אַ גליקלעכן מענטשן איז פֿריילעכער צו ריידן, ליבער צו פֿאַר־ברענגען און אַן אומגליקלעכער מענטש אַרט קיינעם נישט און איז פֿאַר קיינעם נישט אינטערעסאַנט, אַפֿילו נישט פֿאַר די אייגענע טאַ־טע־מאַמע...

און קלערנדיק אַזוי, איז ער אין כּעס געוואָרן — אין כּעס געוואָרן אויף זיך, אויף די באַקאַנטע און אויף די עלטערן, וואָס האָבן אים

געפֿרעגט וועגן זײַן לעבן. „וואָס ווילן זיי פֿון אים? וואָס איז זייער דאגה?“... און פֿאַר כּעס האָט ער בײַ זיך באַשלאָסן צו דערציילן פֿון הײַנט אָן דעם אמת. וואָס האָט ער זיך צו שעמען?

ער וועט אַלץ דערציילן! ער וועט זאָגן, ווי דער טאַטע האָט אים טאַקע אַמאָל געזאָגט: אַז אומעטום איז תּוהו ובֿוהו, נויט, דלות, עלנט; אַז אומעטום זײַנען די שלעכטע רײַך און גליקלעך, און די גוטע — אָרעם און אומגליקלעך... אַז ער וועט שוין צוריק נישט פֿאָרן — ער וועט בלײַבן דאָ און וועט שלום ווערן מיטן לעבן און רו׳ִק טראָגן דעם יאָך פֿון אָרעמקייט... עס וועט פֿון אים אַ באַרג אַראָפּ!...

אַז ער איז אָבער אַהיימגעקומען און דער טאַטע האָט אים נאָך אַ לאַנגן שווײַגן געפֿרעגט: „נו, וואָס קלערסטו, יענקל? דו בלײַבסט שוין אפֿשר אַ היגער?“ — האָט ער גלײַך, נישט געקלערטערהייט, ווי אַרויסגעריסן די ווערטער פֿון מויל:

— ניין, איך פֿאָר־צוריק אויף דער שטעלע... אין וואַרשע...

און אין קאָפּ האָט אים געקלאַפּט און דאָס האַרץ האָט אין אים געוויינט, און אַ קול האָט אין אים געשריגן:

— גוואַלד! פֿאַר וואָס שעם איך זיך? פֿאַר וואָס דערצייל איך נישט דעם אמת? כאָטש פֿאַר איין מענטשן, כאָטש פֿאַרן אייגענעם טאַטן?...

1901

בינעם העלער

## איך צי זיך

אָפּט צי איך זיך איבער,
טראָג זיך פֿון דירה צו דירה,
און ס׳איז מיר לײַכט מיט מײַן לעבן;

ס׳איז מיר גרינג
אַליין צו זײַן דער טרעגער — —

און דאָ איז סמאָטשע,
און דאָרט איז מוראַנאָוו,
נאָר אַלע גאַסן שווינדלען אין אַ קרײַז,
אַלע ליגן זיי אײַנגעדרייט
און אָן סוף.
און אין ערגעץ, אין ערגעץ,
איז קיין אַנטרינען נישטאָ
פֿאַר דעם טונקעלן ריח פֿון דער נויט.

אָפּט צי איך זיך איבער —
נאָר אומעטום
הענגען אין דער זון
קײַלעכדיקע רינגען פֿון שטויב.
און אין שטילע נעכט
פֿלאַמען־אויף די ווענט:
אין קריגערײַען,
אין אימהדיקע יללות.
אומעטום
גלאָצן פֿון דעם באַלקן
געלע, צעגאָסענע פֿלעקן.
און אין ערגעץ, אין ערגעץ
איז קיין אַנטרינען נישטאָ
פֿאַר דעם טונקעלן ריח פֿון דער נויט.

וואַרשע 1936

יצחק באַשעוויס

# שמאי ווייץ

— 1 —

מיט יאָרן צוריק איז שמאי ווייץ אַראָפּגעקומען ערגעץ פֿון קליין־יוזעפּאָוו מיט זײַנע פּאָר קעסטלעך צעריבענע שריפֿט, האָט אין וואַרשע צווישן סטאַווקע און ניזקע[1] געזוכט אַ קעלערשטוב, וווּ אַוועקצושטעלן די צעבראָכענע בעטן מיט דער פֿאַרצײַטישדיקער אַלמער, אַ ירושה פֿון עלטער־זיידן. שמאי איז געווען אַ קליין געשטופּלט יידל, אַ דאַרער, מיט אַ פֿעפֿערדיק־טונקל צוגעשוירן בערדל. דער שוואַרצער גאַליציאַנער פֿאַרפֿלעקטער קאַפּעליוש, וואָס ער האָט געבאָרגט בײַ אַ קירהשן[2] קרובֿ, כּדי אויסצוזען דײַטשמעריש, איז געזעסן ווילעריש־קרום אויפֿן קאָפּ, די בייזע, גרינע אייגלעך האָבן צעטומלטע און מלא רציחה צוגעקוקט, ווי גרויסע אומגעלומפּערטע טרעגער־יונגען מיט רויטע, זשאַווערדיקע פּנימער, אין וואַטענע פֿאַרפֿעצטע שפּענצערס, האָבן פֿלינק און מיט צו־להכעיסדיקער גבֿורה געהויבן דאָס ביסל באַגאַזש, מיט די גראָבע פֿינגער געבראָכן טירלעך פֿון מעבל, געוואָרפֿן מיט זײַן האָב־און־גוטס — פֿול מיט דער הפֿקירות פֿון שטאַרקע, וואָס נעמען־צו דאָס געלט און פֿרייען זיך פֿון יענעמס היזקות. אין טויער איז געשטאַנען דאָס ווײַב, שיינדל, אַ ברייטע, צעגאָסענע, אַ נידעריקע, האָט היל־פֿלאָז געהאַלטן, ווי מיט אַ סך הענט, אַ גאַנצע קופּע קליינע קינדער אַרום זיך, זיך נישט געקאָנט קיין עצה טאָן. די שאַל פֿון קאָפּ איז איר אַראָפּגעפֿאַלן. פֿון מורא פֿאַר גנבֿות און פֿון הויפּישער, פֿאַרנאַכטישער טונקלקייט — האָט איר געבלענדט פֿאַר די אויגן, אין די אויערן האָט גערוישט און געזשומעט. די נערוועזישע ייִדענע האָט בשום־אופֿן נישט פֿאַר־

[1] פּאָפּולערע געגנטן פֿון דער וואַרשעווער ייִדישער אָרעמקייט. — [2] עסטרײַכיש.

שטאַנען, ווי אַזוי מענטשן לעבן דאָ, אין אָט דער בהלה, שטאַרק חרטה געהאַט הלמאַי זי האָט נישט צוריקגעהאַלטן דעם מאַן אירן מיט אַלע כּוחות, ער זאָל פֿאַרבלײַבן אין דער היים. נאָר שמאַי איז פֿון אַלטע צײַטן געווען אַ מענטש, וואָס פֿאַלט נישט אָפּ, קען טאָן אַ געשריי און שטעלט אויף זיך. אין יוזעפֿאָוו — אַ תּקיף אין דער קהילה, אַ גאַנצער כּל־ולך מיט דער פּאָליציי און דער אײַנציקער באַלעבאָס, וואָס האָט געהאַלטן אַ רוסישע צײַטונג — האָט ער זיך אויך דאָ, אין וואַרשע, באַלד געכאַפּט, אַז מ׳דאַרף ניט שווײַגן, האָט דריבנע און פֿאַרמעסטעריש אָפּגעשפּיגן אין זײַנע קליינע פֿאַרריסטע הענט — פֿאַרשמירטע פֿון פֿאַרב פֿון אייביקע צײַטן; דער כּעס און גרייטקייט צו קריגן זיך און זידלען האָט פּײַכט און מיט שׂנאה גע־זעצט פֿון יעדער שטיפּל[3] באַזונדער.

— וואָס איז דאָס פֿאַר אַ וואַרפֿן! — האָט דער ייִד זיך צעלאָזט פּלוצלינג און מיט הפֿקרות, אַ שפּרונג געטאָן פֿאָרויס, ווי ער וואָלט זיך פֿאַרנומען צו אַ געשלעג — אַז וואַרפֿן זאָל עס מיט אײַך הײַנער הויך! שוין רוף איך צו אַ סטראַזשניק[4]...

דער ייִד האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ לײַסט, זי אַ הייב געטאָן פֿלינק, ווי עמעצן אַראָפּצולאָזן איבערן קאָפּ, צעגוואַלד׳עוועט זיך מיט אַזעלכע קולות, אַז באַלד איז דער גאַנצער הויף פֿול געווען. ווײַבער האָבן זיך אָנגענומען פֿאַר די „פּראָווינצער״, געזאָגט מוסר, אַז נישט אַזוי גיך קומט אַן אָרעמאַן צו מעבל און אַז אויב ברעכן — קען מען ברעכן בײַ רײַכע לײַט... ס׳איז אַפֿילו אָנגעקומען דער הויכער, לאָמער[5] סטרוזש מיטן בעזעם אין אַ האַנט, אַן אויפֿגעוועקטער פֿון שלאָף, מיט רויטע פֿלעקן אויפֿן פֿעטן פּרצוף, ווי אָנגעשמירט מיט פֿעטס. טרעגער־יונגען האָבן אַ קוק געטאָן אויף דעם ייִדל פֿאַרוווּנ־דערט און מיט טעמפּער שטוינונג אין די ווייסאַפּלען איבערגעקוקט זיך, צי ס׳איז נישט כּדאַי אים אַ מאָל אָנצוברעכן די ביינער, ער זאָל געדענקען אויף אַלע מאָל. נאָר בײַ שמאַי ווייץ האָבן זיך שוין אָנגע־

---

[3] קרעצעלע. — [4] פּײַערלעשער (פּאָליציי). — [5] הינקעדיקער.

צונדן די קליינע אויערן, פונקט ווי בײַם טאַטן זײַנעם, בעריש ווײַק, וואָס האָט זיך אַרומגעקריגט מיט אַ גאַנצן דאָרף, געהאַט צו טאָן מיט פּריצים, געפּאָרן כּסדר אין געריכטן און סוף־כּל־סוף דערשאָסן געוואָרן פֿון אַ גמינע־שרײַבער פֿאַר פּאַטשן אים אין מיטן מאַרק... זײַן דאַר פּנים איז בלאַס געוועזן פֿון צאָרן. האָט דער עלטסטער פֿון זיי, שמעון בענץ, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, זיך אָנגערופֿן באַליידיקט און מיט דעם אײַנגעהאַלטענעם פֿאַרדראָס פֿון אַ גיבור, וואָס פֿאַרשווײַגט אַן עוולה נאָר דערפֿאַר, ווײַל ער שרעקט זיך פֿאַר די אייגענע כּוחות.

— שטיל, ר׳ ייִד, קאָכט אײַך נישט אַזוי... מיר האָבן שוין געטאַשטשעט [6] עפּעס בעסערס ווי אײַערע גראַטעס... זאָל אָט דער קאָפּ אַזוי לעבן!

מ׳האָט זיך תּיכּף אָנגעהויבן באַגיין מיט שמאַין לײַטיש. מ׳האָט אַפֿילו געהאָלפֿן צונויפֿשטעלן די זאַכן. און אַז אַ קליין גנבֿל האָט זיך גענומען דרייען בײַ דער פֿור און תּמעוואַטע אַרײַנגעשטעקט אַ האַנט, ווי אַרויסצונעמען אַ שטרוי, האָט אים פּלוצלינג שמעון בענץ היינטערווײַלעכץ דערלאַנגט אַזאַ פּאַטש, אַז דאָס ייִנגל האָט זיך אין גאַנצן אָפּגעגאָסן מיט בלוט. שמעון איז אַרײַן אין קוראַזש, מכבד געווען גוטע ברידער מיט שנאַפּס פֿון אַ גרויסער פֿלאַש, האָט געשלעפּט פֿון די סאַמעטענע געשטרײַפֿטע הויזן עפּל אויף צוצובײַסן און געזידלט דעם צעקלאַפּטן יאַט, גערעדט צו אים האַרציק און מעשׂה דערוואַקסענער, וואָס מיינט לטובֿה:

— ווילסט דווקא לקחנען! — אַדרבה, ברעך הענט און פֿיס!... אין די האָליעס [7] פֿעלט נישט וואָס צו נעמען... אָבער בײַ אַזאַ מענטש גייסטו שלעפּן אַ טעפּל, הע? און ווו וועט זײַן ווײַב אָפּקאָכן פֿאַר די קינדער, אַ?

שמאַי האָט אַרויסגעשלעפּט פֿון וועסטל אַ פּאַפּיראָסל, מיט

---

[6] געשלעפּט. — [7] באַזאַר (אין אַ רײַזיקער געבײַדע מיט אַ סך געשטעלן און הענדלערס).

הקפּדה [8] פֿאַרשטעקט עס אין אַ זײַט מויל, שווער געסאַפּעט און געטראַכט, אַ פֿאַרשוויצטער און פֿאַרווירטער, אַז ס'איז דאָ אײן וועג נישט צו לאָזן זיך... הײבסטו נאָר אָן ציטערן פֿאַר דער הויט, וועט מען שוין אויף דיר קריכן פֿון אַלע זײַטן... שמאי האָט אַלע מאָל אַ ברום געטאָן צום ווײַב, געטענהט, זי זאָל נישט אַזוי צוהאַלטן דאָס קלײנוואַרג, האָט מיטן דינעם אײַזערנעם שטעקעלע אַ צעקאָכטער געגראַבלט צווישן די שטײנער און מיסט, ווי ער וואָלט פֿון דאָרטן געוואָלט בגגבֿה אויסגראָבן אַ באַהאַלטענע מטבע. ער איז תּיכּף אַוועק אין שטאָט, שוין באַוויזן צו זײַן בײַ עטלעכע הײמישע מוכר־ספֿרימניקעס, וועלכע ער קען נאָך פֿון יוזעפֿאָוו, און משך פֿון עטלעכע שעה געווען בײַ אַ פּאָר טוץ אַרבעט־געבערס. און שטוב אַרײַן איז ער אַרויפֿגעקומען ערשט שפּעט בײַ נאַכט. די קינדער זײַנען שוין געשלאָפֿן פֿאַרנוויזז. די פֿאַציאַטע [9] איז פֿול געווען מיט שטרוי, ברעטלעך, כּלים. אין דער קיך האָט געברענט אַ פֿײַער און ס'האָט געזאָטן אַ טשײַניק טײ. ס'ווײַב איז געזעסן אויף אַ נידעריק בענקל, אַז דאָס קלײד איז געלעגן אויף דער ערד, האָט צעשטרײַט, און סתּם־אַזוי די גאַנצע צײַט געהאַלטן אַ מעשן שטויסל בײַ בײדע אויערן, נאָך אַלץ נישט געקענט קומען צו זיך. ס'האָט זיך איר נאָך אַלץ געדאַכט, אַז מ'לויפֿט־אַרום אויפֿן דאַך, אין דער וואַנט רוישט עפּעס און אַז פֿון דער גאַס הערן זיך מוראדיקע יללות, וואָס האַלטן זיך אין אײן דערנענטערן. שמאי האָט אויף איר אַ פּינטל געטאָן מבֿיניש מיט אײן אויג, רחמנות באַקומען און פֿון דעסט וועגן גערעדט האַרט און מיט געבײזער:

— האַלט אים פֿעסט, ביז טאָג! מנע, ביסט שוין אײן מאָל אַ טויגעריך, ביסטו...

— אַז כ'ווער דול [10] — האָט די ײדענע אָנגעבײגט אַן אויער, ווי אַ טויבע — כ'וויס נישט וואָס ס'טוט זיך מיט מיר!

— הע? ווייסט נישט? דאָס פֿאַרשטײ איך אַלײן אויך... אַזוי

---

[8] פּינקטלעכקײט, פּעדאַנטיש. — [9] אײבער־צימערל, — [10] משוגע.

ווי מ׳איז אין יוזעפֿאָוו, אַזוי איז מען אין וואַרשע... בײַ מיר שטעלט מען זיך מאָרגן צו דער אַרבעט ...

שמאַי האָט אויסגעטאָן דעם קאַפּעליוש און דאָס רעקל, דאָס ערשטע מאָל אין לעבן דעמאָלט געגעסן אין בלויזן קאָפּ, פֿון נישט געוווינטקייט — אַלע מאָל אַ קראַץ געטאָן צווישן די שיטערע דין־געשוירענע האָר, אומגעדרייט זיך פֿון וואַנט צו וואַנט אין זײַנע צולאַנגע הויזן און געקײַט אַ זעמל. ער איז שוין הײַנט געווען זוכן זעצערס, האָט איבערגעשמועסט מיט אַ היימישן דרוקער וועגן איבערשמעלצן דאָס רש״י־כּתבֿ אויף הײַנטמאָדישע אותיות. איצט האָט ער זיך געשטיקט אינעם צו־ענגן פּאַפּירענעם קעלנערל און געדרייט אומרויִק מיטן האַלדז. ווי אַלע מאָל בעת ס׳נעמט אים אָן דער חשק צו געשעפֿטן און צו מעשׂים, האָט אויך איצט שמאַי נישט אויפֿגעהערט ריידן וועגן זײַנע פּלענער כּלומרשט צום ווײַב, קוקנדיק בשעת־מעשׂה ערגעץ איבער דעם סופֿית, די הענט פֿעסט צונויפֿגעבאַלט אין די הויזן־קעשענעס. שמאַי האָט זיך געקרימט, געטענהט און אָפּגעענטפֿערט, געקלאָגט און געדונגען זיך מיט די פּרנסה־געבערס זײַנע, די מוכר־ספֿרימניקעס:

— וועקסלען, וועקסלען! — מיט וועמען זאָלסט נישט ריידן, איז נאָר וועקסלען! אײַ, דער בעל־מלאכה וויל דווקא מזומנים און דערווירט אויך? נו, גייט עס זיי אָן ווי דער פֿאַראַיאָריקער פֿראָסט!... אַזעלכע מערדערס!...

שמאַי האָט אַ האָרך געטאָן צום קליינוואַרג, געטראַכט אַן אומצופֿרידענער, אַז זיי האָבן פּונקט אַזעלכע פּוכיקע, פֿלײשיקע באַקן און אַ נייגונג צו דיקקייט ווי זייער מאַמע, די שלימזלטע, פֿאַרריסן דעם קאָפּ און אַ קוק געטאָן אויפֿן קליינעם שיפֿן פֿענצטערל, ווי אַ האָן פֿאַרן שלאָפֿן־גיין... שמאַי האָט זיך אַרויפֿגעשטעלט אויף אַ בענקל, געקלעטערט גרינג, ווי אַמאָל ייִנגלווײַז אין פֿרעמדע סעדער, געזען אַ ברייטע, באַלויכטענע שטאָט, פֿול מיט בלוילעכע און געלע לאָמטערן — שײַניקע, קײַלעכיקע, ווי לבֿנות. אונטן, אויף דער ערד, זײַנען אומגעלאָפֿן אַ סך קליינע מענטשעלעך, האָבן געקוויטשעט, גע־

קראָכן צווישן וועגן און אויטאָמאָבילן, אָפּגעשפּרונגען. דער נידעריקער הימל איז געלעגן לילי־רויטלעך, מאַט־צעפּלאַקערט, ווי פֿון אַ נאָענטער שׂריפֿה. שמאי האָט אײַנגעעטעמט דעם היימישן, בעקערישן רויך, אָנגעשטעלט די שמיעה צו אַ ווײַטן, צעדזשאַמדזשעטן ריטשען [11] פֿון אַ גראַמאָפֿאָן, געוווּנדערט זיך, וואָס קיינעם פֿאַלט נאָך נישט אײַן צו שלאָפֿן, און געפֿרייט זיך, וואָס ער האָט סוף־כּל־סוף זיך אָנגעטאָן אַ כּוח און פּטור געוואָרן פֿון דער וויסטער העק יוזעפֿאָוו. ר׳האָט גערעדט צום ווײַב הינטערווײַלעכץ, צום לעצטן מאָל געזידלט יוזעפֿאָוו מיט אירע באַלעבאַטים צוזאַמען.

— אַזעלכע פּגרים, הונדערט יאָר קען מען דאָרטן אָפּזיצן און פֿוילן!...

— אַ מחיהדיק שטעטל, וואַרשע, הערסט צי ניין?... וועסט שוין זען, אַז דאָ וועט אַלץ גיין!...

— 2 —

יאָרן לאַנג האָבן וואַרשעווער דרוקערס מיט שמאין נישט געוואָלט קיין וואָרט ריידן, אים אַפֿילו נישט געענטפֿערט אויף קיין גוט־מאָרגן. מ׳האָט אומעטום געוווּסט דעם סוד, אַז שמאי זעצט פּלאַקאַטן פֿאַר די סאָציאַליסטן, אַרבעט בחצי־חנם פֿאַר פּראָווינצער מחברים און סתּם בטלנים, וואָס צאָלן גראָשנס, ניצט בעל־מלאכות נישט פֿון פֿאַראיין און יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק שטעלט ער אַוועק בײַם קאַסטן נײַע קליינשטעטלדיקע יידן, יוזעפֿאָווער זעצערס, אַלטע, אײַנגעבויגענע, בלינדע פֿון אייביקן „דזשאָבען" [12] די פּעטיט־אותיות־לעך פֿאַר ספֿרים. אויף אַלע פֿאַרזאַמלונגען האָבן דרוקערס אָפּגעמאַכט, מ׳זאָל דאָרטן אַרײַנפֿאַלן, צעשיטן דאָס ביסל „טשוועקעס", אָנשרײַבן אַ מסירה, אַז די פֿאַציאַטע איז אומריין און די ווענט זײַנען נאַס, און דער סופֿיט האַלט בײַ אײַנפֿאַלן. נאָר שמאי ווייץ האָט זיך נישט אָפּ־

---

[11] שרײַען ביז הייזעריק ווערן מיט אַ מויל אָן ציינער. — [12] פּיקן ווי פֿייגעלעך, הינער.

געשראָקן פֿאַר די וואַרשעווער בריות, געטענהט אַז ר׳איז דער זעל־ביקער ווילער־יונג, וואָס זיי, צוגעזאָגט אַז נישט אַזוי גיך וועט מען פֿון אים פּטור ווערן. שׂונאים אויף צופּיקעניש — וועט מען נאָך אויך אין וואַרשע וויסן. אַז שמאי ווייץ איז ניט קיין מלופּים־קינד[13] און נישט קיין אָפּגעשראָקענער... שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז שמאי האָט נישט גערעדט סתּם אין דער וועלט אַרײַן...

אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט דעם, וואָס שמאי האָט גענומען דרוקן אויף זײַן אייניציקן „פּעדאַל“[14] פֿאַרשיידענע טעקסטן פֿאַר דעם קאָמיסאַריאַט. דרוקערס האָבן געוווּסט, אַז ער טוט עס בחינם. מיט פֿאַרדראָס צוגעזען, ווי ער דרייט זיך אין גאַס מיט ביידע „רעוואָראָ־ווערס“[15], גייט מיט זיי אין שענק אַרײַן, רעדט רוסיש ווי אַן אמתער פּאָניע. שפּעטער־צו איז ער פֿון דער העלער הויט געוואָרן אַ מחותּן מיטן קאָמיסאַר אַליין — אַ קליינער, אַ דיקער, מיט געלע פֿאַרדרייטע וואָנצעס און רויטע אויסגעפּאַשעטע בעק, אָנגעשטאָפּטע פֿון כּאַבאַר, וואָס ייִדן גיבן בגנבֿה אין דער פּעטער האָריקער האַנט פֿון אַלע צײַטן „אַן אַנטיסעמיט“, אַ שׂונא־ישׂראל און אַ צולהכעיסניק, האָט מען אים געזען אומגיין מיט שמאין געאָרעמט און סודען זיך, ווי מיט אַ גוטן־ברודער, אַן אייגענעם מענטש. מ׳האָט שטילערהייט גע־וווּסט, אַז שמאי האָט זיך פֿאַרפּלאָנטערט מיט פֿאַלשע פּעסער, מאַכט היפּש געלט און האָט צו טאָן מיט די גרעסטע קאַרפּנקעפּ... דער עולם האָט געשאָקלט די קעפּ מיט מורא, פֿאַרטרוילעך געשמועסט, אַז דער ייִד וועט נאָך גיין אויפֿן שטריקל, געקוקט אויף אים מיט קאַלטן אָפּשײַ, ווי אַלע מאָל — אויף הפֿקר־מענטשן, וואָס לאָזן זיך אויף גלי־טשיקע וועגן און פֿאַרדרייען זיך אין עסקים מיט „יענע לײַט“... פּונקט ווי אַמאָל אין יוזעפֿאָוו, האָט אויך דאָ, אויף ניזקע[16] שמאי באַקומען אַ שם פֿאַר אַ חשובֿ במלכות. ייִדן האָבן דערציילט: אַז אָט דער שמאי פֿרעסט טריפֿות צוזאַמען מיט נאַטשאַלסטוואָ אין דער

---

[13] פינטל, אַ גאָרנישט. — [14] פּוסמאַשין. — [15] פּאָליציי־אָפּיצירן. — [16] וואַר־שעווער גאַס פון ייִדישער אָרעמקייט און... אונטערוועלט.

גויִשער שענק, טרינקט מיט זיי „נסך״ [17]. אַ מלמד האָט געשווירן, אַז ר׳האָט געזען פֿון שמאין וואַרפֿן אין מיסט אַרייַן פֿולע קוישן מיט צעריסענע און פֿאַרסמאָלעטע שמות... נאָר שמאי האָט זיך אויסגעלאַכט פֿון אַלע רייד. זינט ר׳איז געקומען קיין וואַרשע האָט ער אין גאַנצן אויפֿגעהערט דאַוונען, בלויז שבת געקויפֿט אַ בילעט אין נאָזשיקס שול, כּדי צו הערן דעם חזן, דעם לייבן־באַריטאָן... שמאי האָט פֿאַרשוירן דאָס בערדל, אַז ס׳איז בלויז געבליבן אַ שפּיץ, אָנגעטאָן אַ קורץ רעקל, פֿאַרקנעפּלט אויף איין קנעפּל. ר׳האָט חוזק געמאַכט פֿונעם ווייַב, וואָס איז געזעסן אין קיך מיט די קינדער, נאָך אַלץ מורא געהאַט צו גיין אין גאַס אַרייַן, מ׳זאָל זי נישט איבערפֿאָרן, און יעדן טאָג געקראָכן פֿרעגן שאלות צום מורה־הוראת.

— דו, שיינדל, האַלטסט זיך בייַ ס׳דייַגיקע, האַ?... כ׳האָב מורא אַז וועסט שוין אַזוי דייַנע יאָרן אויסלעבן מיט דייַן יוזעפֿאָוו!...

מ׳האָט דאָ בייַ שמאין געאַרבעט פֿון פֿאַר טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט. טאָגטעגלעך האָט מען צוגעקויפֿט נייַע שריפֿט. די גרויסע אָנגעמושבֿטע שטוב איז פֿול געווען מיט קאַסטנס בלייַ, מיט פֿאַרריסטע [18] ייִדן און מיט חדר־ייִנגלעך, וואָס אַרבעטן אויף דער „לער״ און באַקומען יעדן פֿרייַטיק צוואַנציק גראָשן... קאָרעקטאָרן מיט הויכע רבנישע פֿאַרשוויצטע שטערנס און מיט רויטע צוגעשוואָלענע ווִיעס, האָבן געלייענט שטייענדיקערהייט אין גרויסע פּאַפּירלעך, געבייזערט זיך, הלמאי מ׳מאַכט גרייַזן, מיט כּעס יעדער מאָל פֿאַרזעצט די פֿעדערס אין די אויערן, געדרוקערט פּאַפּיראָסן און געפֿירט לאַנגע וויכּוחים וועגן ארץ־ישׂראל און וועגן ביאַליקס שירים. שמאי האָט זיך דאָ אַרומגעדרייט אין זייַנע הויכע שטיוועלעך מיט די שמאָלע כאָלעוועס, געווען אין יעדער ווינקל, געטריבן די לײדיקגייערס, קיין איין רגע נישט גערוט: געהאַלטן אין איין שרייַען, אַז מ׳מאַכט אים בדלות... צוליב די אַלע פֿוילע ברואָים וועט ער סוף־כּל־סוף מוזן אָנהייבן צו גיין אויף דער מדינה... ערשט שפּעטער מיט עטלעכע

---

[17] ווייַן פֿון געצנדינערס, גויִש ווייַן. — [18] פֿאַרשמירטע.

יאָר האָט זיך דער עולם אומגעקוקט, אַז שמאי איז נישט געשלאָפֿן, געמאַכט אַן אוצר מיט געלט. אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן האָט שמאי אָפּגעקויפֿט בחצי־חינם אַ גרויסע מאָדערנע דרוקעריי, מיט צוויי פֿונק־נייַע דרוק־מאַשינען, מיט אַ לינאָטיפּ און מיט אַלע זיבן זאַכן. פֿאַכ־לייַט, נגידים אין האַרטע קאַפּעליושן, ס׳רובֿ „געצייכנטע“, מיט אָפּ־געהאַקטע פֿינגער בייַ דער אַרבעט, האָבן זיך איבערגעקוקט דער־שטוינטע, נישט געגלייבט די אייגענע אויגן, ערשט איצט דערשפּירט, אַז אָט דער שמאי איז אַ מוראדיקער שווינדלער און אַ געפֿערלעכער פֿאַרשוין. . אַ גנבֿ און אַן אייַנשטעלער, וואָס איז זעלטן צו טרעפֿן אין די גרעסערע שטעט. שמאי איז געקומען צו גיין אויף אַ פֿאַרזאַמ־לונג מעשׂה אַלטער מיטגליד, געהאַט אַ פֿול מויל מיט גאָלדענע ציין, גערעדט ברייטלעך, נגידיש, געשריגן הויך, ווי צו זייַנע זעצערס:

— אַז מ׳שלאָפֿט דאָ צווישן אייַך! פֿון וואַנען־זשע זאָל מען צו עפּעס קומען? אַז ס׳פּאַך פֿאַלט פֿון טאָג צו טאָג!...

דרוקערס האָבן זיך אומגעדרייט ברוגזע אין זייערע לאַנגע אָפּ־געטראָגענע מאַנטלען, געריבן די הענט מיט מרה־שחורהדיקן ביטול און עבֿר־בטלדיקייט פֿון מענטשן, וואָס נישט זיי ווילן און נישט זיי קענען אָנהייבן אויף דער עלטער צו גיין אויף נייַע וועגן, אונטערגע־טענצלט פֿון קעלט, אָפּגעענטפֿערט זייַטיק און מיט פֿאַרדראָסיקער אָנצוהערעניש, אַז בייַ ערלעכער אַרבעט וואַקסט מען נישט... פֿון ערלעכער אַרבעט איז קוים דאָ „פּאַפּע“[19] אין מויל אַרייַן... שמאי האָט צופֿרידן און פֿון פֿאַרטראָגנקייט אַרומגעביסן די נעגל ביז בלוט, אייַנגעטעטנהט מיט די יונגע־לייַט, געוויזן מוסטערן אין דייַטשע זשור־נאַלן, וואָס האָבן געשטעקט בייַ אים אין די קעשענעס. שמאי האָט מיט שוואַרצע אייַנגעריסטע הענט געגלעט אַ קאַטאַלאָג פֿון ווייַס־גלאַנציק קרייַדפּאַפּיר, צוגעשטעלט די אילוסטראַציעס צום ליכט, אַ סמאָטשקע געטאָן אין פֿינגער אַרייַן, אַ סימן אַז דייַטשישע מלאכה איז ווערט מ׳זאָל זי קושן.

[19] נישט מער ווי פּראָסט עסן.

— איר הערט? — אַז מ׳זאָגט דײַטש גנבֿ, זאָלט איר גלייבן... אַ שיין פּנים האָבן מיר אַקעגן אייראָפּע... קוואַטש!...

שמאַי ווייך האָט געטאָן אַלץ וואָס מעגלעך צו ווערן לײַטיש, געדונגען אַ דירה אין אַ גוייִשער גאַס, אָנגעקויפֿט אין „אײַזן־הויף״ אַ סך נײַמאָדישע שענק און שפּיגלען, גענומען אויף אויסצוצאָלן אַ קלאַוויר, צוגענומען אַ גוייִשע דינסט, וואָס איז יאָרן לאַנג געווען בײַ אַ רײַכן שנײַדער און קען קאָכן אַריסטאָקראַטישע מאַכלים, אָנגעזאָגט מ׳זאָל נישט לאָזן פֿאַר דער טיר די קבצנים און שנאָרערס, וואָס רײַסן־אָפּ די גלאָקן, פֿאַרשמירן די דיוואַנעס און מ׳איז קיין מאָל ניט זיכער, צי ס׳זײַנען נישט אַ מאָל פֿאַרשטעלטע גנבֿים און מערדערס... די קינדער האָט ער אַוועקגעשיקט אין די גימנאַזיעס, אָנגעזאָגט, זהיר ווזהיר, מ׳זאָל אויפֿהערן ריידן ייִדיש... נישקשה, מ׳וועט די תּורה נישט פֿאַרגעסן!... שמאַי האָט זיך איצט אַרומגעדרייט אין דער גרויסער דרוקערײַ, אַכטונג געטאָן, דער מאַשין־זעצער זאָל נישט באַלאַמוטשען[20] טאָגטעגלעך זיך געקריגט מיטן לאַנגן גוי, דעם מאַשיניסט זאַמבעק, וואָס שמאַי האָט אַראָפּגענומען פֿון יוזעפֿאָוו. אַמאָל איינער פֿון די בעסטע בעל־מלאכהס אין פּוילן, אַ גוטער פֿאַרדינער, האָט ער די לעצטע יאָרן געהאַלטן אין איין שיכּורן, אומעטום פֿאַרשטעקט לײדיקע פֿלעשער, נישט געקאָנט אין וואַרשע קיינעם אַחוץ שמאַין און געשלאָפֿן אין דרוקערײַ. דער גוי פֿלעגט אַרבעטן גאַנצע נעכט, טאָן פֿאַר צען. שמאַי פֿלעגט צוליב אים האַלטן אין איין צוריקדרייען דעם זייגער, נישט אויפֿגעהערט אים דראָען, אַז ער וועט אים אַרויסוואַרפֿן, געטענהט, אַז ער וועט אים מסרן, הלמאַי ס׳קומען צו אים די שיקסעס פֿון הויף. ווי אַלע מאָל, ווען דער גוי האָט זיך אָנגעטרונקען, פֿלעגט שמאַי גראָד דעמאָלט זיך נעמען מיט אים רעכענען...

— פּאַניע זאַמבאַק, מיר רעכענען זיך אָפּ, גיכער! שפּעטער וועל איך נישט האָבן קיין צײַט!...

[20] „קריכן״ בײַ דער אַרבעט, פֿאַרלירן צײַט.

דער גוי פֿלעגט זיך קוים האַלטן אויף די פֿיס, געוואַקלט זיך בעתן גיין, ווי ער זאָל טרעטן אויף אַ שטריק. זײַנע גרויסע, ברייטע פֿאַרשמירטע הענט שטאַרן־אַרויס פֿון די צו־קורצע אַרבל בלוי־אַנגעלאָפֿענע, מיט אַרויסגעזעצטע אָדערן, און זיי הענגען נאָך. דאָס פּנים איז רויט, שווייסיק, ווי נאָך אַ טיפֿן, אויסמאַטערנדיקן שלאָף. די גלעזערן־פֿאַרלאָפֿענע אויגן קוקן מבֿוהלדיק, פֿאַרווירט, פֿול מיט דעם אײַנגעגעסענעם כּעס און רציחה פֿון אַלטע שיכּורים, יורדים, וואָס ווייסן, אַז זיי מאַכן אַ תּל פֿון זיך און אַנדערע, פֿאַלן פֿון טאָג צו טאָג אַלץ נידעריקער, און דער סוף איז, אַז זיי ענדיקן אין תּפֿיסה, ווערן פֿאַרפֿוילט. שמאַי זיצט בײַם גרויסן בוך, שרײַבט אין דער גיך, מעקט, קלאַפּט־צו מיט די אָפּצאַסן אין דיל און לייענט־אַרויס דעם חשבון פֿון די אַרבעט־שעהן כּלומרשט נאָכלעסיק און בשעת־מעשׂה פֿאַרטראַכט אין אַנדערע, וויכטיקערע געשעפֿטן...

— מאָנטיק פֿון 11 ביז 4, צוזאַמען דרײַ שעה...

— דינסטיק פֿון 12 ביז 6, צוזאַמען פֿינף שעה...

דער גוי ווישט די אַנגסטן פֿון שטערן מיט אַ שטיק פּאַפּיר, האַלט כּסדר אין איין פֿינטלען מיט די רויטע, נישט־אויסגעשלאָפֿענע ווִיעס, צעמישט פֿון יענעמס ציפֿערן. ער געדענקט בחוש, אַז ר׳איז יענע וואָך נישט געשטאַנען קיין רגע לײדיק, איז זיכער, אַז דער פֿאַרשאָלטענער ייִד באַגנבֿעט אים פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, נאָר אין זאַמדיקן, שטייענדיקן מוח איז ענג און הייס, דער געדאַנק אַרבעט נישט, די צונג אין מויל איז האַרט, טרוקן. אַמאָל אַ גאַנצער פּריץ און אַ רעכנמײַסטער, שעמט ער זיך צו ווײַזן, אַז ס׳קומט אים אָן שווער צו מאַכן אַ חשבון, הוסט־צו מיט אַ שווערן, בייזן ברום — אַ סימן, אַז ר׳איז מסכּים... בשעת־מעשׂה שאָקלט ער צו דעם קאָפּ מיט אַ מין אָנגעצונדענער רוגזה, ווי איינער זאָגט: כ׳וויס, ייִד, אַז דו נאַרסט!... באַרויבסט מיך און כ׳וועל זיך אַ מאָל אין דיר נוקם זײַן!... נאָר שמאַי גראַבלט שוין אין דער קעשענע פֿון זײַנע גאַליפּע־הויזן, דערלאַנגט דעם גוי אַ פּאָר מטבעות אויף אַן „אַוואַנס“ און כאַפּט אין דער גיך דאָס רערל פֿון טעלעפֿאָן, קלאַפּט אומגעדולדיק

אויף די שטאָלערנע גאָפּעלעך, שילט די טעלעפּאָניסטין און פֿון גרויס כּעס איז ער זיך עטלעכע מאָל טועה...

שמאַי רעדט מיט דער דינסט, פֿרעגט זיך, צי ס'איז דאָ מיטאָג.

— אַ? גולאַזש, זאָגסטו, הע? נו, גוט... זאָל זײַן אַזוי... טאָ וואָס טוט די פּאַני? אַ? זי שלאָפֿט?! — נאַדיר אַזאַ צרה! אין סאַמע מיטן טאָג כאַמערט [21] דאָס גאָר...

שמאַי גייט תּמיד אַהיים צוליב איר מיט אַ שווער האַרץ, מײַדט דורך איר אויס די שטוב... אין אָנהייב האָט שמאַי געפּרוּווט אײַנ־טענהן, זי זאָל אַראָפּוואַרפֿן דאָס שייטל, גענעבן צו פֿאַרשטיין, אַז אין וואָס פֿאַר אַ שול מ'קומט, אַזאַ קדושה שפּרינגט מען, און אַז דאָ, אין וואַרשע, איז נישטאָ קיין אָרט פֿאַר יוזעפֿאָווער נאַרישקייטן... נאָר די ייִדענע האָט זיך פֿאַרעקשנט, קריכט־אַרום איבער די שטובן אין איר אויסגעקראָכן פּאַרוקל, פֿאַררוקט איבער די געשוירענע, טרעפּיקע [22] האָר, ווי בײַ אַ שעפּס, ציטערט־אויף יעדעס מאָל ווען מען קלינגט אין דער טיר, קרענקט־אָפּ גאַנצע וואָכן, ליגט אין בעט און רעדט נישט אויס קיין וואָרט מיט די קינדער... צוליב איר לאַכט מען פֿון שמאַין אין הויף, מ'קען נישט אַרײַנבעטן קיין גאַסט אָדער אַ שכן. ווי נאָר מ'לאָזט גיין דעם גראַמאָפֿאָן, פֿאַרדרייט זיך איר דער קאָפּ, אַנטלויפֿט אין שלאָפֿצימער, פֿאַרבינדט זיך דעם שטערן מיט אַ האַנטעך, זיצט־אָפּ שעהן איינע אַליין אויפֿן ראַנד פֿון בעט, ווי אַ מטורפֿדיקע, און וויינט... דאָקטוירים זאָגן, אַז אירע נערוון זײַנען איבערגעברענט און אַז מ'דאַרף זי אַרײַנגעבן אין אַ סאַנאַטאָריע... ס'וואָלט געמוזט אָפּקאָסטן קורחס אוצרות... בײַ נאַכט דרייט זיך שמאַי אַרום איז שטאָט, קומט צוויי מאָל אין דער וואָך אויף זיצונגען פֿון פֿאַראיין, חבֿרט זיך מיט יונגע דרוקערס און גייט מיט זיי כאַפּן אַ קערטל ביז איינס אַ זייגער... שמאַי פּאַפּעט פֿון פֿאַרגעסונג אַ פּאַפּיראָס אין ווינקל פֿון די ליפּן, שפּילט ברייט, אײַנשטעליש, צאָלט פּינקטלעך. ער קוקט מיט ישובֿ־הדעת אין זײַנע פֿאַרשמאָלצע־

---

[21] פּאָפּט (שלאָפֿט צו־פֿיל). — [22] ווי טרעפֿ.

וועטע טעוועלעך, ווינקט־צו צו זײַנע פיגורן מעשׂה אַלטער באַקאַנ־טער און חכמהט זיך מיט געמאַכטער צערייצטקייט און קנאה, כּדי אײַנצוריידן דעם קעגנער, אַז ער האַלט שלעכט.

— איר האָט שוין דאָרטן, אַ מלך, האַ? — פאַרפאַלן, כ'וועל דוכט זיך גיין שלאָפן — מיט בײדע מלכות!...

— 3 —

אין איינעם אַ ווינטער האָט שמאיס ווײַב אָנגעכאַפּט אַ ווייטיק אין „קושיזש" [23], האָט באַקומען אָנגעדראָלענע פיס און אויף איין מאָל פאַרלוירן דעם אַפעטיט צום עסן. די ערשטע צײַט האָט די ייִדענע קיינעם גאָר נישט דערציילט. זי איז געזעסן אין טונקעלן אַלקיר, ווו ס'שטייען די בעטן, געשטריקט פאַר שמאין אַ לײַבל אויפן ווינטער, טעג און נעכט געלייענט דעם „נחלת צבי" אויף עברי־טײַטש און געזאָגט תהילים. פון דער דינסטס געקעכצן האָט זי סײַ־ווי־סײַ קיין מאָל נישט פאַרזוכט, געהאַלטן אַז די קיך איז טריפה. געזונטערהייט האָט זי אַליין זיך אָפּגעקאָכט אַ גלאָז טיי אויף דער גאַז־מאַשינקע, געהאַט אייגענע צוויי טעפּלעך, אַ טעלער און אַ מעסער. איצט איז אויף איין מאָל איר געפּעס געבליבן שטיין פאַרשלאָסן אין קרעדענץ און די גויע האָט אויפגעהערט צו האָבן טענות, אַז די באַלעבאָסטע מאַכט איר אָן אַ מושבֿ מיט אירע „קאָשערנע" שאַרבנס... די מיידלעך זײַנען געגאַנגען אין שול, גאַנצע אָוונטן געלערנט אויף אויסנ־ווייניק די לעקציעס, געהאַט אַלע מאָל בײַ זיך פרעמדע שילערינס, פאַרשלאָסן די טיר, פון מורא, די מאַמע זאָל נישט אַרײַנקומען. שי־מעק, דער עלטסטער זון, אַ בחורל פון אַ יאָר פופצן — אַ הויכער, אַ פלינקער, אין אַ היטל מיט אַ לעדערנעם דאַשעק און אין קורצע הייזלעך מיט שטיקער לידקעס אין דרויסן — איז קיין מאָל נישט געווען אין שטוב, פלעגט אַהיימקומען שפּעטער ווי דער פאָטער. די מאַמע איז דערווײַל געוואָרן געשוואָלענער פון טאָג צו טאָג. איר

[23] רוקנביין.

הויט איז געוואָרן גלאַנציק, ווי אָנגעשמירט מיט בוימל, די אויגן — קליין, פֿאַרגאָסן, ווײַסלעך, חלשותדיק און מוטנע, פֿול מיט דער שטוי־נענדיקסטער פֿרעמדקייט און מאוימדיקער צעשמייכלטקייט, ווי די פֿאַרענדערונג וואָס קומט פֿון אַ צאָנגעשוויר... אין איינעם אַ טאָג איז שמאַי אַ דערשטוינטער געוויר געוואָרן, אַז זײַן ווײַב ליגט אין בעט, האָט קראַנקע נירן, און אַז דער דאָקטער, וואָס איז דאָ געווען נעכטן, האָט שטאַרק זיך געקרימט און איבערגעשראָקן... שמאַי איז פֿון דעם אַלעמען אַזוי נשתומם געוואָרן, אַז ער האָט אַ שפּײַ געטאָן ווײַט פֿאַר זיך, אַ טופּע געטאָן מיטן פֿוס און אַזש אַ ציטער געטאָן.

— צו מײַנע שׂונאימס קעפּ! אַז דאָס מענטש שווײַגט, ווי אַ האָלץ! גיי ווייס וואָס איר איז! פֿוי!...

שמאַי האָט תּיכּף אַראָפּגעשיקט אין אַפּטייק אַרײַן נאָך דעם רעצעפּט, אָנגעזאָגט דער דינסט, זי זאָל שטאַרק אַכטונג טאָן אויף דער באַלעבאָסטע, געטענהט אַ צערודערטער, אַז די ייִדענע איז אין אַלעמען שולדיק... אַלץ קומט־אַרויס פֿון איר קליינשטעטלדיקייט און פֿרומקייט... די ערשטע טעג האָט ער אַפֿילו אָנגעהויבן אַהיימקומען פֿריִער בײַ נאַכט, כּדי נישט אויפֿצוּוועקן דעם קראַנקן. שטאַרק גע־מוסרט די קינדער, הלמאַי זיי גיבן זיך אָפּ מיט נאַרישקייטן און פֿאַר־געסן אין דער מאַמען... אָבער אַז ס'איז אַוועק אַ צײַט און די ייִדענע איז געוואָרן אַלץ מער אויס מענטש — האָט שמאַין אָנגעהויבן נמאס צו ווערן איר שטענדיק קרעכצן, אויפֿגעהערט צו פֿאַרטראָגן דעם ריח פֿון געקאָכטע מילך און דאָס שטענדיקע מורמלען אָפּגעהאַקטע ווערטער, דראָבנע־אַרויסגעוואָרפֿענע, מרוקעוואַטע און אומפֿאַרשטענד־לעכע, ווי אַ מענטש וואָס באַלאַמוטשעט פֿון היץ... שמאַי האָט גע־הייסן אַריבערטראָגן זײַן בעט אין קאַבינעט אַרײַן, אויף איין מאָל זיך מיאש געווען אי אין אַלע רפֿואות, אי אין ווײַב. וויפֿל מאָל אַ היימישער מענטש האָט זיך געפֿרעגט וועגן איר, האָט שמאַי אָפּגע־זיפֿצט, אָנגעשפּיגן אין ביידע האַנטפֿלאַכן און געטענהט:

— וואָס זאָל זיך הערן? ס'איז שמאָל און פֿאַרטיק! כ'האָב מורא, אַז פֿון דעם טייג וועט נישט זײַן קיין ברויט...

שמאַי איז געווען מער ווי אַלע מאָל פֿאַרנומען אין זײַנע געשעפֿטן, כּמעט אין גאַנצן אויפֿגעהערט אַרײַנצוקומען צו איר, מער נישט געלאָזט רופֿן קיין דאָקטוירים — געטענהט, אַז די לײדיקגייערס נעמען בלויז צו די פּאָר גראָשן און מאַכן נאָך ערגער... אין דרוקערײַ איז די אַרבעט געגאַנגען אָן אויפֿהער. שמאַי האָט אָנגענומען צו דרוקן קאַלענדאַרן בײַ עטלעכע פֿירמעס, פֿאַרטיק געמאַכט הונדערטער טויזנטער עקזעמפּליאַרן, אויף־געווען גאַנצע נעכט. אין ברייטן שטיינערנעם הויף — פֿול מיט פֿאַבריקלעך און שאָפּעס, פֿאַרשטעלט מיט קאַסטנס און פֿעסער — האָבן געהאַלטן אין איין אַרײַנוואַרפֿן ברייטע פּלאַטפֿאָרמעס מיט פּאַפּיר. גרויסע, העלדישע טרעגער־יונגען האָבן מיט די לעצטע כּוחות געשלעפּט צענפּודיקע באַלן אויף די אײַנגעבויגענע פּלייצעס, געמאַכט געוואַלדן, אַליין זיך געשראָקן נישט צו פֿאַלן און צעריבן צו ווערן אונטער די אויסטערלישע משׂאות. די פּאָדלאָגע האָט יעדעס מאָל אָפּגעהילכט טויב פֿון שווערן וואָרף, ווי אַ דונער, די שויבן האָבן געציטערט. אַ גאַנצן טאָג האָט גערודערט די שנײַדמאַשין. מאַשיניסטן און לייגערס האָבן געאַרבעט דעם גאַנצן מעת־לעת. ס'האָבן דאָ תּמיד אַרומגעטשאַפּעט בכּבֿודיקע בוכהענדלערס, געניטע סוחרים. כּסדר געהאַט תּרעומות, אַז די בויגנס לייגן זיך נישט צונויף גלײַך. געצייכנט מיט גרויסע, ברייטע בלײַפֿעדערס, ווי סטאָליאַרעס. שמאַי האָט הײַיאָר געמאַכט אַ קאָנקורענץ אַלע וואַרשעווער דרוקערס, אַליין מורא געהאַט נישט אַרײַנצופֿאַלן אין אַ צרה און פֿאַרלירן דאָס פֿאַרמעגן. פֿון גרויס צערודערטקייט האָט ער אָן אויפֿהער געמאַכט געוואַלדן, איבערגעשריגן דאָס קלאַפּן און רוישן פֿון רעדער, געדונגען זיך וועגן טערמינען פֿון וועקסלען, געבעטן זיך ווי בײַ אַ גזלן, מ'זאָל אים כאָטש דעקן אַ קלײנעם טייל מזומנים. ווי אויף צו־להכעיס איז דאָס מאָל געווען אַ מאַסע זײַטיקע באַשטעלונגען. בײַ אַלע קאַסטנס האָבן געברענט עלעקטרישע לעמפּלעך. זעצערס אין בלויע פֿאַרטעכלעך האָבן צונויפֿגעלייגט טאַבעלעס, געאַרבעט איבערשעהן. שמאַי האָט אומעטום געמוזט אַכטונג געבן. געוווסט פֿון דערפֿאַרונג, אַז מ'קען זיך אויף קיינעם נישט פֿאַרלאָזן. געדענקט, אַז אַ

באַלעבאָס מוז האָבן טויזנט אויגן: צום װײַפֿלסטן מאָל דערציילט זײַנע קליִענטן די מעשׂה װי מ׳האָט אַמאָל אָן אים אָפּגעדרוקט אַ ליטעראַרישע צײַטונג און אין דער מיט האָבן די אײַנבינדערס אַרײַנגעלייגט אַ קװינטאָ [24] פֿון אַ מאָדע־זשורנאַל... — דערפֿאַר, אַז שמאַי האָט אין אײנעם אַזאַ פֿאַרנאַכט באַקומען אַן אײַליקן טעלעפֿאָן, אַז מיטן װײַב האַלט עס שלעכט און ער מוז תּיכּף אַהײמקומען, איז דער ייִד דערפֿון אַרײַנגעפֿאַלן אין אַזאַ צאָרן, אַז ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס רערל און אַ קנאַק געטאָן אין טיש מיטן גאַנצן כּוח, אַז דאָס טינטאָרן האָט זיך איבערגעקערט און אַ קנאַל געטאָן אויף דער ערד. שמאַי, צעטומלט פֿון דער בשׂורה־רעה, האָט אַ בלאָנדזשע געטאָן איבערן גרויסן שמוציקן, אָנגעפּאַקטן זאַל, צעפּינטלט זיך פֿון אויפֿרעגונג, און דאָס דאַרע, װעלפֿישע פּנים איז בלוי געװאָרן פֿון רציחה; דאָס געשריי זײַנס איז פֿול געװען מיט דער פֿאַרצװייפֿלונג פֿון עמעצן, װאָס דערזעט מיט איין מאָל, אַז אַלע כּוחות האָבן זיך אויף אים אָנגעלייגט און קיין שום מי װעט מער נישט פּועלן:

— מענטשן, מ׳לאָזט נישט אַרבעטן! ניין און ניין!...

שמאַי האָט פֿאַרגעסן אָנצוטאָן דעם מאַנטל, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, װי איינער זאָגט: „אַלץ איז קאַפּוט", געכאַפּט אַ טאַקסי און — אין גאַנצן אַ צעקאָכטער — געהייסן דעם שאָפֿער טרײַבן דעם אויטאָ װאָס־גיכער, צוגעזאָגט צו באַצאָלן טאָפּלט... דער שאָפֿער, אַ ברייטער יונג אין אַ לעדערנער, גלאַנציקער מאַרינאַרקע, װי אויסגעשמירט מיט טראָן, און מיט אַ רויט־פֿאַררויכערט פּנים, האָט מיטן גאַנצן כּוח אַ קװעטש געטאָן בײַ דעם גומענעם טראָמפּייט, אַ ריטשע געטאָן, אַז אין דער שמאָלער גאַס איז תּיכּף געװאָרן אַ בהלה. שמאַי האָט נישט געװוּסט, װאָס ס׳טוט זיך מיט אים, געהויבן זיך און געטרייסלט אַראָפּ־און־אַרויף, געהאַט פֿאַרפּרישעטע אויגן פֿון שטויב, געשפּירט, אַז אַלע אבֿרים פֿרירן בײַ אים פֿון נאַסער, דורכנעמענדיקער קעלט. פֿון גרויס אימפּעט געשאָקלט מיטן קאָפּ אין דער ברייט,

---

[24] פֿינפֿט־חלק.

ווי מ׳וואָלט אים געיאָגט פֿון אַלע זײַטן... אין שטוב זײַנען די טירן געווען צעעפֿנט. ס׳זײַנען דאָרטן געשטאַנען ווײַבער און קינדער, נײַ־געריק געגלאָצט אינעווייניק אַרײַן, געסודעט זיך. שמאַי האָט גע־שפּרײַזט צו דרײַ טרעפּ מיט איין מאָל. געווישט די אַנגסטן פֿון שטערן מיט אַן אַרבל. דער ייִד איז געווען אַזוי דענערווירט, אַז ר׳האָט פֿאַר־געסן ווו ר׳איז אין דער וועלט, אַ קריץ געטאָן מיט די ציין:

— וואָס איז דאָס, וואָס! סאַראַ באַלאַגאַן, צו אַלדי טײַוולאָנים, הע?...

שמאַי האָט מיטן גאַנצן כּוח פֿאַרקלאַפּט די טיר. פֿון גרויס רוגזה צוויי מאָל פֿאַרשלאָסן אויפֿן ריגל. אין שלאָפֿצימער איז שוין דאָס ווײַב געלעגן אַ גוססדיקע. ס׳האָט דאָ אַרומגעבאַלעבאַטעוועט אַ יונגע שכנטע מיט אַ ווײַס טיכל אויפֿן קאָפּ, ווי אַ „שוועסטער". ס׳האָט געשמעקט שאַרף און איבלדיק. צוויי דאָקטוירים זײַנען געשטאַנען מיט פֿאַרשאַרצטע אַרבל איבער די האָריקע הענט און פֿייל צוגע־גרייט אַן אײַנשפּריצונג, געסודעט זיך מיט די שכנות. די מיידלעך זײַנען נישט דאָ געווען. דאָס בחורל שימעק, דער גימנאַזיסט, איז גע־שטאַנען בײַם אויוון מיט פֿאַרבראָכענע הענט, מיט אויסגעשפּיצטע אויערן. דאָס מויל איז בײַ אים געווען אָפֿן, פֿאַרחידושט; דאָס פּנים, — פֿאַרריסט, ווי פֿון אָפּגעווישטע טרערן. שמאַי איז צוגעגאַנגען צום בעט, זײַטיק אַ קוק געטאָן צום ווײַב, פֿאַרגעסן אויסצוטאָן דעם קאַ־פּעליוש. פֿון לאַנגן ניט שלאָפֿן איז ער געווען אַזוי צעטראָגן און צעמישט, אַז ר׳האָט נישט געקאָנט אויסריידן קיין וואָרט: אומגעקוקט זיך, ווי ער זאָל נישט דערקענען זײַן אייגענע שטוב, און געמאַכט מיטן מויל ווי אַ שטומער. דער ייִנגערער דאָקטער, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ שטרענג־גרייבלעך פּנים, ווי ס׳האָבן נאָר מענטשן, וואָס דרייען זיך אַרום מסוכּן־קראַנקע, האָט אָנגעשטעלט אויף שמאַין זײַנע שטאָלערן־קאַלטע קליינע אויגן. שוין, אַ פּנים, געוווסט דאָס אַלץ, וועגן וועלכן מ׳האַלט אין איין שעפּטשען אין די אויערן אַרײַן אויפֿן הויף, אָנגערופֿן זיך געלאַסן און פֿון אויבן אַראָפּ, פֿול מיט שנײַדנ־דיקער פֿאַראַכטונג:

— גיי־צו, פֿאַן, צום ווײַב... ס׳וועט נישט קאָסטן קיין געלט...

שמאַי איז געווען בלאַס, געפּינטלט מיט די אויגן, איבערגעבויגן זיך צום ווײַב, געזען זי ליגן אַן אָנגעבלאָזענע, אַ ווײַסע, מיט אַן אָפּן מויל און צוגעשלאָסענע אויגן, זי נישט דערקענט. שמאַי האָט געוואָלט פֿרעגן, וואָס ס׳איז איר. געפֿילט, ווי ס׳רײַסט זיך אים עפּעס אָפּ אינעווייניק. אָן אַ פֿאַרוואָס געווען צעצונדן פֿון כּעס און בושה. עפּעס אַ זאָג געטאָן אָפּגעהאַקט און באַלד פֿאַרשוויגן געוואָרן. דער דאָקטער האָט אַרויסגענומען אַ פּאַפּיראָס, מיט געניטשאַפֿט אָנגעצונדן דאָס ברען־מאַשינקעלע, פֿאַרקוועטשט איין אויגל צום צווייטן דאָקטער, ווי איינער זאָגט:

— שוין איין מאָל אַ פֿאַרשוין...

אַלץ איז געווען געענדיקט. די ייִדענע איז געשטאָרבן סך־הכּל מיט איין שעה שפּעטער. שמאַי האָט נישט געקענט פֿאַרלירן קיין איין רגע. פֿאַר יעדן פּרײַז געמוזט זען, אַז די לוויה זאָל זײַן מאָרגן אין דער פֿרי. אין שלאָפֿצימער איז דער מת שוין געלעגן אויף דער ערד. פֿון שרעק האָבן די קינדער אויפֿגעדרייט אַלע דרײַ עלעקטרישע לאָמפּן. אַ שכנטע האָט געבראַכט ליכט, אָנגעצונדן. דאָס פֿענצטער איז געווען אָפֿן און ס׳האָט אַרײַנגעבלאָזן אַווינט. די שײַן איז געווען אַ געלע, אַ מיטנאַכטישע. אין קאַבינעט איז שמאַי געשטאַנען אַ פֿאַרווײַנטער בײַם טעלעפֿאָן, געשמועסט מיט אַ „מאַכער" בײַ לוויות.

— ר׳ ישעיה, קוועטשט מיך נישט צו צו דער וואַנט! — האָט שמאַי אַרײַנגעשריגן אין טרײַבל — ס׳וועט נישט גיין אין קיין געלט, ר׳ ישעיה!... איר זאָלט אַזוי לעבן מיט מיר, ווי כ׳בין איצט נישט ווערט קיין איין גראָשן!...

שמאַי האָט דווקא געוואָלט האָבן אַ לײַטישע קרקע. אַוועקגעלאָפֿן צו אַ היימישן פּרנס אין דער קהילה, באַשטעלט אין חסד־של־אמת אַ „שומר", וואָס זאָל היטן אַ גאַנצע נאַכט. אָפּגעשמועסט מיט צוויי הויכע, רויטבערדיקע ייִדן, אַז מ׳זאָל מאַכן די טהרה באַלד אין דער פֿרי בײַ אים אין דער היים, כּדי מ׳זאָל שפּעטער נישט דאַרפֿן באַלאַמוטשען אויפֿן בית־עולם. אַוועק אין רעדאַקציע אַרײַן און באַשטעלט

אַ נעקראַלאָג אויף פּויליש. שמאַי איז געלאָפֿן אונטערן רעגן, גע־גליטשט זיך, נישט געפּילט, ווי ער פֿאַלט אַלע מאָל אַריין מיט אַ פֿוס אין אַ קאַלוזשע וואַסער. ש׳ער נישט איבערגעפֿאָרן געוואָרן, ערגעץ אין אַ זײַטיקער גאַס איז ער אַריין אין אַ שענק. אין טונקעלן גאַזליכט איז געשטאַנען אַ נעפּל און אַ פּאַרע. עמעץ האָט געשפּילט אויף אַ צעבראָכענעם פֿאָרטעפּיאַן; גוי׳ם האָבן געזונגען. עטלעכע מיליטער־לײַט זײַנען געזעסן בײַ גרויסע קופּלעס ביר, אַנגערויטלטע, מיט פֿײַערלעך־צעבלישטשעטע אויגן, אַלע אויף איין מאָל אײַנגע־טענהט מיט אַ דיקער, שוואַרצער פֿאַרשווינטע אין אַ קורץ קלייד פֿאַררוקט ביז צו די קני, אַז מ׳האָט אַרויסגעזען די ניט־זויבערע, באַשפּיצלטע האָלקע[25]. שמאַי איז אַוועק צום טעלעפֿאָן, אין ווינקל, אומגעקוקט זיך אין אַלע זײַטן, צי ס׳איז דאָ נישט פֿאַראַן קיין היימי־שער. געקלונגען צו זיך אין דרוקערײַ, קוים אײַנגערוימט דער שיקסע דעם נומער . . .

— 565־32 ? דרוקערײַ ? רוף־צו זאַמבעקן . . . גיכער ! . . . מ׳פֿאַרט כסדר ? אויסגעצייכנט ! גיט אַכטונג, אַז ס׳זאָל ניט שמירן ! . . .

— 4 —

עטלעכע וואָכן נאָך דעם ווי שמאַיס ווײַב איז געשטאָרבן האָבן מענטשן אָנגעהויבן ריידן וועגן דעם, אַז שמאַי האָט אָפּגעלאָזט די געשעפֿטן, פּוצט זיך ווי אַ יונג פֿאַצעטל און גייט־אַרום מיט אַ מויד. אין דרוקערײַ אַרײַן איז ער געקומען זעלטענער, צוגענומען אַ געווע־זענעם פֿאַכמאַן, אַ יורד, פֿאַר אַ פֿאַרוואַלטער, גענומען טראָגן ווײַסע גבֿירישע קעלנער און מאַנקעטן, אַרײַנגעשטעקט אַ דימענטענע בראָש־קע אין זײַדענעם רויט־בלוי־ווײַסן קראַוואַט, אָפּגעגאָלט די רעשט באָרד און אויף איין מאָל יינגער געוואָרן מיט צוואַנציק יאָר. ווײַבער אין הויף האָבן אויף אים געשאָקלט מיט די קעפּ, געטענהט אַז אײדער צו האָבן אַזעלכן פֿאַר אַ מאַן איז גלײַכער אויסגערונען צו ווערן אין

[25] אונטערקלייד.

דער מאַמעס בויך... שמאי האָט זיך אַרומגעדרייט מיט אַ הויכער פאַרשוויִנטע, זייער אַ דיקע, אַן אָפּגעפּודערטע, אין אַ ברייטן הוט מיט בלישטשענדיקע שפּילקעס און אַרום די אַקסלען — אַ גרויסן, ברייטן פוטערנעם קאָלנער מיט אַ בייז שאַרפּציינגיק חיהלע פון סאַמע פאָרנט, ווי אַ געניצנדיקער הונט... געניטע יונגע־לײַט האָבן איר נאָכגע־קוקט מיט בלינצלענדיקע אויגן, געכיכעט, דערציילט וווּליוונגעריש אין די אויערן, אַז זי פּלעגט זיך מיט עטלעכע חדשים צוריק אַרומ־דרייען אויף מאַרשאַלקאָווסקע מיט אָפיצירן, געשווירן אַז זיי אַליין האָבן געהאַט מיט איר עסקים... דרוקערס האָבן געשמייכלט, זיכער געווען, אַז שמאי וועט ביי איר מיאוס אָפּשנײַדן, פון דעסט וועגן מקנא געווען דעם פּראָווינצער עזות־פּנים, וואָס פּאָרט־אַרום איבער וואַרשע אין „גומקעס" און באַלעבאַטעוועט ווי בײַ זיך אין יוזעפּאָוו. די מער־היימישע האָבן אים געקלאַפּט אין דער פּלייצע, געחכמהט זיך מיט חוזק און נישט־פאַרגינערישקייט צוזאַמען:

— איר האָט, שמאי, באַקומען דאָס אמתע פייגעלע... ווען־זשע וועט מען אײַך קאָנען גראַטולירן, הע? זעט, וואָס פריער... אַז נישט, קאָן מען זי נאָך אויסכאַפּן...

עלטערע דרוקערס, נגידים, האָבן אים אָוועקגערופן אויף סודות, אויסגעפּרעגט דעם טעם פון אַ לײַטישער עבֿירה, לאַנג דערנאָך גע־הוסט אין די פאַטשיילעס און פאַרקײַכט זיך. פון שמאיס תשובֿות איז אָנגעלאָפן דאָס בלוט אין די פּנימער, ס'האָט געשטיקט צום לאַכן און די מוטנע אויגן האָבן גענומען גלאַנצן אי מיט ליצנות און אי מיט פאַרלעגנהייט... אין גאַס איז מען שוין זיכער געווען, אַז שמאי וועט דורך דער נקבֿה „אַראָפּ פון פערדל". אָבער אויסגעלאָזט האָט זיך פונקט פאַרקערט.

אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט דעם, וואָס שמאי האָט לעצטנס גע־נומען ווערן אַן אָפטער אײַנגייער בײַ דער „ווײַסמאַנאָווע" — אַן עלטערע אַלמנה פון אַ יאָר עטלעכע און פופציק, אַן אייגנטימערין פון אַ געשעפט מיט בוכהאַלטערישע ביכער. דער געשטאָרבענער מאַן אירער, נטע ווײַסמאַן, איז געווען אַ געוועזענער רעסטאָראַטאָר, האָט זיך

קיין מאָל נישט געמישט אין די מסחרים, געלעבט פון ווייבס פאַר־דינסטן און אַליין אַ גאַנץ לעבן געטרונקען ביר — אַזוי לאַנג געזויפט ביז ער האָט באַקומען די אַפּאָפּלעקסיע. ער איז געווען יינגער פון זיין ווייב מיט פופצן יאָר, געהאַט אַ שם פאַר אַ גיבור, געבראַכן מיט די הענט קופּערנע מטבעות, תּמיד אין אַ געלן סאַמעטענעם אַנצוג, אין אַ היטל מיט אַ לעדערנעם דאַשיק און מיט אַ קייט פון גאָלדענע פינפער־רובלס אויפן בויך — האָט ער די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט געלעבט מיט דער יידענע, געפאָרעט זיך אין חברות, געווען אַ נאָענ־טער מחותּן מיט „חסד של אמת" און „חברה קדישא", גבאי ראשון אין „לבושי־כלה", אַ גרויסער חשוב אין די שפּיטעלער און אַן איינ־גייער אין אַלע „צירקלען". צווישן אייגענע מענטשן האָט ער אַליין מודה געווען, אַז דאָס ווייב צאָלט אים לויט אַ חשבון, מיאוס דערביי צוגעווווינקען, געדרימט זיך, דעם ערשטן, אַז דעם ליטוואַק, האָט זי מיט די אייגענע הענהט אָפּגעהאַקט די לונגען... צו דער דאָזיקער יידענע איז שמאי ווייך אַמאָל אַריינגעקומען אַ האַלב יאָר נאָכן ווייבס טויט, יום־טובדיק אָנגעטאָן, מיטן שטעקעלע אין דער האַנט, ווי אין חול־המועד. ס'איז געווען אין דער פרי, קיין קונים זיינען נישט גע־ווען. שמאי האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ שטול פאַרן בופעט, פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס, פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָסל אין ווינקל מויל, צוגע־מאַכט דאָס לינקע אייגל, ווי פון אַ גוטן, קלוגן איינפאַל, בלאָזנדיק דורך דער נאָז בלויע קייקעלעך רויך, האָט ער זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן, מבֿיניש און אָפּשאַצנדיק, צוגעשאָקלט דעם קאָפּ און פּלוצ־לינג אַ זאָג געטאָן האַלב אין שפּאַס:

— כ'לעבן, אַ גאַנץ שיין געוועלבל... מ'דאַרף זיך צו אייך שדכנען, וויסמאַנאָווע...

די יידענע האָט אַ ברום געטאָן, זיך הויך צעלאַכט, גראָב און הייזעריק, אַז ביי דער עקספּעדיענטין אין יענער זייט טיש האָבן אַ ציטער געטאָן ביידע הענט, ווי פון אַן אומגעריכטן דונער... אַ ני־דעריקע, אַ דיקע, אַ שוואַרצע, מיט אַ קורצער, ברייטער פאַרריסענער נאָז און אַ דריישטאָקיקן גוידער, האָט זי אויסגעזען ווי אַן אַלטער

מאָפּס... אַ ברוסט האָט זי געהאַט אַ צעװאַקסענע, אַ קורצן, ברײטן קאַרק, עטװאָס אַן אויסגעבויגענער פּאָרויס, װי בײַ איבערגעגעסענע העלדישע חזירים. װעגן דער דאָזיקער פֿאַרשװיגנטע האָט מען דערציילט, אַז זי פּלעגט סמען אירע חתנים; גערעדט, אַז אין די יונגע יאָרן האָט זי אָנגעזאַמלט איר פֿאַמעגן פֿון שותּפֿות צו אַ פּריילעך הײַזל... איצט איז זי געזעסן אויף איר פּאָטעל, װי אַלע מאָל, געקײַט עפּעס אויף דער לינקער באַק, און געזאָגט שמאין מוסר, מעשׂה היימישע, װעלכע מעג ריידן, װאָס ס׳ליגט אויף דער לונג.

— איר זענט דען אַ ייִד, שמאי? — זאָל יאַך נישט אויסדערלעבן ס׳יאָר, צי איר האָט אין זיך פּאַר אַ גראָשן יהדות... לויפֿט־אַרום מיט שיקסעס און שדכנט זיך צו אַלטע װײַבער... אזאָר װאָלט אײַך כאָטש געשעמט, װאָלט אזאָר...

פֿון גרויס רוגזה האָט זי געשלונגען צו־גרויסע ביסנס, געקלאַפּט מיט די פֿינגער אין טיש. שמאי האָט אויף איר אַ קוק געטאָן פֿאַרחידושט, קרום זיך צעשמייכלט, מיט אַן אויסגעשפּיצטער גאָמבע, װי בײַ אַ פֿוקס:

— ע־ע... סאַראַ בייזע, די װײַסמאַנאָװע... אַן אמתע מרשעת...

שמאי האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן זייגער, מניה־וביה דערציילט אַ געפּעפּערטן װיץ, געפּרוּװט ריידן װעגן עפּעס אַ געשעפֿטל. צו מאָרגנס איז ער װידער געקומען, מיטגעברענגט מיט זיך עפּעס אַ פּאָרנאָגראַפֿיש זשורנאַלכל, װאָס איז אָפּגעדרוקט געװאָרן בײַ אים, געװיזן אויף אילוסטראַציעס. די װײַסמאַנאָװע האָט אַ פֿאַרגאַפֿטע געמישט אַ בלעטל נאָך אַ בלעטל, נאָך יעדער איבערגעלייענטן אַנעקדאָט שמאין אַ צי געטאָן בײַם ראַנד פֿון קאַפּעליוש, װי איינע זאָגט: שיין לײַט ביסטו!... סוחרים פֿון אַקעגנאיבערדיקע געװעלבן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן סודען, געשטאַנען בײַ די טירן, נײַגעריק געקוקט און זיך איבערגעװונקען — גערעדט װעגן דעם, אַז די װײַסמאַנאָװע האָט געפּאַקט אַ נײַעם קרבן... געענדיקט האָט זיך עס מיט דעם, װאָס אין איינעם אַ פֿרימאָרגן האָט שמאי צונויפֿגערופֿן זײַנע אַלע קינדער, דערציילט זיי, אַז ער האָט חתונה, געבעטן מ׳זאָל הײַנט אין אָונט בלײַבן אין

דרויסן שפּעטער און דערנאָך: מ׳זאָל שוינען די מומע. דאָס בחורל, דער גימנאַזיסט מיט די ברייטע הויזן, האָט אויסגעהערט מיט איין אויער, געהאַלטן דאָס מויל אויסגעשפּיצט צום פֿײַפֿן, ווי איינער זאָגט: „מײַנסטאַלבן... ס׳גייט מיך אָן ווי דער פֿאַראַיאָריקער פֿראָסט“... די מיידלעך — דיקע, נידעריקע, מיט עפּעס צו־גרויסע בײַכער — האָבן זיך שטאַרק געריוטלט, געשטאַנען צוגעקלעפּטע איינע צו דער אַנדערער און שמאַי האָט צו זיי גערעדט ווי צו דערוואַקסענע.

— איביק וועט דאָך עס נישט דויערן... זאָל גאָט העלפֿן, מאַך איך אײַך חתונה איינס־צוויי... מיטאָג וועט איר עסן אין אַ רעסטאָראַן...

שמאַי האָט געהאַט אַ שווערן טאָג. אין דרוקערײַ איז ווידער געווען אַ סך אַרבעט. זאַמבאַק, דער גוי, האָט זיך אָנגעשיכּורט, געלעגן אין אַ ווינקל אַ בלאָסער, אַ פֿאַרענדערטער, געהאַלטן אין איין ברעכן. דערצו איז קאַליע געוואָרן די עלעקטרי. שמאַי האָט געקלונגען צו איין עלעקטראָטעכניק נאָכן אַנדערן. געזידלט די אַרבעטערס, פֿון גרויס כּעס געוויזן די טיר דעם פֿאַרוואַלטער, דעם אַמאָליקן גבֿיר, געטענהט אַז ער דאַרף דאָ נישט קיין מיוחסים... יחוס איז דאָ גענוג אויפֿן בית־הקבֿרות!... נאָך מיטאָג איז פּלוצלינג צו אים אַרײַנגעפֿאַלן אין פֿאַבריק די דיקע מויד. נאָך איידער שמאַי האָט געעפֿנט דאָס מויל איר עפּעס צו זאָגן — האָט זי זיך צעקוויטשעט, אַז מ׳האָט דערהערט איבערן גאַנצן הויף:

— חתונה האָבן גייסטו? — יאַך וועל דיר שוין מאַכן אַ שוואַרצע חתונה! טי סטאַרי כאָלעראָ[26]!...

ס׳איז געווען אַ ביטער עסק אײַן קיין צײַט פֿאַרלירן האָט מען אויך נישט געקאָנט. שמאַי האָט געפּינטלט מיט די בייזע אייגעלעך, געוווּנקען, געוויזן מיט די הענט, זי קוים מיט צרות און אין דער גיך אַרײַנגעפֿירט צו זיך אין אָנגעמושבֿטן קאַנטאָר און פֿאַרשלאָסן

[26] דו, אַלטע כאָלערע!

די טיר. אין הויף האָבן זיך אויפֿגעריסן פֿענצטער, פֿון אַלע לופֿטשי־קעס האָבן זיך אַרויסגעבויגן צעשויבערטע קעפּ פֿון דינסטמיידן. שמאַי האָט אָנגעכאַפּט די מויד בײַ דער האַנט, געדרייט מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט פּלוצלינג פֿאַרלוירן די ראיה. אַ דערשוויצטער געקריצט מיט די ציין און געשריגן:

— העלענאַ, פּאַמיענטײַ[27] !... ס'וועט דיר נישט אָפּגיין גלאַ־טיק!... וועסט האָבן צו טאָן נישט מיט מיר, נאָר מיט דער זשאַנ־דאַרמעריע!... מײַן טויט און דײַנער!...

שמאַי האָט אַרויסגענומען עטלעכע פֿונקנײַע פּאַפּירענע באַנק־נאָטן, איר אַרײַנגעשטופּט אין דער האַנט, אַ ריס געטאָן דאָס טרײַבל פֿון טעלעפֿאָן צו אַלאַרמירן פּאָליציי. די מויד האָט אין דער גיך אַ כאַפּ געטאָן דאָס געלט, אַ רויטע און פֿאַרווייַנטע זיך אָפּגעטראָגן, גיך שלעפּנדיק אירע גראָבע פֿיס. בײַ דער טיר האָט זיך איר זײַדענער מאַנטל פֿאַרטשעפּעט אין אַ טשוואָך און געקריגן אַ גוואַלדריס. דער סטרחש מיטן צעראַטעוועם היטל איז איר נאָכגעגאַנגען טריט בײַ טריט מיטן בעזעם, אויסגעזען זיך צו ישובֿן, צי ס'איז כּדאַי צו מאַכן אַן אַוואַנטורע מיט דער שיכּורער פּריצה... שמאַי האָט אַרויפֿגע־שטעלט אַ פֿוס אויף אַ שטול, געהייסן דעם שיקייִנגל פּוצן דעם שטיוול מיט אַ טוך, אַז ס'זאָל גלאַנצן. בשעת־מעשׂה האָט ער געקלונגען אין אַפּאַראַט, צום לעצטן מאָל פֿאַר דער חופּה גערעדט מיט זײַן כּלה...

— פֿראַניע, זאָלסט אַזוי לעבן מיט מיר צוזאַמען, ווי מ'איז מיר הײַנט געקומען ריידן אַ שידוך... מיט אַ בתולה... כע־כע־כע... נדן און אַ צוואַנציק־יעריקע מויד...

דער טאָג איז אַוועק אין אײַלעניש. אין אָוונט האָט זיך אָנגע־הויבן בײַ שמאַין אין הויז אָנצוקומען אַן עולם. דרוקערס זײַנען גע־קומען אויפֿגערוימטע, אויסגעפּוצטע, צעשמייכלטע, אין האַרטע צו־קלײנע קאַפּעליושלעך און אין געמזענע שיך מיט גומעס. אַלע עלעק־טרישע לאָמפּן האָבן געברענט, אויף די פֿענצטער האָבן געהאָנגען

[27] געדענק!

ראָזע גאַרדינען. אויבן אָן איז געזעסן די כּלה אין אַ ווײַס זײַדן קלייד, פֿול באַהאָנגען מיט צירונג, אין לאַנגע שווערע בריליאַנטענע אוירינגען אויף די אויסגעצויגענע לעפֿלעך, די ווייניקע האָר — באַשטעקט מיט בלישטשענדיקע קעם און הויך באַלייגט מיט פֿרעמדע לאָקן. פֿון אירע קורצע פֿינגער האָבן געלויכטן שטיינער פֿון פֿאַרשיידענע קאָלירן. גוטע־ברידער — אייגענע מענטשן און חבֿרים פֿון אַלטע צײַטן — האָבן זי תּיכּף גענומען אָנשיכּורן, געמישט ווײַן מיט ליקער, געהאַלטן אין איין אָנגיסן איר גרויסן זילבערנעם בעכער... דרוקערס האָבן זיך אין אָנהייב געשעמט, זיך נישט געפֿילט גוט מיט דעם פֿרעמדן עולם. נאָר באַלד איז אַרײַנגעקומען זיסל מאַרשעליק — אַ נײַמאָדישער בדחן, אַ נידעריקער, אַ פֿלינקער, אין אַן אויסגעריבענעם סמאָקינג און אין לאַקשיך מיט הויכע אָפּצאַסן. אויפֿן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ קליין זײַדן קאַפּעלע, אויף דער גאָמבע — אַ שפּיצל פֿון אַ בערדל. כּלי־זמר האָבן אויסגעשפּילט אַ פֿריילעכס. זיסל האָט זיי געגעבן צייכנס מיט אַ שטעקעלע, ווי אַ קאַפּעלמײַסטער, און דער בדחן האָט גנבֿהש־ממזריש געבלינצלט מיט זײַנע קליינע שוואַקסשוואַרצע אייגעלעך און געזונגען קופּלעטלעך פֿון אָפּערעטעס, אויסגעלאַסענע, מיט אַ רעפֿריין:

דער רבי האָט אַ ווײַבל,
שיין ווי אַ טײַבל —
רבי, רבי, נעם געלט אַ סך...
דער רבי האָט דאָס געלט גענומען,
געהייסן דעם ווײַבל קומען
טאַקע, טאַקע — טאַקע בײַ דער נאַכט... אוי!...

דער בדחן האָט געמאַכט דערבײַ מיאוסע העוויות מיטן פּנים, געקוועטשט מיט די אויגן, געשאָקלט מיט הענט און פֿיס אויף אַזאַ גראָבן אופֿן, אַז דער עולם האָט זיך געהאַלטן בײַ די זײַטן פֿון געלעכטער, געהירזשעט מיט טרערן אין די אויגן.

אויף איין מאָל זײַנען אַלע היימיש געוואָרן, אויסגעמישט זיך.

פּעטע ווײַבער האָבן פֿאַרוואָרפֿן די פֿליישיקע העלדזער, געפֿאַלן זיך אין די אָרעמס. משקאות האָבן זיך געגאָסן, פּיס האָבן זיך געהויבן, ס׳האָבן געפּלאַצט נעטן. דער עולם האָט געזונגען אַ פּאָניש ליד, צוגעקלאַפּט מיט די אָפּצאַסן, ווי אין קאַזאַרמע, זיך אָנגענומען בײַ די הענט און אַוועק אין אַ ראָד — אַרײַנגעצויגן די דרוקערס... די כּלה האָט זיך געפֿאָכעט מיט אַ גרויסן פֿאַרביקן פּעכער, אַ טויט־שיכּורע זיך געוועדט מ׳זאָל זי ניט שלעפּן טאַנצן.

צום ווייניקסטן פֿון אַלע האָט געטרונקען שמאי. דער פֿונקנײַער סמאָקינג זײַנער איז געווען אויף אים אַ ביסל צו־שמאָל, די שיך האָבן געברענט די פּיס און דער שטײַפֿער קאָלנער האָט נישט געלאָזט רירן מיטן קאָפּ, געהאַלטן די גאָמבע. עס איז אים אַ שאָד געווען, הלמאי מ׳פּטרט דערויף אַזוי פֿיל געלט. אַכטונג געטאָן אויף די סאַרווערס, זיי זאָלן נישט גנבֿענען. אויפֿגעשטאַנען יעדעס מאָל, וואָס מ׳האָט אָנגעקלונגען בײַ דער טיר; אומעטום געווען; נישט אַראָפּגעלאָזט פֿון קיינעם קיין אויג; נישט צופֿרידן געווען, וואָס די ווילע־יונגען, דער כּלהס געסט, פֿילן זיך בײַ אים אין הויז צו־היימיש...

שפּעטער, ווען דער רבֿ איז געקומען, איז שמאי מיט אים אַוועק אין אַ באַזונדער צימער, שטאַרק זיך געדונגען:

— רבי, מיר זאָלן אַזוי ביידע געהאָלפֿן ווערן, ווי כ׳קען נישט געבן אַזאַ פּרײַז... איר וועט מוזן עפּעס אַראָפּלאָזן...

דער רבֿ — אַ הויכער, אַ דיקער, מיט אַ העפּט אין פֿלײשיקן שטערן — האָט אויסגעטאָן דעם צילינדער, דאָס איבער־מלבוש, געבליבן שטיין אין אַ ברייטן זײַדענעם כאַלאַט. דער בויך זײַנער איז געווען אויסגעשפּיצט ווי בײַ אַ מעוברתדיקער. פֿון דער שוואַרצער, געדיכטער באָרד איז אַזש געגאַנגען אַ פּאַרע. דער רבֿ האָט געפֿאָכעט מיט דער סאַמעטענער יאַרמולקע, געפּרײַכט פֿון דיקקייט, באַדעכטיק אַרומגעוויקלט אַ גאַרטל אַרום די לענדן און געווישט דעם שוויס מיט אַ ווײַס טיכל. ער האָט נישט געוואָלט אָפּלאָזן קיין איין גראָשן. פֿאַרשאַרצט די אַרבל איבער די שווערע האָריקע הענט, ווי אַ שוחט, געשלוקעכצט, טעמפּ זיך אומגעקוקט אין אַלע זײַטן און פּלוצלינג

זיך פֿאַרפֿרומט: אויסגעריסן אַ האָר פֿון אַ פּאה, אַרײַנגעלייגט אין קעשענע, און סתם־אַזוי צו קיינעם נישט אַ זאָג געטאָן:

— נ־נו, געלויבט דער אייבערשטער... ע׳מיר גיין צו דער חופּה!...

וואַרשע 1929

נ. שטערנבערג

## וואַרשע

ריזיק־גרויסע, וויאַרסטן־לאַנגע, ברייט צעוואָרפֿן הפֿקרדיקע שטאָט!
אין דײַנע שטענדיק רוישיק־קאָכעדיקע טומל־פֿולע גאַסן,
צווישן דײַנע שטראָמיק־כוואַליענדיקע מענטשן־מאַסן
דריי איך זיך אַרום דאָ, ווי אַן איבעריקער פֿרעמדער.

ס׳זײַנען דײַנע הײַזער, ווי די טורעמס, מיט פֿענצטער קליין צו גאַס אַראָפּגעווענדט
און ווי אין זיי איז אַלץ פֿאַרן פֿרעמדן אויג פֿאַרהוילן און פֿאַרשטעלט,
אַז דאָס אויג פֿון פֿרעמדן זאָל דעם אמת גאָר ניט זען... דאָ זייגט
זײַן גליק און אומגליק
יעדער איינער שטיל פֿאַר זיך און גאַנץ באַזונדער.

האָסט, שטאָט, ווי אַ שפּין אין דײַנע נעצן לאַנג שוין מיך געפֿאַנגען,
און ווי אַ שפּין — יעטווערן טראָפּן זייגסטו־אויס פֿון מיר,
און לאַנגזאַם גייען־אויס דאָ מײַנע שענסטע טעג און ווערן דאָ פֿאַרברענט
אין דײַן קאָכעדיקן גיהנום, וואָס בײַ דיר דאָ, שטאָט!

און אויף לאַנגע, לאַנגע מײַלן, ווי ווײַט נאָר מײַן אויג גרייכט,
ציִען הײַזער ווי קאַזאַרמעס שווער ערגעץ ווײַט אַוועק,
און דריקן מיט זייער שווערקייט און פֿאַרשטעלן מיר גאָטס וועלט,
ווי מיט אַ ריזיק־גרויער טורמעוואַנט.

און פֿרעמד, שווער, ענג איז מיר, אָ, שטאָט, אין דײַנע ענגע גאַסן,
כ׳שטיק זיך דאָ אָן לופֿט, ווי אַ פֿיש פֿון וואַסער אויף זון געכאַפּט,
כ׳שלעפּ זיך מיד, פֿאַרמאַטערט, ווי נאָך אַ גאַר נאָענטנס לוויה
און באַגלייט דערוויַיל דאָ מײַנע שענסטע טעג אויף דײַן מזבח, שטאָט;

1932

יחיאל האָפער

## „ריבקי נאַ סאָבאָטע“ — פֿיש אויף שבת [1]

אויף דער וואַרשעווער מילע גאַס, וועלכע ייִדן האָבן גערופֿן די שמאָלע מילע, זײַנען אַלע הײַזער געווען געמויערטע, גרויסע, פֿיר־שטאָקיקע. בלויז איין הויז, נישט ווײַט פֿון מוראַנאָוו, איז געווען קליין, ניִדעריק און אָרעם.

אין אַלע הײַזער פֿון דער שמאָלער מילע האָבן געוווינט בלויז ייִדן, נאָר די סטרוזשעס [1] זײַנען געווען קריסטן. אין אַלע הײַזער אויף דער שמאָלער מילע האָבן געוווינט סײַ פֿאַרמעגלעכע ייִדן, סײַ אָרעמע לײַט, נאָר אין קליינעם, שמאָלן הויז האָבן געוווינט בלויז אָרעמע לײַט. די גרעסטע אָרעמע לײַט פֿון שמאָלע מילע.

אין דעם קליינעם הויז האָבן געוווינט צום ווינציקסטן לאָקאַטאָרן פֿון אַלע הײַזער פֿון שמאָלע מילע, אָבער לוויות זײַנען פֿון דאָרט אַרויסגעגאַנגען צום אָפֿטסטן. אַלע מגיפֿות, וואָס זײַנען באַפֿאַלן די גאַס, האָבן אָנגעהויבן זייער וויסטן גאַנג פֿון דעם קליינעם, שמאָלן הויז.

אַלע הײַזער פֿון שמאָלע מילע האָבן געהערט צו ייִדן. די אַדמי־ניסטראַטאָרן און די זשאָנדצעס [2] זײַנען דאָרט געווען ייִדן. בלויז

---

[1] הויזהיטער. — [2] לעגאַלער רעפּרעזענטאַנט פֿון אייגנטימער און אַדמיניס־טראַטאָר

דאָס קליינע, שמאָלע, אָרעמע הייזל האָט געהערט צו אַ קריסט. דער קריסט איז אויך געווען אַליין דער אַדמיניסטראַטאָר און אַליין דער מעלדונקאָווע־זשאַנדצע[3] פֿון קליין, אָרעם הײַזל.

אין אַלע גרויסע הײַזער אויף דער שמאָלער מילע־גאַס, וועלכע האָבן געהערט צו ייִדישעווירטלײַט, פֿלעגן טייל מאָל פֿאָרקומען עקס־מיסיעס פֿון אָרעמע לאָקאַטאָרן. מען פֿלעגט די אָרעמע לאָקאַטאָרן, וואָס האָבן נישט געצאָלט קיין דירה־געלט — אַרויסוואַרפֿן פֿון די דירות. נאָר אין קליינעם הײַזל איז קיין מאָל קיין עקסמיסיע נישט פֿאָרגע־קומען. יאָרן לאַנג האָבן דאָרט אָרעמע ייִדישע לאָקאַטאָרן געוווינט, נישט צאָלנדיק אין גאַנצן קיין דירה־געלט. דער ווירט האָט קיינעם פֿון זיי נישט אַרויסגעוואָרפֿן, אַפֿילו אין סאָנד אַרײַן, אין געריכט אַרײַן נישט אײַנגעגעבן.

*

דער קריסטלעכער ווירט פֿון קליינעם הײַזל אויף שמאָלע מילע, מאַציעיאָווסקי, איז געווען אין די מיטעלע יאָרן. אַ הויכער, אַ ברייט־ביניקער, מיט אַ גרין־געל אידל פּנים, גוט אויסגעראַזירט, נאָר מיט אַ פּאָר גרויסע, טונקל־ברוינע וואָנצעס. ווינטער האָט ער גע־טראָגן אַ לאַנגן טונקעלן סאַק־פּאַלטאָ, פֿאַרקנעפּלט פֿון אויבן ביז אַראָפּ מיט גרויסע ביינערנע קנעפּ. זומערצײַט האָט ער געטראָגן אַ פּאַלטן פֿון זעלביקן שניט און קאָליר, נאָר פֿון אַ דינעם שטאָף. אויפֿן קאָפּ שטענדיק אַ ווייכן, שוואַרצן הוט מיט אַ ברייטער ראָנדאַ. ער האָט אויסגעזען אין גאַנצן ווי מאַקסים גאָרקי, אויפֿן בילד, ווען ער איז אַלט געווען אַ יאָר פֿערציק.

מען האָט דערציילט, אַז אַ מאָל האָבן די לאָקאַטאָרן פֿון קליינעם הײַזל אויף שמאָלע מילע יאָ געצאָלט זייער ווירט, מאַציעיאָווסקין, דירה־געלט. נישט רעגולער, נישט אין גאַנצן, נישט אַזוי פֿיל וויפֿל ס'איז אים געקומען, אָבער דאָך פֿלעגט זיך יעדער לאָקאַטאָר פֿילן פֿאַרפֿליכט צו געבן אַ חלק פֿון דעם, וואָס איז אים געקומען. מאַכט

[3] דער וואָס פלעגט אײַנמעלדן אין דעם הויזבוך יעדן אײַנוווינער.

זיך אָבער אַ מאָל אַ שווערער ווינטער, מיט גרויסע פֿרעסט, מיט אַ ווירטשאַפֿטלעכן קריזיס. אַפֿילו פֿון די פֿאַרמעגלעכע לאָקאַטאָרן פֿון די גרויסע הײַזער איז שווער געווען אַרויסצוקריגן דאָס דירה־געלט, ווער שמועסט נאָך פֿון אַזעלכע אָרעמע לײַט, ווי פֿון דעם קליינעם הײַזל אויף שמאָלע מילע. דעמאָלט האָבן מאַציעיאָווסקיס לאָקאַטאָרן אויפֿגעהערט צאָלן דירה־געלט. סײַ דער קריסטלעכער ווירט און סײַ זײַנע אָרעמע ייִדישע לאָקאַטאָרן האָבן זיך ביסלעכווײַז צוגעוווינט צו דער נײַער לאַגע. זיי האָבן נישט געצאָלט און ער האָט נישט גע־מאָנט. טייל מאָל פֿלעגט אים עמעצער פֿון די לאָקאַטאָרן געבן אַ פּאָר רובל, אָבער ווי נישט דערפֿאַר ווײַל ס׳איז אים געקומען, נאָר אַזוי ווי פֿון רחמנות צו אים...

אַזוי זײַנען געגאַנגען יאָרן. דער קריסט פֿלעגט קומען רעגולער איין מאָל אין דער וואָך, יעדן מאָנטיק, אין זײַן נחלה אויף שמאָלע מילע און אַוועקגיין מיט גאָרנישט אָדער כּמעט ווי מיט גאָרנישט.. ער האָט זיך נישט געבייזערט, נישט געדראָט, פֿאַרקערט, אַרומגע־גאַנגען שטיל, באַקוקט זײַן פֿאַרמעגן מיט אַ פֿילאָסאָפֿישן באַדויערנ־דיקן אויסדרוק פֿון הבֿל־הבֿלים אויף זײַן אײדל פּנים...

*

איין מאָל איז געשען, אַז דער ווירט מאַציעיאָווסקי איז פּלוצעם אַראָפּגעקומען אין זײַן אָרעם הײַזל, אַחוץ ווי געוויינלעך מאָנטיק, אויך אין אַ פֿרײַטיק.

וואָס האָט דעם קריסט אַהין געבראַכט? צי איז זײַן קומען געווען אַ צופֿאַל אָדער עפּעס אַן אינערלעך קול האָט אים געהייסן אַהין גיין? צי איז ער גראָד אַדורכגעגאַנגען דורך דער גאַס און סתּם דאָרט אַרײַנגעפֿאַלן אָדער ער איז ספּעציעל געקומען? דאָס בלײַבט פֿאַר־הוילן. נאָר איינס איז זיכער, אַז זינט ער איז געווען דער ווירט פֿון קליינעם הײַזל אויף שמאָלער מילע, איז ער דעמאָלט דאָס ערשטע מאָל אַהין געקומען אין אַ פֿרײַטיק.

ס׳איז געווען אַ וואַרעמער, זומערדיקער טאָג. מאַציעיעיאָווסקי האָט זיך געדרייט פֿאַר די עטלעכע פֿינצטערע, אבֿיונותדיקע געוועלבלעך,

וואָס זײַנען געווען אין זײַן הײַזל. ער האָט געקוקט אויפֿן קויש מיט רויטע רעטעכלעך, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ בענקל נעבן דער טיר פֿון אַ געוועלבל. ער האָט געזען, ווי די געוועלבערין גיסט אָפּט וואַסער אויף די רעטעכלעך, ווי זיי וואָלטן געהאַלטן אין איין פֿאַלן חלשות. ער האָט געקוקט אויפֿן בײַכיקן באַלאָן סאָדע־וואַסער אַן אַרומגעלייגטן מיט אײַז, ווי בײַ אַ מסוכּנדיקער קראַנקייט. ער האָט געזען דעם אומעטיקן „קאַרמעלקע־ייִד“, וואָס זיצט בײַ אַ טישל און פֿאַרקויפֿט אָרעמע חדר־ייִנגלעך אָפּפֿאַלעכץ פֿון פֿאַרשיידנקאָלירטע קאַרמעלקעס פֿאַר אַ גראָשן אַ לויט. מאַציעיאָווסקי האָט געקוקט אויף די קליינע, קופּערנע מטבעות, וואָס זײַנען לאָקאַטאָרן, די געוועלבניקעס און געוועלבערינס, האָבן געלייזט, אָן בייזקייט, אָן אַ שלעכטער כּוונה. סתּם געקוקט. דערנאָך איז ער פּאַמעלעך אַרײַן אין הויף, געגאַנגען מיט פֿאָרזיכטיקע טריט אויף די קײַלעכדיקע שטיינער פֿון הויף, וואָס פֿון גיין אויף זיי האָבן די פּאָדעשוועס פֿון די פֿיס וויי געטאָן. ער איז דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן הויף און צוגעקומען צום הויז־אַרײַנגאַנג פֿון דער איינציקער דאָרט אָפּוצינע[4].

אין איינער פֿון די סוטערינעס[5] האָט געוווינט מלכּה די רייפּער־קע[6], אַן עגונה מיט אַ גרויסן בויך און געשוואָלענע פֿיס אין גרויסע מענערשיך. אין פֿאַציאַטקע האָט געוווינט ר׳ זרח דער גלעזער. אָבער דער עיקר איז די אָפּיצינע געווען באַוווינט פֿון פּשעקופּקעס[7], וואָס האָבן געהאַנדלט אויפֿן מוראַנאָווער פּלאַץ מיט הערינג און מיט פֿאַר־לעגן, האַלב־קאַליעדיק אויבסט. נעבן הויזאײַנגאַנג זײַנען אָפּט גע־שטאַנען אָנגעשטעלט געגלייזטע שיסלען און געפֿלאָכטענע קוישן. פֿון די שיסלען האָט זיך געטראָגן אַ שאַרפֿער ריח פֿון הערינג־לוגער און אַרום די שיסלען איז געווען אָנגעשאָטן פֿול מיט געלע, טויטע הע־רינג־שופּן. פֿון די געפֿלאָכטענע קוישן, וועלכע זײַנען געווען געדיכט

[4] געבײַדע־פּליגל. — [5] קעלערשטוב. — [6] קאָמיסיאָנערין פֿון דינסטמיידלעך. — [7] אָרעמע גאַסן־הענדלערקעס.

באַזעצט מיט פֿליגן, איז געגאַנגען אַ זיס־זויערלעכער ריח פֿון פֿאַרפֿוילט אויבסט.

הײַנט, פֿרײַטיק, איז דאָרט געווען שטיל. די פּשעקופּקעס מיט זייערע גאַנצע משפּחות האָבן זיך געפֿונען אויפֿן מוראַנאָווער מאַרק. קיין הערינג־שיסלען און אויבסט־קוישן זײַנען אויך נישט געשטאַנען פֿאַרן הויזאײַנגאַנג. נאָר צווישן די שפּאַלטן פֿון די קײַלעכיקע שטיינער זײַנען געלעגן געלע, אויסגעוועפּטע הערינג־שופּן, ווי פֿאַרדאַרט שאָלעכץ פֿון געזאָטענע אַרבעס.

פּלוצעם האָט דער קריסט, אַנשטאָט די געוויינטלעכע דאָרט ריחות פֿון הערינג־לוגער און פֿוילנדיקן אויבסט, דערפֿילט אַ גאָר אַנדערן ריח, וואָס האָט זיך געטראָגן פֿון אײַנגאַנג אין די קעלער־שטובן. דער ריח האָט געמאַכט בײַם קריסט פֿונאַנדערשפּרייטן די פֿליגלען פֿון זײַן קורצער און צו־דיקער נאָז, וואָס איז געווען אין ווידערשפּרוך צו זײַן אײדל פּנים. דער ריח, וואָס דער קריסט האָט דערפֿילט, איז געווען אַ שאַרפֿער, אָבער זייער אַן אײַנגענעמער, אַ ווײַטער, דאָך אַ באַקאַנטער, אַ ריח פֿון אַ פֿאַר אים פֿרעמדער, נישט־גוייִשער וועלט, אָבער צו וועלכן דווקא די גויִים האָבן געהאַט אַ ספּעציעלע שוואַכקייט און חשק...

דער קריסט האָט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט. דערנאָך אָנגעהויבן גיין מיט די שטיגן, וואָס האָבן געפֿירט אַראָפּ, צו די קעלער־שטובן. ער האָט שוין איצט געפֿילט אַלץ גענוי. דאָס איז געווען אַ געמיש פֿון ציבעלע, פּעפֿער און ביטערע מאַנדלען, און איבער דעם אַלעם האָט געוועלטיקט דער הויפּט־ריח, וואָס צוליב אים און פֿון זײַנעטוועגן זײַנען דאָס געווען די אַלע דערנעבנדיקע ריחות.

מאַציעיאָווסקי איז צוגעקומען צו דער טיר, פֿון וואַנען עס איז געגאַנגען דער אײַנגענעמער ריח. דער אַלע מאָל אײדעלער קריסט האָט דאָס מאָל געעפֿנט די טיר פֿון שטוב נישט־אָנקלאַפּנדיק פֿריִער. ער איז אַרײַן אין קעלערשטוב אָן אַ „גוט־מאָרגן“ און געבליבן שטיין ביז וואַנען זײַנע אויגן האָבן זיך צוגעפּאַסט צו דער הערשנדיקער דאָרט טונקלקייט.

איבער דער קיך האָט געברענט אַ קליין נאַפּטלעמפּל. אויף דער אונטערגעהייצטער קיך איז געשטאַנען אַ ראַנדעל פון מיטעלער גרייס באַדעקט מיט אַ שטערצל, פון אונטער וועלכן ס'האָט זיך אַרויסבאַקומען דער אײַנגענעמער ריח. דערנעבן איז געשטאַנען מלכּה, די רייפּערקע, מיט אַ געל, פאַרקרענקט, אָנגעדראָלן פּנים.

מאַציעיאָוסקי, נישט אַרויסריידנדיק קיין וואָרט, איז צוגעגאַנגען צו דער קיך, אַראָפּגענומען דאָס ברענענדיקע לעמפּל פון טשוואָק, געהאַלטן עס אין דער רעכטער האַנט און זיך צוגעלויכטן, און מיט דער לינקער אַראָפּגענומען דאָס שטערצל פונעם ראַנדעל.

בײַם קריסט האָט זיך אָפּגעהאַקט דער אָטעם. ער איז געבליבן שטיין איבערגעבויגן איבערן ראַנדעל מיטן לעמפּל אין האַנט אין גאַנצן אַ צעטרייסלטער, ווי איבער אַ וואונדערלעכער אַנטדעקונג. דערנאָך האָט ער שטיל און פּאַמעלעך, אָבער קלאָר און שאַרף געזאָגט ווי צו זיך אַליין:

— ריב־קי נאַ סאָ־באָ־טע!

ער האָט זיך אָנגעהויבן אויסגלײַכן, געמאַכט אַ באַוועגונג אַרויסצושטעלן דאָס לעמפּל פון דער האַנט. אָבער זיך ווידער איבערגעבויגן איבערן ראַנדעל, ווי ער וואָלט נישט געגלייבט די אייגענע אויגן. ער האָט לאַנג געקוקט אויף די שטיקלעך פיש, וואָס האָבן זיך געטרייסלט אין דער זידנדיקער פּישויך, און אַרויסגעזאָגט מיט אַ באַשטעטיקנדיקן טאָן:

— טאַק, ריבקי נאַ סאָבאָטע[8]!

מאַציעיאָוסקי האָט זיך מיט איין מאָל געגעבן אַ גלײַך־אויס. ער איז געבליבן שטיין אין זײַן גאַנצער גרויסער הייך און ברייט איבער דער קליינער, דערשראָקענער יידענע. ער האָט געקוקט אויף איר מיט אַזאַ שטוינונג, ווי ער וואָלט פּלוצעם דערבליקט אויף איר פאַרוויאַנעטן גערינצלטן האַלדז אַ קאָליע מיט בריליאַנטן. מיט אַ מאָל

[8] יאָ, פיש אויף שבת!

האָט ער אויסגעשריגן מיט אַ לייבן־שטימע, ווענדנדיק זיך צו דער ייִדענע אויף „דו״:

— צאָ? טי בענדזשיעש גאָטאָוואַלאַ ריבקי נאַ סאָבאָטע, אַ מניע ניע בענדזשיעש פּלאַטשיטש קאָמאָרנעגאָ[9]?!!

אַ דערציטערטע איז די ייִדענע געבליבן אַנטקעגן דעם קריסטס כּעס. זי האָט געעפֿנט דאָס מויל עפּעס צו זאָגן. אָבער מאַציעיאָווסקי איז שוין נישט געווען. ער האָט האַסטיק אַ שטעל־אַרויס געטאָן דאָס לעמפּל פֿון דער האַנט און גענומען לויפֿן איבער די שטיגן פֿון קעלער־שטוב אַרויס.

ווען די ייִדענע מלכּה די רײַפֿערקע איז אַ ביסל געקומען צו זיך, האָט זי פֿאַררוקט די פֿײַערקע, אַוועקגערוקט דעם ראָנדעל מיט די פֿיש אין אַ זײַט, אָנגעטאָן אויף די געשוואָלענע פֿיס אַ פּאָר גרויסע מענערשיך און אַרויס אין הויף אַרײַן.

אין טויער, נעבן דעם סטרוזשס שטיבל, איז געזעסן דער ווירט מאַציעיאָווסקי בײַ אַ טישל, בײַ וועלכן ער פֿלעגט געווייִנטלעך פֿירן די מעלדונקאָווע ביכער[10] און מיט אַ פֿאַרביסענער גיכקייט געשריבן עפּעס אויף אַ ווײַס, לאַנג פּאַפּיר.

די ייִדענע האָט נישט געוווּסט, וואָס דער קריסט שרײַבט, נאָר פֿון דעם לאַנגן ווײַסן פּאַפּיר איז איר געוואָרן שוואַרץ פֿאַר די אויגן. זי האָט באַלד אין אים אַרויסגעלייענט דעם פֿינצטערן גזר־דין פֿאַר זיך.

מלכּה איז פּאַמעלעך, מיט גרויס דרך־ארץ, צוגעגאַנגען צום טישל, בײַ וועלכן ס׳איז געזעסן מאַציעיאָווסקי און געשריבן אין לאַנגן פּאַפּיר. זי האָט זיך אײַנגעבויגן, אויף וויפֿל איר גרויסער בויך האָט דאָס איר דערלויבט, צונויפֿגעלייגט די פֿינגער און פֿאַרבראָכן די הענט. זי האָט אָנגעהויבן שטיל און מיט געבעט:

---

[9] וואָס? דו וועסט קאָכן פיש אויף שבת און מיר וועסטו נישט צאָלן קיין דירה־געלט?! — [10] אין וואַרשע האָט יעדער איינער, וואָס האָט איבערגעטעכטיקט אין אַ הויז, געמוזט זײַן אײַנגעמאָלדן אין אַ בוך פֿון הויז, ספּעציעל פֿאַר דער פּאָליציי.

— געערטער פּאַניע מאַציעיאָווסקי, אידעלער מענטש, גוטער מענטש, גערעכטיקער טאַטע אונדזערער, פאַר וואָס האָט זיך אײַער גאַנצער צאָרן אויסגעלאָזט אויף מיר, דער אָרעמער, פאַרלאָזענער פון מאַן, וואָס איך דאַרף דערנערן פיר שוועלבעלעך מיט מײַן אָרעמער פּראַצע? מיט וואָס האָב איך זיך דאָס אַזוי פאַרזינדיקט פאַר אײַך, מענטש טײַערער? כ׳האָב געקויפט פאַר פיר קאָפּיקעס אַ פונט סטינ־קעס, אַרײַנגעלייגט דערין אַ פערטל ברויט און ציבעלע און געמאַכט אַ ביסל פּישקוילן, אַז די אָרעמע קינדער זאָלן זיך דערכאַפּן זייערע פאַרשמאַכטע הערצלעך. טאָ וואָס איז מײַן זינד אַזוי גרויס?

— וואָס?! דו וועסט קאָכן פיש אויף שבת און מיר וועסטו נישט צאָלן קיין דירה־געלט? דו, אומפאַרשעמטע! און דו וואַגסט נאָך צו מיר קומען בעטן רחמנות! ווי די הינט וועל איך אײַך אַרויסוואַרפן! אָן רחמנות אַרויסוואַרפן!!!

דער גוי האָט זיך אַ ריס־אויף געטאָן פון זײַן אָרט נעבן טישל און געשטאַנען איבער מלכהן ווי אַ תּליון איבער זײַן קרבן.

נישט מאַציעיאָווסקיס ווערטער, נאָר די רציחה, וועלכע מלכה האָט דערבליקט אין זײַנע אויגן, האָט איר קלאָר געמאַכט, אַז אַ גרויסע צרה איז מיט אַ מאָל אויף איר געקומען, אַז אַן אומפאַרמײַדלעך אומגליק ציט אויף איר אָן. זי האָט פאַרוואָרפן דעם צעפּאַטלטן קאָפּ אין אַ זײַט און אַרויסגעלאָזט אַ שנײַדנדיקן קוויטש, ווי בײַם אַרויס־טראָגן אַ מת פון שטוב.

אויף מלכהס מאָראַליש געשריי זײַנען זיך צונויפגעקומען מענ־טשן פון הויף און אַפילו פון דער גאַס. מלכה האָט געחלשט. מען האָט געגאָסן אויף איר וואַסער. דער צוזאַמענגעלאָפענער עולם האָט נישט געוווּסט, וואָס איז דאָ געשען. זיי האָבן נאָר געהערט ווי מאַ־ציעיאָווסקי, אַ דערצערנטער, האַלט אין איין איבערחזרן:

— ריבקי נאַ סאָבאָטע, ריבקי נאַ סאָבאָטע...

ווען מלכה איז געקומען צו זיך און דערציילט, וואָס איז זיך פאַרלאָפן מיט די פיש, איז שוין מאַציעיאָווסקי נישט געווען. בלויז דער סטרוזש האָט זיך געדרייט אין טויער מעשה באַלעבאָס, גע־

מאַכט זיך זייער וויכטיק און געפּאַכעט מיטן לאַנגן, ווײַסן פֿאַפּיר, אַז אַלע זאָלן זען...

*

דעם פּרײַטיק האָט דער סטרוזש פֿון קליינעם הײַזל אויף שמאָלע מילע נישט באַדאַרפֿן גיין איבער די ייִדישע שטיבער און געוועלבער נאָך „פּיאַנטקאָווע", פּרײַטיק־געלט. דאָס מאָל האָבן די אָרעמע לאָ־קאַטאָרן געבראַכט אים די „פּיאָנטקאָווע" אין שטוב אַרײַן און דערצו מיט אַן עודף. ווער מיט אַן איבעריקער קאָפּיקע און ווער מיט צוויי קאָפּיקעס. דערבײַ האָט יעדער איינער פֿון די לאָקאַטאָרן געבעטן דעם סטרוזש, ער זאָל דאָס פּאַפּיר, וואָס דער ווירט האָט אים געגעבן, נישט אַוועקטראָגן אין געריכט אַרײַן באַלד שבת, נאָר צוואַרטן ביז מאָנטיק, ביז פּאַן מאַציעיאָווסקי וועט קומען און מען וועט נאָך מיט אים איבעררײדן. דערבײַ האָבן אַלע אויסגעדריקט די זיכערקייט, אַז דער איידעלער פּאַן מאַציעיאָווסקי וועט נישט אײַנגעבן אין גע־ריכט אַרײַן אַזאַ אָרעמע, פֿאַרפּינצטערטע עגונה ווי מלכּה. דער סטרוזש האָט באַוויליקט צו נעמען די „פּיאָנטקאָווע" מיטן עודף און אַלע צוגעזאָגט נישט אַוועקצוטראָגן דאָס פּאַפּיר אין געריכט אַרײַן ביז מאָנטיק.

אָבער שבת, באַלד אין דער פֿרי, האָט מען געזען דעם סטרוזש אָנגעטאָן אין זײַן אָפֿיציעלער סטרושזשאָווסקער טראַכט: אין אַ גראַ־נאַטענער סאַטינערער בליוזע, אין אַ פּאָר גראַנאַטענע לײַוונטענע הויזן, אין אַן אַריבערגעוואָרפֿן איבער די אָרעמס ווײַס פֿאַרטעך און אין אַ היטל מיט אַ מעשענער בלעך איבערן לאַקירטן דאַשעק. אויף דער בלעך איז געווען אויסגעקלאַפּט דאָס וואָרט „דוואָרניק" [11], דער נאָמען פֿון דער גאַס און דער נומער, און דער היפּאָטעטשנער נומער פֿון דעם הויז, אין וועלכן דער סטרוזש איז געווען באַשעפֿטיקט. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ דיקן שטעקן, דער סימבאָל פֿון זײַן סטרוזשאָווסקער מאַכט, און אין דער צווייטער — צוויי גרויסע, שוואַר־

---

[11] (רוסיש) סטרוזש, הויזהיטער.

צע טאָוולען פֿון אַ בוך, צווישן וועלכע ס׳איז געלעגן אויסגעלייגט, גלייַך און שטייַף, דאָס ווייַסע, לאַנגע פּאַפּיר, אין וועלכן דער ווירט מאַציעיאָווסקי פֿאָדערט רעכט איבער זייַן לאָקאַטאָרין, מלכּה זויערווייַן, דער רייפּערקע.

מלכּה האָט פֿון פֿענצטערל פֿון איר קעלערשטוב דערזען דעם סטרוזשס גוט אויסגעפּוצטע שטיוול אויף די הויכע, גוייִשע אָפּצאַסן. ס׳האָט איר אַ זעץ געטאָן אין די אויגן די בלאַנקענדיקע מעשענע בלעך אויפֿן סטרוזשס היטל. דערנאָך איז איר בליק געפֿאַלן אויף די שוואַרצע טאָוולען אין זייַן האַנט. זי האָט באַלד אַלץ באַנומען...

מלכּה האָט באַקומען אַזעלכע קראַמפּן, אַז מען האָט זי געמוזט אַראָפּטראָגן און לייגן אין בעט אַרייַן. אַ גאַנצן שבתדיקן טאָג איז זי געלעגן אַרומגעלייגט מיט הייסע פֿלעשער וואַסער אַרום דעם גרויסן בויך און מיט קאַלטע קאָמפּרעסן אויפֿן צעהיצטן קאָפּ. אַרום איר בעט זייַנען געשטאַנען אירע פֿיר קינדער און געוויינט פֿון שרעק און בהלה. די שכנטעס האָבן זיך געפּאָרעט אַרום מלכּהן און געיאָגט די קינדער פֿון שטוב אַרויס. זיי האָבן געפּרוווט מלכּהן צו טרייסטן. זיי האָבן צו איר גערעדט:

— מלכּהשי, האָבן זי ניש קאַ מורא. נעמען זי זאָך ניש אַזוי צים האַרץ. דע קריסט האָט נאָך קייגעם קאַ שלעכטס ניש גיטין, וועט ער אין אַוודאי ניש טין. דע קריסט האָט דאָך אין גאַנצן קאַ גאַל ניש.

— מענטשן טייַערע! טיך עפּעס! טיך עפּעס! — האָט זיך מלכּה געריסן די נאַסע שמאַטע פֿון קאָפּ — ווּס רעט עך, מענטשן! עך האָט נישט גיזעען דעם קריסטס רוצחישע אויגן, ווייסט עך גוניש!!! ווען כ׳מאַך נישט דעים כאַליש וואָלט עיאָ מיך דערהרגעט. מענטשן! יאַך זעי שוין ווי עיאָ וואַרפֿט מאַך אַראָס מיט מאַנע פֿיאָ לעבעדיקע יתומים!!! מענטשן, טיך עפּעס! טיך עפּעס!

— מלכּהשי, ווּס רעדן זי פֿאַר אַ נאַרישקייטן. דע קריסט רירט דאָך ניש קאַ פֿליג אויף דע וואַנט. האָבן זי דען ניש גיזעען מיט ווּס פֿאָרעַ אושאַנאָוואַניע עיע זוגט דע ערשע ר׳ מרדכין סופֿר דעם

„דזיען דאָברי”, דעם גיט־מאָרגן? אין ר׳ זרחן דעם גלעיזער? אין וועימען ניש? עיע האָט אין נאָר אונגעסטראַשעט, מלכּהשי. זעבן זעיען. עיע וועט אין אַפילו ניש אָנגעיבן אין סאָנד אַראַן. עיע האָט נאָר געמאַכט אַז אונשטעל.

— מענטשן, מענטשן! יאַך ווייס, אַז קיינאָ צולט ניש קאַ דירה־געלט. אָבאָ מיאָך וועט עיאָ אַראָסוואַרפן מיט די קינדאָ אַף די גאַס אַראָס... אַזאַ פינצטאָ מזל האָב יאַך שוין... אַזאַ וויסט מזל האָב יאַך געהאַט צי מאַ מאַן... אין אַזאַ פינצטאָ מזל האָב יאַך צו דעים קריסט... דע טאַוול האָט מאָך אָנגיטראָגן צי קויפן פיש אַף שבת. נאָ פיש האָט אַך גיפעילט... פרעסאָס!... אָכלאַפּעס!... — האָט זיך מלכּה צעשריגן אויף די דערשראָקענע קינדער — אַלע וואַסערן האָבן באַדאָרפן אָסגעטריקנט ווערן... אַלע פיש פאַרפאָלט ווערן... אידאָ אַזאַ אימגליק! אין ווּס פאַר אַ פיש זענען דוס, מישטיינסגע־זוגט... אַ פינט שטינקעס פאַר אַ פוּאָ קאָפּיקעס... מענטשן טייערע, דע גאָ איז משוגע געוואָרן ווען עיאָ האָט דערזעיען די פיש... עפּעס אַ וויסטאָ ריעה איז אין עים אַראַ... מענטשן, האָטס רחמנות! דע גאָ וועט מאָך, חלילה, ברענגען פון די וועלט!

אַ שכנטע, אַ מיידל פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק, וואָס האָט זיך געלערנט אויף אַקושערקע, איז אַריינגעקומען אין קעלערשטוב. זי איז דאָרט געשטאַנען עטלעכע מינוט און, הערנדיק מלכּהס קלאָג־רייד, האָט זי זיך אָנגערופן:

— מלכּה, זייען זי ניש קאַ היסטעריטשקע.

פון דעם פרעמדן וואָרט האָט אַ שטילקייט באַהערשט די קעלער־שטוב. פון דעם פרעמדן וואָרט האָט זיך מלכּה דערזען אַ פאַרפאַלענע. זי איז געבליבן ליגן מיט אַ פאָר אַרויסגעגלאָצטע אויגן, ווי זי וואָלט פלוצעם דערבליקט דעם מלאך־המוות. ביסלעכווייז זיינען איר די אויגן צוריק אַריין אין זיך, געוואָרן פלאַטשיק און מוטנע, און נאָר צוויי שוואַרצע האַלבע רעדער האָבן אָנגעצייכנט די גרענעץ צווישן זיי און דעם געלן פנים.

די שכנטעס האָבן זיך איינציקווייז אַרויסגעשאַרט. מלכּהס קע־

לערשטוב האָט זיך אָנגעפֿולט מיט טונקלקייט ביז אין סאַמע סופֿיט אַרויף. מלכּה איז געלעגן אין בעט מיט צוגעמאַכטע אויגן און זיך געלאָזט טראָגן פֿון שוואַרצע כוואַליעס אין אַ פֿינצטערער נאַכט. אַרום בעט זײַנען געלעגן אָנגעשפּאַרט מיט די קעפּ אירע פֿיר קינדער, וואָס זײַנען מידע פֿון אויסטערלישקייט געשלאָפֿן ווי אין היגערפּלעט.

אַ גאַנצע נאַכט האָט מלכּה נישט צוגעטאָן קיין אויג. זי האָט געוווּסט, אַז זי איז שווער קראַנק. די דאָקטוירים האָבן איר געזאָגט, אַז זי מוז האָבן אַן אָפּעראַציע. האָט זי געהאַט אָנגעגרייט עטלעכע רובל, אַז ווען זי וועט אַוועק אין שפּיטאָל, זאָל זי האָבן וואָס איבער־צולאָזן בײַ אַ שכנטע און זי בעטן אַכטונג געבן אויף די קינדער, זיי זאָלן נישט אַרומגיין הונגעריקע. איצט, נאָך אַ שלאָפֿלאָזער נאַכט, נאָך לאַנגע ראַנגלענישן מיט זיך, האָט מלכּה באַשלאָסן די פּאָר רובל אַוועקצוגעבן מאַציעיאָווסקין פֿאַר דירה־געלט, אַז די קינדער זאָלן נישט בלײַבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ.

*

מאָנטיק, באַלד אין דער פֿרי, ווי נאָר דער ווירט מאַציעיאָווסקי האָט זיך באַוויזן אויפֿן הויף פֿון זײַן הײַזל, האָט מלכּה די רייפֿערקע זיך פֿאַרראָכטן דאָס קאָפּטיכל, פֿאַרוואָרפֿן אַ דערע[12] אויף די אַקסלען, אַרויפֿגעצויגן אַ פּאָר גרויסע מענערשיך אויף די געשוואָלענע פֿיס, אַרויסגענומען פֿון בוזעם עפּעס אַ פֿאַרוויקלטע זאַך אין אַ נאָזטיכל און עס געהאַלטן אין האַנט. זי האָט זיך געלאָזט גיין צום טויער, ווו ס'איז געשטאַנען מאַציעאָווסקי און גערעדט מיטן סטרוזש. ווען זי איז צוגעקומען צום טויער, האָט זי זיך דרײַ מאָל פֿאַרנייגט פֿאַרן ווירט און געזאָגט הויך מיט אַ געמאַכטער פֿריילעכקייט:

—פּאַניע גאָספּאָדאַזשו[13], כ'האָב געבראַכט דירה־געלט! — זי האָט אָנגעהויבן פֿונאַנדערבינדן די קניפּן פֿון דעם נאָזטיכל.

מאַציעיאָווסקי האָט אַ קרומען בליק געטאָן אויף דעם ביסל

[12] פּאַטשיילע. — [13] הער ווירט.

זילבערגעלט אין אויפגעבונדענעם טיכל און זיך געפרעגט מיט גע־בייזער:

— וויפל געלט האסטו דארט?

— זיבן רובל! פאר א גאנצן חודש דירה־געלט! — האט מלכה אויסגעשריגן פון גרויס איבערגענומענקייט.

— וואס?! דו וועסט קאכן פיש אויף שבת און מיר וועסטו נאך אזוי פיל יארן אפווינען בחינם געבן פאר א חודש דירה־געלט? דו אומפארשעמטע! איך וועל דיך אומברחמנותדיק ארויסוואַרפן פון דער דירה!

ביי מלכהן איז אפגענומען געווארן דאס לשון. זי האט עטלעכע מאל געעפנט דאס מויל, אבער קיין קול האט זיך פון דארט נישט ארויסבאקומען. זי איז צוגעפאלן צו א וואנט אין טויער און געבליבן שטיין פארשטארט ווי טויט. איבער איר האט מאציעיאווסקי געדו־נערט מיט כעס:

— ריבקי נא סאבאטע! ריבקי נא סאבאטע!

*

אויף די לאקאטארן פון קליינעם הייזל אויף שמאלע מילע איז געפאלן א פחד פון דעם, וואס דער ביז איצט אידעלער קריסט האט מיט א מאל ארויסגעוויזן אזא אומפארשטענדלעכע פאר זיי אכזריות צו דער ארעמער, פארפייניצטערטער מלכה. אבער נאך מער האבן זיי זיך דערשראקן פון דעם, וואס מלכה האט דעם ווירט אנגעבאטן געלט. די לאקאטארן פון דעם קליינעם, ארעמען הייזל אויף שמאלע מילע זיינען געווען זיכער, אז פון איצט אן וועט מאציעיאווסקי מיט דער זעלביקער אכזריות פאדערן ביי זיי דאס דירה־געלט, ווי ער פאדערט עס פון מלכהן.

אבער מאציעיאווסקי האט ביי קיינעם פון זיי קיין דירה־געלט נישט געמאנט, פונקט ווי ער האט דאס נישט געטאן ביז איצט. די מורא פון די שכנים, אז דאס, וואס מלכה האט געוואלט געבן דעם ווירט געלט, וועט אים אנפירן אויפן געדאנק, אז אויב די ארעמע

מלכּה גיט געלט, ווען מען פֿאַרקלאָגט זי אין געריכט, ווען די אַנדערע לאָקאַטאָרן אַוודאי געבן, האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר נישט־ריכטיק. מאַציעיאָווסקי איז געווען פּונקט אַזוי ווי ביז איצט העלפֿעך צו זײַנע אָרעמע לאָקאַטאָרן. ווידער דער ערשטער געזאָגט ר׳ מרדכין „דזיען דאָברי״ און גענומען מיט דער זעלביקער ווי ביז איצט דאַנקבאַרקייט די פֿאַר רובל פֿון די וואָס האָבן אים באַוויליקט צו געבן...

מלכּה האָט געקלאָגט און געוויינט, וואָס דער פֿינצטערער גורל האָט זיך גראָד אָנגעזעצט אויף איר און אויף אירע קינדער זיי אומצוברענגען. זי האָט געוווסט, אַז זי איז נישט ערגער און שולדיקער פֿון אַלע אַנדערע לאָקאַטאָרן פֿון דעם הויף און האָט נישט פֿאַרשטאַנען פֿאַר וואָס דער גוטער צו אַלע קריסט איז גראָד צו איר פֿאַרביסן שלעכט. אָבער געפֿילט האָט זי, אַז עפּעס איז געשען מיט איר אַן אומגליק. די שכנטעס האָבן זי ווידער באַרויִקט. מיט איר אײַנגעטענהט:

— מלכּשי, זעבן זעיען. אויב דער קריסט טשעפּעט ניש קיינעם פֿין אונדז, וועט עיער אין אַוודאי ניש טשעפּען. אײַ, ער האָט ניש געוואָלט פֿין אין נעמען פֿאַר אַ חודש דירה־געלט? איז נאָר אַ סימן פֿין זאַן גרויס איידלקייט... דער קריסט ווייסט, אַז זי האָבן ניש... ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז זי גייען אים אַוועקגעבן דעם לעצטן גראָשן, האָט ער ניש געוואָלט נעמען... אײַ, ער האָט געשריגן, אַז ער וועט אין אַראָפּוואַרפֿן, אַף דעם איז ער דאָך אַ גאָ... ער האָט זעך עפּעס אַראַנגעניִמען אין זײַן גוייִשן קאָפּ אַראַן... ס׳וועט עים איבערגיין... קאַ שלעכטס וועט עיער אין חלילה ניש טיִען...

מלכּה האָט זיך נישט לײַכט געלאָזט אײַננעמען פֿון די שכנטעס. דער אינסטינקט פֿון אַ געשלאָגענעם פֿון גורל מענטש האָט איר אונטערגעזאָגט גאָר עפּעס אַנדערש... אָבער קיין דאגות האָבן נישט געפֿעלט. די קינדער האָבן געוואָלט ברויט. פֿון וואַנען צו נעמען האָט זי נישט געהאַט. קראַנק איז זי געווען. דערווײַל זײַנען די טעג געגאַנגען. פֿון די טעג זײַנען געוואָרן וואָכן. דער קריסטלעכער ווירט איז ווידער, ווי זײַן שטייגער איז געווען, געקומען יעדן מאָנטיק אין

זײַן אָרעם הײַזל. נישט געמאָנט קיין דירה־געלט און נישט דערמאָנט דעם פֿאַל מיט מלכהן. די געמיטער האָבן זיך אײַנגעשטילט.

אָבער גערעכט איז געווען מלכה. אין מאַציעיאָווסקיס פֿאַנטאַזיע זײַנען די „ריבקי נאַ סאָבאָטע" אויסגעוואַקסן צו אַ סימבאָל פֿון עפּעס אַ פֿאַרבאָרגן ייִדיש פֿאַרמעגן... אין דעם ראָנדעל מיט פֿישקוילן בײַ מלכהן דער רײַפֿערקע אין דער אַביונישער קעלערשטוב האָט דער קריסט געזען עפּעס פֿון דער ייִדישער „חוצפּה", וואָס דערלויבט זיי מבֿטל זײַן, זיך נישט רעכענען מיט דער גוייִשער וועלט...

אין איינעם אַ טאָג איז צו מלכהן אין קעלערשטוב באַלד אין דער פֿרי אַראָפּגעקומען אַ קריסט אין אַ שוואַרצן מונדיר מיט גרינע ווײַ־פּוסטקעס[14] בײַ די קליאַפּעס פֿון דער מאַרינאַרקע און בײַ די נעט פֿון די הויזן. מיטן קריסט איז מיטגעקומען דער סטרוזש. דער קריסט האָט אַרויסגענומען פֿון אַ טעקע אַ פּעקל פּאַפּירן און געהייסן מלכהן זיך אונטערשרײַבן.

מלכה האָט געציטערט אויפֿן גאַנצן לײַב. זי האָט געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן. זי האָט עטלעכע מאָל אויף פֿאַרשיידענע פּאַפּירן אַוועקגעלייגט מיט אַ שווערער האַנט צו דרײַ רעדעלעך און יעדעס מאָל אָפּגעזיפֿצט ווי נאָך אַ גרויסער אָנשטרענגונג. דער קריסט מיטן סטרוזש זײַנען אַוועקגעגאַנגען און מלכה איז געבליבן שטיין מיט די פּאַפּירן אין דער האַנט אין גאַנצן אַ צעמישטע.

ווען זי איז אַ ביסל געקומען צו זיך, איז איר אײַנגעפֿאַלן, אַז דאָס זײַנען זיכער פּאַפּירן, וואָס דער מאַן האָט איר געשיקט. שוין פֿיר יאָר זינט ער איז פֿון איר און פֿון די קינדער אַוועק און זי האָט פֿון אים קיין וואָרט נישט געהערט. אפֿשר זײַנען דאָס פּאַפּירן אויף אָפּצונעמען שיפֿקאַרטן... און אפֿשר איז דאָס אַ שלעכטע ידיעה פֿון אים...

מלכה האָט דרײַ מאָל אויסגעשפּיגן:

---

[11] לײַסטן (אַרויסשטאַרצנדיקע) פון אַן אַנדערן קאָליר.

— ס'זאָל מיר אָסגיין צי מאַגע שׂונאימס קעפּ, צי זייערע הענט אין פּיס, צי זייער לאַב און לעבן.

זי האָט פאַרוואָרפן אויף זיך די דערע און אַרויס צום „קאַרמעלקע־ייִד", וואָס האָט גערעדט ליטוויש און געקענט לייענען רוסיש.

דער „קאַרמעלקע־ייִד" האָט פון די פּאַפּירן אַרויסגעלייענט גאָר עפּעס אַנדערש. ער האָט אַרויסגעלייענט, אַז דעם און דעם טאָג, נײַן אַ זייגער פרי, וועט פאָרקומען אין געריכט דער משפּט פון דעם ווירט סטעפּאַן מאַציעיאַווסקי אַנטקעגן דער לאָקאַטאָרין מלכּה זוי־ערוויַז, וועגן אַרויסבאַקומען אויף איר אַן עקסמיסיע (דאָס רעכט אַרויסצוּוואַרפן זי פון דער דירה).

מלכּה האָט אײַנגעלייגט וועלטן, אירע קולות האָבן אויפגעצי־טערט דעם הויף און אַ האַלבע שמאָלע מילע. מען האָט זי קוים אָפּגע־האַלטן, זי זאָל זיך נישט אָנטאָן קיין מעשׂה. אַ גאַנצן טאָג האָבן די שכנטעס זי געהאַלטן אויפן אויג. אַלע מאָל איז געקומען אַן אַנדערע שכנטע זי היטן. זיי האָבן זיך געטוישט ווי סאָלדאַטן אויף דער וואַך.

דער „קאַרמעלקע־ייִד", וואָס האָט זיך אויסגעקאָנט אויף געריכטן, האָט מלכּהן געגעבן אַן עצה, אַז זי זאָל זיך נישט שטעלן צו דעם פּראָצעס, ווײַל אויב מען שטעלט זיך נישט, גיט נישט דאָס געריכט אַרויס אונטער די אויגן אַן אורטייל באַלד אַרויסצוּוואַרפן, האָט ער אַ סך מאָל איבערגעחזרט זײַן עצה פאַר דער צום טויט פאַרמאַטער־טער מלכּהן.

מלכּה האָט זיך טאַקע נישט געשטעלט אין געריכט. אָבער בסך־הכּל עטלעכע טעג נאָך דעם פּראָצעס, ווען קיינער האָט זיך נאָך אויף גאָר נישט געריכט, איז אין הויף אַראָפּגעקומען דער קאָמאָרניק מיט אַ סטאַיקאָווע [15] און מיט עטלעכע סטרוזשעס און גענומען אַרויס־וואַרפן מלכּהס ביסל אָרעמקייט פון קעלער אויפן הויף אַרויס.

צו דער ערשטער עקסמיסיע אין דעם קליינעם הײַזל איז אויך ספּעציעל אַראָפּגעקומען דער ווירט, מאַציעיאַווסקי, מיט אַ ווילדער

[15] פּאָליציסט פון נידעריקן ראַנג.

הנאה האָט ער זיך צוגעקוקט, ווי עס וואַקסט אויפֿן שטײנערנעם הויף דאָס בערגל מיט מלכּהס אַרעמקייט. דער קריסט איז געשטאַנען נעבן די אַרויסגעוואָרפֿענע זאַכן און עפּעס געניִשטערט מיט די אויגן. מיט אַ מאָל האָט ער באַמערקט צווישן די זאַכן אַ ראָנדעל פֿון בלוי געפֿעס. ער האָט מיטן גוט באַשוכטן פֿוס אַ קאָפּע געטאָן דעם ראָנדעל מיט אַזאַ כּוח, אַז דער ראָנדעל איז אַרײַנגעפֿאַלן גלײַך אין רינשטאָק. דאָס איז געווען דער ראָנדעל, אין וועלכן מלכּה האָט געקאָכט די פֿיש אויף שבת.

ווען מלכּה האָט דערזען, וואָס דער קריסט האָט געטאָן, האָט זי מיט אַ הוילער, פֿון ערגעץ־ווו טיף אַרויסבאַקומענער שטימע, אַרויס־געלאָזט אַ פֿאַרוויִיטיקט געשריי. דער קריסט האָט געברומט פֿון כּעס:

— ריבקי נאַ סאָבאָטע, ריבקי נאַ סאָבאָטע...

שכנים האָבן אַרײַנגענומען צו זיך מלכּהס קינדער. מלכּה אַליין איז בײַ טאָג און בײַ נאַכט געלעגן אויפֿן הויף און געהיט דאָס ביסל זאַכן. נאָך עטלעכע טעג האָט מען צונויפֿגענומען אויף דער שמאָלער מילע אַ ביסל געלט און געפֿונען פֿאַר מלכּהן אַ שטיקל קעלערשטוב אויף אָסטראָווסקע גאַס.

מלכּהס קעלערשטוב אין קליינעם הײַזל אויף שמאָלע מילע איז לאַנג געשטאַנען ליידיק און פֿאַרחתמעט. נאָר כאָטש דער ווירט מאָ־ציעיאָווסקי האָט קיינעם נישט געטשעפּעט און ווײַטער נישט גע־מאָנט קיין דירה־געלט, האָבן אַלע לאָקאַטאָרן פֿון דאָרט געלעבט אין כּסדרדיקער שרעק.

פֿיש אויף שבת האָבן די ווײַבער פֿון קליינעם הײַזל געקאָכט פֿון דעמאָלט אָן בײַ באַקאַנטע פֿון די דערנעבנדיקע הײַזער אָדער דאָ־נערשטיק אין מיטן נאַכט. זיי האָבן באַהאַלטן די אָפּגעקאָכטע פֿיש און אויף גיך געעפֿנט די פֿענצטער, אַז זייער שבתדיקער ריח זאָל שנעל אויסוועפּן. מען האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון אַרײַנטאָן אין זיי בײ־טערע מאַנדל־טראָפּנס, מען האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון שאַרף זיי צו פֿעפֿערן. אַלץ פֿון דער מורא, אַז די קריסטלעכע נאָז זאָל נישט דער־פֿילן דעם ריח פֿון די ייִדישע פֿיש אויף שבת.

די פיש האָט מען שבת געגעסן בחפזונדיק, אַזוי ווי אַמאָל בעת יציאת?מצרים דעם קרבן פסח. מען האָט זיי נישט געלאָזט שטיין, ווי אַמאָל, פאַרגליווערטע אויפן טיש און דערווייל געזונגען דעם „אַזמר בשבחין", צי דעם „אסדר לסעודתא". איצט, ווי נאָר מען האָט זיי דערלאַנגט צום טיש, האָט מען זיי שנעל געקייט און גיך געשלונגען, אָן דער מינדסטער שבתדיקער בנעימותדיקייט.

די שבתדיקע פיש האָבן מיט אַ מאָל פאַרלוירן זייער גאַנצן ביז־איצטיקן טעם. די מאַנסבילן זיינען געווען צוליב דעם אין כעס אויף זייערע ווייבער, כאָטש זיי האָבן גוט געוווסט, אַז נישט זייערע ווייבער זיינען אין דעם שולדיק.

אין קליינעם הויזל אויף שמאָלע מילע איז, זינט מען האָט אַרויס־געוואָרפן מלכה די רייפערקע פון דעם קעלער, צעשטערט געוואָרן נישט איין שלום־בית. מען האָט שוין דאָרט נישט געפילט דעם עונג־שבת, אַזוי ווי די נשמה יתירה וואָלט זיך מיט אַ מאָל אָפּגעטאָן פון די אָרעמע לאָקאַטאָרן פון קליינעם הויזל...

י. פּאַפּיערניקאָוו / וואַרשע 1930

## פון ציקל: „אין דער שטיל"

אין גאַס אויפן ברוק, ווי אַ ממזר ביי טיר און ביי טויער,
אין גאַס איז געבוירן געוואָרן דאָס קינד מיינס — מיין ליד,
וואָס האָט פון די ווינטן געזויגן דעם אומעט און טרויער,
און אין זיך — פאַר פרילינג געקלאָגט, וואָס דער זומער פאַרבליט...

און זעלטן ווען, זעלטן ס'האָט אונטערגעשטעלט ווער דאָס אויער,
צו הערן אַ קלאַנג, כאָטש פאַרנעמען אַן אייציקן ציטער,
מען איז עס פאַרביי און אַריבער אָן מינדסטן באַדויער,
אַריבער, ווי איבערן פעלד — מיט די קאָסעס — די שניטער...

אין גאַס אויפֿן ברוק, ווי אַ ממזר ביי טיר און ביי טויער,
איז הפֿקר און אָרעם געוואַקסן דאָס קינד מײַנס — מײַן ליד,
וואָס זינגט פֿון דער פֿרייד, אַז — ס׳איז דאָ נאָך אַ הימל אַ בלויער,
און ריינקייט און טיפֿקייט פֿון שטילע און איינזאַמע טריט...

*

מיט איכה האָב איך אָנגעהויבן מײַן געזאַנג,
מיט איכה גייט־אַוועק מײַן יעדער טאָג,
ס׳באַגלייט אַ טרויער־ניגון מיך אין גאַנג
און כ׳קלאָג...
נאָר ס׳איז נישט אַזוי שלעכט מיר, ווי דער פֿרעמדער מיינט,
און כ׳בין נישט אַזוי אָרעם, ווי מען זעט —
אין עצבֿות שטראַלט מײַן ליכט און כ׳בין געקרוינט,
ווען כ׳בעט...
כ׳בין אַליין און נישט אַליין —
אַ שטיין האָט אויך זײַן ברודער — שטיין,
מיט מיר — דער ווינט
און גאַסנהינט,
מיט מיר — בין איך,
און איך מיט זיך —
בין אַלץ, בין אַלץ,
אַפֿילו ווען דער חלף ליגט מיר אויפֿן האַלדז...

ב. דעמבלין

## תכלית

נאָוועלע

— 1 —

אין אַ האַרבסטיקן פֿרימאָרגן, אַנשטאָט אין אוניווערסיטעט אַרײַן, האָט זיך פֿייגעלע קראַקאָווסקי גאָר אַוועקגעלאָזט וואַנדערן איבער די טריבע וואַרשעווער גאַסן אָט אַזוי, אָן אַ ציל. ווען עמעץ פֿון אירע

פֿרײַנד וואָלט זי איצט אָנגעטראָפֿן, וואָלט מען זי גאָר נישט דערקאָנט. קיין סימן פֿון דעם סטודענטישן היטל מיט דעם לאַקירטן דאַשעקל, וואָס האָט איר בלאַס, אויסגעאיידלט פּנים צוגעגעבן אַזוי פֿיל אַנט־שלאָסנקייט, אַזוי פֿיל טראָציקייט. זי האָט גאָר איצט געטראָגן אַ פּראָסט בלוי בערעטל, אַן אָפּגעבליאַקירטס, ווי אַ געוויינלעך אַר־בעטס־מיידל פֿון די אָרעמע ייִדישע הייף אַרויס. דערצו נאָך איז דאָס בערעטל געווען גאָר נישט דאַמען־מעסיק אָנגעטאָן, נאָר בלויז אַרויפֿ־געכאַפּט אויף גיך. אויך דאָס גרוי־גרינלעכע מאַנטעלע אירס מיט דעם ברוינעם פֿוטער־קאָלנער האָט איצט נישט געהאַט אויף איר יענעם שיק, וואָס עס האָט געוויינלעך, ווען פֿייגעלע קראַקאָווסקי טוט עס אָן געלאַסן און מיט אַן אויג אין שפּיגל. איצט האָט דאָס מאַנטעלע אויסגעזען אויף איר ווי אַ „ליאַק", אַ שמאַטע, אין וואָס זי האָט אויף גיך זיך געטאָן אַ וויקל־אײַן. אַפֿילו דאָס שמאָלע לאַקירטע רימענדל אַרום דער טאַליע האָט זי נישט אָנגעטאָן. אײַנגעטוליעט, ווי אַן אַלטע ייִדענע, מיט די הענט פֿאַררוקט אין די אַרבל, איז פֿייגעלע געגאַנגען אין מיטן וואַרשעווער פֿרימאָרגן־געטומל. פֿון געוווינהייט אויך איצט געגאַנגען איבער די זעלביקע גאַסן, וואָס פֿירן אין אוני־ווערסיטעט אַרײַן. נאָר אַרײַנקומענדיק אין זאַקסישן גאָרטן איז זי פּלוצעם געבליבן שטיין, גלײַך זי וואָלט זיך עפּעס דערמאָנט, און באַלד זיך פֿאַרנומען אין אַ זײַט, אַראָפּ פֿון דעם געוויינלעכן, יעדן טאָגיקן וועג אירן.

דער זאַקסישער גאָרטן איז שוין געווען ליידיק. די ברייט־צעוואַק־סענע ביימער זײַנען געשטאַנען אָפּגעשיילט, הויל פֿון יעדן בלעטל, פֿון יעדן ביסעלע גרינס. די באַקעטע צווײַגן, פֿײַכטע, גלאַנציקע פֿון האַרבסטיקער נאַסקייט, האָבן זיך געשטרעקט צום הימל מיט אַ בייזער, שפּיזיקער שטעכיקייט.

אַ פֿאַרטראַכטע איז פֿייגעלע געגאַנגען אין דער קרולעווסקער אַלייע. פֿון ביידע זײַטן לענגויס האָבן זיך געצויגן ליידיקע בענק. אַ שאַרפֿער ווינט האָט געשניטן ס׳פּנים און צעיאָגט די פּאָלעס פֿון איר מאַנטעלע. נאָר פֿייגעלע ניט זי האָט געזען די פּוסטקייט אַרום

זיך, ניט זי האָט געפֿילט דעם ווינט. זי איז נאָר געווען פֿאַרטאָן מיט זיך. זיך געשלאָגן מיט דער דעה, וואָס זי זאָל דאָך טאָן. דער לאַנגגעגאַרטעטער ציל אירער ווינקט נאָך אַלץ מיט טויזנט ליכטיקע צוזאָגן. נאָך איין יאָר בלויז און זי וואָלט געקאָנט זײַן אַ זעלבשטענדיקער מענטש. זי וואָלט זיך אײַנגעשאַפֿן אַ דענטיסטישן קאַבינעט, אויב נישט אין וואַרשע איז, ווינציקסטנס, בײַ זיך אין דער היים, אין אײַגענעם שטעטל. שפּעטער וואָלט זי אויך געטראַכט פֿון אַ תּכלית, פֿון פֿאַרבינדן זיך מיט אַ מענטש, וואָס וועט זי פֿאַרשטיין און ליב האָבן. איין יאָר בלויז! און דאָך איז עס אַזוי ווײַט, אַז זי וועט עס נישט קאָנען דורכטראָגן.

פֿייגעלע האָט געפֿילט, אַז איר געמיט איז איצט אין גאַנצן געבראָכן, און גראָד נישט פֿון די אָנפֿאַלן, וואָס די אַקאַדעמישע „קאָלעגן“ אירע, די פּוילישע סטודענטן, פֿאַרפֿעלן אַזוי נישט טאָג־אײַן און טאָג־אויס דורכצופֿירן אויף איר און אויף די אַנדערע ייִדישע בחורים און מיידלעך אין קלאַס. אַדרבה, וואָס שאַרפֿער די אָנפֿאַלן זײַנען געווען, אַלץ טראָציקער איז געווען איר אַנטשלאָסנקייט נישט אָפּצוטרעטן, נישט נאָכצוגעבן, אַפֿילו איין לעקציע נישט דורכצולאָזן. און אַלע אָנפֿאַלן, אַלע קלעפּ האָט פֿייגעלע געקאָנט אַריבערטראָגן, כאָטש ביטער איז געווען צו טראַכטן אַז די אָנפֿאַלן קומען פֿון סטודענטן, דאָס אייבערשטע פֿון אַ פֿאָלק, מיט וועמען מען וועט דאָך מוזן צוזאַמענלעבן. אָבער דעם איצטיקן קלאַפּ, פֿילט זי, וועט זי נישט קאָנען אַריבערטראָגן. דאָס, וואָס מען האָט בײַם ייִדן אַוועקגענומען די פּרנסה, די מיליטערישע תּבֿואה־ליפֿערונגען, בלויז ווײַל ער איז אַ ייִד, אָט דעם קלאַפּ וועט זי נישט קאָנען אַריבערטראָגן. מילא, די אָנפֿאַלן האָט זי געקאָנט מבֿטל זײַן, פֿאַראַכטן צוזאַמען מיט די אָנפֿאַלערס. נאָר ווי אַזוי וועט זי קאָנען מבֿטל זײַן דעם הונגער, די נויט, וואָס נעמט זיך שוין רוקן אויף איר? ווי אַזוי וועט זי קאָנען כאָטש איין וואָך אָנהאַלטן איר טראָציק לעבן, אַז דער זיידע וועט מער נישט האָבן איר צו שיקן יעדן חודש דאָס ביסל אויסקומעניש, זי זאָל קאָנען דורכזעצן דאָס יאָר? פֿייגעלע האָט ווידער־און־אָבער דורכ־

געשפּאַנט אין דער לענג און אין דער ברייט דעם זאַקסישן גאָרטן און די אָנמעכטיקייט האָט זי געדריקט. אומזיסט אַלע אָנשטרענגונגען! נישטאָ מער קיין כּוח אויסצוהאַלטן אָט דעם לעצטן אָנפֿאַל!

פֿון דעם שפּאַנען הין־און־צוריק האָט זיך פֿייגעלע דערפֿילט מיד. זי האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ באַנק. איר שטאַרער בליק האָט געזען, ווי דרויסן, אַריבער דעם אײַזערנעם צוים, גייט־אָן אַ גרויסשטאָטיק לעבן. טראַמוויַיען קלינגען. אויסטאָבוסן יאָגן זיך. דראָזשקעס פֿאָרן. צײַטונג־ייִנגלעך לויפֿן, שרײַען, פֿולן־אָן די לופֿט מיט אומרו. צו איר אָבער דערגייט עס נישט. אין איר און אַרום איר איז שטיל און פּוסט. טרוקענע בלעטער, געלע, פֿאַרוויאַנעטע, וואַלגערן זיך פֿאַר אירע פֿיס. נעבן איר, אונטער די צוועלף טויערן, צאַנקט דער נר־תּמיד פֿון אומ־באַקאַנטן סאָלדאַט. אַ זעלנער אין מיליטערישער שטײַפֿקייט, מיט דער ביקס אויפֿן אַקסל, שפּאַנט הין־און־צוריק נעבן דעם געאַכפּערטן קבֿר. הינטער איר, נעבן דעם קליינעם, רונדן וואַסערל, זיצט דער ווײַסער שוואַן רויִק, אומבאַוועגלעך, דאָס קליינע קעפּל מיטן געלן שנאָבל פֿאַרשטעקט אונטער אַ פֿליגל, ווי ער וואָלט געווען טויט, פּונקט ווי עס איז טויט דער גאָרטן, די ביימער, די בענק און דאָס פֿייגעלע, וואָס זיצט אויף איינער פֿון זיי.

פֿייגעלע האָט דערפֿילט אַ קעלט אין איר גאַנצן געביין. זי איז אויפֿגעשטאַנען און זיך פֿאַרנומען צוריק פֿון וואַנען זי איז געקומען. גייענדיק האָט זי אָנגעטראָפֿן עטלעכע גאָרטן־היטערס. טייל האָבן מיט גרויסע, הויכע בעזעמער צונויפֿגעשאַרט די בלעטער אין אָנגעהויפֿטע בערגלעך. אַנדערע האָבן געשלעפּט שטרוי און ברעטלעך, עס אָפּגעלייגט נעבן די שטיינערנע פֿיגורן, צעשטעלטע אין דעם גאָרטן פֿון אַלטע, לאַנגע צײַטן, וואָס פֿון אַלטקייט קרישלען זיי זיך שוין, די פֿיגורן, בײַ טייל פֿעלט אַ שטיקל האַנט, אַ שטיקל נאָז, און דעריבער אײַלן זיך די פּאַרקהיטערס זיי אַרומצוהילן מיט שטרוי און זיי אַרומ־ברעטלען, אַז דער שאַרפֿער ווינטער זאָל איבער זיי קיין שליטה נישט האָבן.

פֿייגעלע האָט נאָכגעקוקט די פּאַרקהיטערס, ווי צערטלעך זיי

באַגייען זיך עס מיט די שטיינערנע פיגורן, ווי פּאַרזיכטיק זיי הילן־אַרום די אָפּגעקרישלטע ווענוס. ווער וועט זי איצט אַרומהילן? ווער וועט באַשיצן אין דעם קאַלטן ווינטער איר לעבן, וואָס רוקט זיך איצט אויף איר! דער זיידע וועט שוין איצט נישט קאָנען זאָרגן פאַר איר. און וואָס וועט זײַן מיטן זיידן אַליין? וואָס וועט ער אויף דער עלטער נעמען טאָן?...

— 2 —

ר׳ ישׂראל קראָקעווער, פּיגעלעס זיידע, האָט פון אָנהויב אָן נישט געוואָלט פּיגעלע זאָל „שטענדירן״ [1]. גיין אין דער גימנאַזיע — דאָס יאָ. הײַנטיקע צײַטן באַדאַרף אַ מיידל זײַן מיט לײַטן גלײַך. בפרט דעם קראָקעווערס אַ קינד באַדאַרף אַוודאי קאָנען שרײַבן פּויליש און חשבונען ווי געהעריק. אָבער פאָרן קיין וואַרשע ווערן אַ ציינדאָק־טער? אויף דעם האָט ער נישט מסכים געווען. ער האָט געוואָלט, פּיגעלע זאָל זײַן אין דער היים, אונטער זײַנע פליגל. דאָ וועט ער מיטן אייבערשטנס הילף אַ שידוך טאָן מיט איר און כאָטש פון איר דערלעבן דאָס, וואָס ער האָט נישט זוכה געווען צו דערלעבן פון איר טאַטן, דעם בן־יחיד זײַנעם, וואָס איז, נעבעך, אַזוי יונג אַוועק פון דער וועלט. פּיגעלע האָט אָבער זיך אײַנגעשפּאַרט: רק אַ דענטיסטין און רק וואַרשע! אָ, ווען זי וואָלט ניט געווען קיין יתומה, אָן אַ טאַטן און אָן אַ מאַמען, וואָלט זיך שוין ישׂראל קראָקעווער מיט איר אָן עצה געטאָן! ער וואָלט געגעבן אַ קלאַפּ אין טיש אַרײַן: „יעך זאָג נײַן!״ — וואָלט געווען נײַן. אַזוי אָבער, ווי האָט ער געקאָנט אַ יתומה מצער זײַן? ווי מעג מען דען אַ יתומה מצער זײַן? האָט ער זיך, נעבעך, געמוזט אָפּווישן ס׳מויל און לאָזן זי פאָרן. און אַז אַ מיידל איז אין וואַרשע, מוז מען דאָך זען, זי זאָל האָבן וואָס אַ מענטש באַדאַרף, זי זאָל, חלילה, נישט געטריבן ווערן אַראָפּ פון גלײַכן וועג.

אײן גאָט ווייסט, אַז אַפילו איצט, נאָכן פינצטערן גזר, האָט ר׳

---

[1] שטודירן.

ישׂראל קראָקעווער נאָך אַלץ געקנײַפּט די באַקן, די פּאַרב זאָל שטײן. שוין אַ שטיק נאָך דעם ווי מען האָט זײַן פּרנסה אַוועקגעגעבן אַ פרעמדן גוי, אַזש פֿון פויזן, האָט ער נאָך אַלץ געזען, פּייגעלע זאָל פֿון גאָר נישט וויסן. פונקט ווי פֿריִער, האָט ער געזען, די באָבע זאָל נישט פֿאַרפֿעלן איין וואָך מיט איר פּעקעלע קיכלעך און קעזלעך, און וואָס נאָך דאָרטן די אַלטע שיקט איר... האָט אָבער דער רבונו של עולם מיט איין מאָל געטאָן אַ שטעל־צו דעם חלף צום האַלדז...

פֿריִער, כּל־זמן דער הולך האָט געיילכט[2], ווען פּולע וועגן תּבֿואה פֿלעגן שטיין הינטער די פֿענצטער, ווען די קאַשע־מילן האָבן בײַ אים געמאָלן אויף דער גאַנצער פּאַרע, דענסטמאָל איז ר׳ ישׂראל קראָקע־ווער געווען דער גרויסער בעל־בטוח. אָרעמע כּלה־מיידלעך האָבן אים אָנגעטרויט דעם אָפּגעשפּאָרטן נדן. באַלמעלאָכעס, „געמיינע לײַט״, וואָס האָבן געקליבן גילדן צו גילדן, ווער אַ שטיקל דאַך צו פֿאַרריכטן און ווער אויף אַ מלבוש אַוועקצורײַסן, האָבן דאָס אָפּגעשפּאָרטע געלט אַרײַנגעוואָרפֿן צום אַלטן קראָקעווער, כּדי צו האָבן עס ווען נאָר מען וועט באַדאַרפֿן. איצט אָבער, גלײַך ווי די רשעים האָבן בײַ אים צו־גענומען דעם פּאָדריאַד[3], איז די גאַנצע שטאָט געטאָן אַ שטיי־צו: געלט! פּלוצעם איז ר׳ ישׂראל קראָקעווער געוואָרן אויס בטוח! יעדער איז געקומען מיט אַן אַנדער תּירוץ. דינסטמיידלעך, וואָס האָבן שוין, נישט אויסגערעדט זאָל עס זײַן, פֿון לאַנג אַרײַנגעטאַנצט אין גרויען צאָפּ אַרײַן, זײַנען פּלוצעם געקומען צו לויפֿן נאָכן נדן, באַשר עס שטייט זיי פֿאָר אַ שידוך צו טאָן...

ר׳ ישׂראל קראָקעווער האָט, חלילה, קיין פֿאַראיבל נישט געהאַט. אָרעמע מענטשן, נעבעך! פֿאַרהאָרעוועט געלט! עס האָט אים נאָר פֿאַרקלעמט ס׳האַרץ. סטײַטש? האָט מען, הייסט עס, געטרויט נישט אים, ר׳ ישׂראל קראָקעווער, דעם עלטסטן דאָזאָר[4] אין שטאָט, דעם אָפּגעהיטן ייִד, וואָס וועט חלילה, נישט פֿאַרלאַנגען יענעמס פּרוטה,

---

[2] (ווערטל) אַלץ איז געגאַנגען ווי געשמירט. — [3] צושטעלן צום מיליטער. — [4] פּרנס.

ווען ער זאָל אַפֿילו דאַרפֿן גיין איבער דער מדינה... געטרויט האָט מען, הייסט עס, ישׂראל קראַקאָווסקי, דעם פּאָדריאַטשיק, וואָס שטעלט תּבֿואה אין פֿעסטונג אַרײַן? און איצט, אַז אויס פֿעסטונג, רחמנא לצלן, איז אויס בטוח?!

מילא, אַזוי צי אַזוי, חובֿות זײַנען חובֿות און צאָלן דאַרף מען! ר׳ ישׂראל קראַקעווער איז דאָך, חלילה, נישט פֿון די הײַנטיקע אויפֿגעקומענע לײַט, וואָס כאַפּן־אַרײַן, וואָס קיין וואָרט איז בײַ זיי קיין וואָרט נישט, וואָס זעצן־אָן, ווו נאָר זיי קאָנען! וואָס אָבער וועט זײַן מיט פֿייגעלען? דאָס קינד איז נעבעך שוואַך ווי דער פֿאָטער, איר צו לאַנגע יאָר. וואָס וועט זי איצט טאָן און וואָס וועט, נעבעך, פֿון איר ווערן?

— 3 —

פֿייגעלע איז געקומען אַהיים צו פֿאָרן פּלוצעם און אומגעריכט. נישט דער זיידע און נישט די באָבע האָבן זי אַזוי גיך דערוואַרט. זיי איז גאָר נישט אײַנגעפֿאַלן, אַז זי וועט אין דער ווײַטער וואַרשע אַזוי באַלד זיך דערוויסן פֿון דעם פֿינצטערן גזר, וואָס איז, נעבעך, געקומען אויף זיי און גלײַך כאַפּן און קומען צו לויפֿן. אַדרבה, דער אַלטער האָט זיך איצט גאָר געגרייט ממש וועלטן אײַנצולייגן, פֿייגעלע זאָל קאָנען בשלום אויסשטודירן, וואָרעם ערשט איצט, אײַנזעענדיק ווי דאָס מיידל בלײַבט, נעבעך, אויפֿן וואַסער, האָט ער ערשט פֿאַרשטאַנען, ווי זי איז גערעכט געווען מיט איר אײַנעקשנען זיך צו ווערן אַ מענטש פֿאַר זיך. נעמט זי גאָר, אין אַ שיינעם מיטן העלן טאָג און טוט אַ קום־אָן צו פֿאָרן און — אויס מיט אַלעם!

די אַלטע לײַט, דערזעענדיק זי, זײַנען אַזוי צעטומלט געוואָרן, אַז זיי האָבן נישט געקאָנט קיין וואָרט אַרויסברענגען. דער אַלטער, אַנשטאָט זי אַרומנעמען און איר אַ קוש טאָן אויפֿן שטערן — ווי שטענדיק, ווען זי קומט אַהיים — האָט ער זיך איצט גאָר אָוועקגעדרייט פֿון איר און אָן אַ וואָרט אַרײַן אין פּראָגטשטוב. זאָל דאָס קינד נישט דערזען בײַ אים קיין טרער אין די אויגן! די באָבע איז אַפֿילו יאָ צוגעלאָפֿן און זי אַרומגעכאַפּט. איז זי דאָך אָבער אַ ייִדענע! האָט

זי אין מיטן דערינען געמוזט כאַפּן דעם שפּיץ פֿאַרטעך און זיך גענומען שנײַצן די נאָז...

איידער זי איז אַרײַנגעקומען אין שטוב האָט פֿייגעלע אַפֿילו אָפּגעמאַכט בײַ זיך צו זײַן פֿריילעך. אַדרבה! זי וועט זאָגן, אַז די וועלט גייט נאָך, חלילה, נישט אונטער און נישט צוליב דעם האָט זי אויפֿגעגעבן דאָס לערנען. איצט אָבער, בײַ דעם ברוך־הבא, איז די געמאַכטע פֿריילעכקייט גלײַך אַוועק. זי האָט אַפֿילו נישט געקאָנט ס׳מויל עפֿענען אײַנצושטילן די באָבע, וואָס האָט זיך ערשט צעוויינט אויפֿן קול. איר אַליין האָבן די טרערן גענומען שטיקן. וואָסער תּל אין דער קורצער צײַט איז געוואָרן פֿון זיידן! גאָר נישט דער אייגענער פּאַן קראַקאָווסקי! אײַנגעבויגן, אַלט, און ווי שטיל דאָ איז! אַזש טויב צו ווערן פֿון דער שטילקייט. נישטאָ מער קיין סימן פֿון סוחרים, פּויערים און באַלעגאָלעס, וואָס האָבן שטענדיק געווימלט אין די שטובן. שטיל איז הינטער די פֿענצטער. מען זעט מער נישט די געלאָדענע וועגן תּבֿואה. פּוסטע פֿעלדער, נאַקעטע, האַרבסטיקע, פֿאַרלאָזענע, קוקן אין די שטובן אַרײַן. פֿייגעלע האָט געפֿילט ווי די פֿיס נעמען זיך ברעכן אונטער איר. אָט־אָט און זי פֿאַלט־אַוועק אין מיטן שטוב. זי איז גיך אַרײַן צו זיך אין חדרל, וואָס וואַרט שטענדיק גרייט אויף איר אַהיימקומען, און דאָרטן געטאָן אַ פֿאַל אויף איר בעט מיטן פּנים אין די גרויסע קישנס אַרײַן. זי האָט לאַנג געהעשעט. די באָבע, אַליין אַ פֿאַרוויינטע, האָט זי געגלעט איבער די אַקסלען, איבערן קאָפּ:

— טײַער קינד, נו, שוין, גענוג, הער־אויף! דער אייבערשטער פֿאַרלאָזט נישט קיין וואָרעם אונטער דער ערד, וועט ער אונדז אויך נישט פֿאַרלאָזן!

אויך סטעפּאַ, דאָס פּוילישע דינסטמיידל, וואָס איז דאָ אין הויז אויפֿגעוואַקסן צוזאַמען מיט פֿייגעלען, איז אַרײַנגעקומען אַזוי שטיל און פֿאַרשעמט, גלײַך ווי זי וואָלט שולדיק געווען אין דעם אומגליק, וואָס די איריקע האָבן אָנגעשיקט אויף דעם הויז.

— פּאַניענקאָ! — האָט זי געזאָגט מיט אַ ציטערדיקן קול — אפֿשר אַ גלאָז טיי פֿרישע, ווי די פּאַניענקאָ האָט ליב?

נאָר פֿייגעלע האָט זיך נישט אומגעקוקט, נאָר ערשט איצט האָט זי איינגעבראָכן דעם קאָפּ און הויך געשליוכצט.

נאָך דער דאָזיקער באַגעגעניש האָט זיך פֿייגעלע נישט געוואָלט ווײַזן אַרויס פֿון איר חדרל. עפּעס האָט זי זיך געשעמט צו קוקן דעם זיידן אין די אויגן אַרײַן. איצט, ווען דער זיידע איז נעבעך, געבליבן אויפֿן וואַסער, הענגט זי אים ווי אַ שטיין אַרום האַלדז. צוליב דעם האָט זי זיך אויך אין גאַס געשעמט אַרויסצוווײַזן. איר האָט זיך נאָר געדאַכט, אַז יעדערער טײַטלט אויף איר: „אָט גייט זי, די גרויסע העלדינע; דער זיידע האָט אויפֿגעהערט צו שיקן, איז אויס סטו־דענטקע!“...

— 4 —

אין פֿייגעלעס שטאָט, אויף אַ זײַטיק געסל, איז געשטאַנען אַ קליין אָפּגעזאַונדערט הײַזל, אַ נידעריקס, מיט אַ גרין, מאָכיק דעכל. איבער דער טיר פֿון דעם הײַזל האָט געהאַנגען אַ קליין שילדל מיט גרויסע, צעפּאָרענע אותיות, וואָס עמעצער, נישט קיין שילדן־מאָלער, האָט אַליין אויפֿגעמאָלט. פֿרומע ייִדן, אַז זיי זײַנען דורכגעגאַנגען די גאַס, האָבן אויסגעשפּיגן אין דער זײַט, ווו דאָס הײַזל מיט דעם שילדל איז געשטאַנען. וואָרעם אין שטאָט האָט מען געשמועסט, אַז אַלדאָס בייז קומט־פֿאָר אין דעם שטיבל, וואָס די יונגען מיט די מידן רופֿן ביבליאָטעק.

גאַנצע טעג פֿלעגט די טיר פֿון דעם הײַזל זײַן פֿאַרשלאָסן. בלויז אין די אָוונטן און שבתים קומען זיך אַהער צונויף שנײַדער־געזעלן, שוסטער־יונגער, קצבים, דינסטמיידלעך, שנײַדערקעס און אויך באַ־לעבאַטישע קינדער. עס ווערט דענסטמאָל ליכטיק אין דעם שטיבל. די גרויסע פּאָרטרעטן פֿון מענדעלע מוכר ספֿרים, פֿון פּרץ און שלום עליכם, וואָס הענגען אַ גאַנצן טאָג אויף די בלוילעך־געקאַלכטע ווענט אַזוי פֿאַרלאָזן, לעבן פּלוצעם אויף. עס דאַכט זיך, ווי זיי שמייכלען פֿון די ווענט אַראָפּ צו דעם געקומענעם יונגוואַרג. די ביכלעך, טייל מיט צעריסענע רוקנס, פֿאַרפּעצטע און אַלטע, וואָס שטייען אַ גאַנצן טאָג

צוזאַמענגעדריקטע אויף די פּאַליצעס, ווערן ווידער אַראָפּגענומען און געעפֿנט. וואַרעמע הענט מישן זייערע בלעטלעך. הונגעריקע אויגן שלינגען ווידער זייערע געדיכט־געזעצטע שורות. און עס איז שטיל אין דעם שטיבל, אַזוי שטיל אַז מען הערט דעם שאָרך פֿון יעדן איבערגעמישטן בלעטל.

פּונקט ווי דאָס הײַזעלע אין זײַטיקן געסל, אַזוי שטייט אין מיטן מאַרק אַ גרויס רויט־געמויערט הויז. אויך דאָ הענגט אַ שילדל, אַ קליינס, אָבער אַ האָפּערדיקס, מיט אַ הערב, פּינקטלעך און קונציק אויסגעמאָלן. און די טיר איז דאָ נישט פֿאַרשלאָסן. פֿאַרקערט, שטענדיק איז זי אָפֿן און שטענדיק ווימלט עס פֿאַר דער טיר מיט אָנגעפּאָרענע פּויערים פֿון די אַרומיקע דערפֿער און אויך מיט שטאָטישע ייִדן, אַלע אַזעלכע הכנעהדיקע, מיט די היטלען אין די הענט. ווער עס קומט אײַנשרײַבן אַ נײַ־געבוירן קינד און ווער אַרויסקריגן אַ פּאַפּירל אויף אַ פֿערד. ווער עס קומט אָפּווײַנען אַן אומפֿאַרדינטע שטראָף און ווער ס׳ברענגט אַ שטילע מתּנה פֿאַר אַ נישט־געטוענע טובֿה...

צווישן די צוויי הײַזער, דעם רויט־געמויערטן מיטן הערב איבער דער אויפֿגעפּראַלטער ברייטער טיר און דעם קליינעם נידעריקן הײַזל מיט דעם נעבעכדיקן שילדל איבער דער כּמעט שטענדיק פֿאַרשלאָסענער טיר, קומט־פֿאָר אַ כּסדרדיקער קידער־ווידער. דאָס רויט־ציגלנע הויז האַלט אין איין קליגלען זיך, ווי אַזוי בײַצוקומען דאָס קליינע הײַזעלע, אַזוי אַז אַפֿילו וואַרשע זאָל שוין נישט קאָנען אַראָפּנעמען דאָס שלעסל פֿון טירל. און דאָס קליינע אָרעמע שטיבל האַלט אין איין זיך ווערן און נישט לאָזן. און די גאַנצע שטאָט מוז, נעבעך, צוקוקן זיך צו דעם כּסדרדיקן אַמפּערניש.

אָנגעמאַכט די גאַנצע צרה מיט דער ביבליאָטעק האָט איינער, גאָדעלע מעכליעס. די שטאָט וואָלט זיך פֿריִער געריכט אַ טויט אויף אים איידער אַזאַ מעשׂה. וואָרעם דער גאָדעלע מעכליעס איז נישט אַבי ווער. נאָך קליינערהייט, ווען דער טאַטע זײַנער, הערשעלע מעכ־

ליעס, איז נפֿטר געוואָרן, האָט דער רבֿ אין מיטן הספּד געזאָגט, אַז ווען דער נפֿטר זאָל, חלילה נישט געווען האָבן קיין אייגענע זכיות, וואָלט ער אין זכות פֿון גאָדעלען אויך געקראָגן אַ גאָלדענע שטול סאַמע אויבן־אָן אין גן־עדן. צו דרײַצן יאָר, ווי נאָר גאָדעלע האָט דערלעבט בר־מצוה צו ווערן, האָט ער שוין געקראָגן סמיכה אויף רבנות. מיט גאָדלען האָט זיך די שטאָט געבענטשט און געשפּיגלט אין אים ווי אין אַן אָבֿן־טובֿ. עפּעס אַ קלייניקייט, גאָדעלע מעכליעס? ווײַבער, גייענדיק צו טבֿילה, האָבן גאָט געבעטן, זיי זאָלן אָנגעגענען גאָדעלען, כּדי אין זײַן זכות זוכה צו זײַן צו אַזעלכע זין ווי ער איז. אַפֿילו ייִדן, לומדים, וואָס ווערן נישט נתפּעל פֿון אַ ליאַדע וואָס, האָבן דערציילט חידושים פֿון גאָדעלעס לערנען. וואָרעם אָט דער יונגערמאַנטשיק מיט די שוואַרצע, גלאַטע האָר און ברענענדיקע ציגײַנער־אויגן, פֿלעגט גיט זיצן איבער אַ גמרא און לערנען פּשוט ווי יעדער בן־אָדם. גאָדעלע מוז שטענדיק האָבן אַרום זיך אַ שטויס מיט ספֿרים, אַזש מען זעט אים אַליין נישט אַרויס. און לערנען לערנט ער פֿון עטלעכע ספֿרים מיט אַ מאָל. שטענדיק באַדאַרף ער נאָכזוכן, וואָס דער תּנא זאָגט און וואָס יענער תּנא לערנט. נעמט פּלוצעם דער גאָדעלע און ווערט אַ גאַנצער מחותּן מיט שנײַדער־יונגען און מיט שוסטער־געזעלן. מיט איין מאָל ווערט ער זייער מדריך! און נישט, חס־ושלום, מיט אַ שטיקל גמרא וויל ער זיי מדריך זײַן. זאָל גאָט אויסהיטן! מיט ביכער גאָר נעמט ער זיי פּלוצעם פֿאַרזאָרגן. און געטאָן די שמד־שטיק האָט ער גאָר בשתיקה. ווען מען זאָל גאָר געווען אײַנפֿאַלן, אַז הינטער די שטויסן גמרות פֿאַרנעמט זיך אַזאַ איינער גאָר מיט... טפֿו זאָל ער ווערן! אָט דער גאָדעלע האָט זיך דאָס געראַנגלט מיט דעם רויט־ציגלנעם הויז און נישט געלאָזט פֿאַרמאַכן דאָס קליינע שטיבל מיט די ביכער פּאָליצעס. יעדעס מאָל, וואָס דאָס רויט־ציגלנע הויז האָט אַראָפּגעשיקט אַהין אַ פּאָר מרגלים, אויסקוקן, אויסשמעקן און אויפֿהענגען אַ שלעסעלע, האָט גאָדעלע, דער טײַוול ווייסט אים ווי אַזוי, אָנגעשפּאַרט אין לובלין אָדער צו מאָל אין וואַרשע און שטענדיק געהאַט אַ מליץ־יושר. נישקשה, אין באַפֿרײַטן פּוילן

מעג זײַן אַ ביבליאָטעק! וואָלט כאָטש דער שמאַדאַלניק[5] דאָס אַלץ געטאָן אָפּן, מען זאָל וויסן! טוט ער דאָס אַלץ אַזוי, אַז קיינער קאָן אַפֿילו ניט זאָגן אויף זיכער, אַז עס איז טאַקע ער, גאָדעלע. אַדרבה, ער זיצט גאָר, ווי אַלע מאָל, אין בית־מדרש, איבער שטויסן גמרות. אַפֿילו די לאַנגע קאַפּאָטע מיטן ייִדישן היטעלע האָט ער נישט אויסגעטאָן, גלײַך מען מיינט גאָר נישט אים, גלײַך גאָר נישט איז מיט אים געשען.

— 5 —

פונקט ווי גאָדעלע איז געווען אַ מין סוד, אַזוי איז משה־מרדכילע געווען אַן אָפֿענער איין־און־דרײַסיק. אָט דער יונג האָט געשטאַמט פֿון גאָר אַן אַנדער גזע. דער טאַטע זײַנער, יודעלע שנײַדער, אַן אײַנגעדאַרט מענטשיקל, אַ סוכאָטניקל, האָט זיך אָפּגעטראָגן פֿון דער וועלט נאָך איידער משה־מרדכילע האָט שׂכל געהאַט אים רעכט אָנצוקוקן. די מאַמע, רויזע טשויש, אַ הויכע ייִדענע, אַ האַרטע, אַ ביינעריקע, אַ שייגאַץ, פֿאַר וועמען די ווײַבער האָבן געציטערט ווי פֿאַר פֿײַער, זי איז יונגערהייט געבליבן איינע אַליין מיט אַ געהינטעכץ[6] פֿון זיבן מײַלער. כּדי צו קאָנען פֿאַרשטאָפּן די זיבן פּיסקעס, האָט זי באַלד נאָך שבֿעה אָנגעטאָן אַ ברייט פֿאַרטעך אויפֿן אײַנגעפֿאַלענעם בויך, גענומען אַ פֿײַערטאָפּ אונטער זיך און געוואָרן אַ „זיצערקע" אין מאַרק. די אַלטע זיצערקעס, קאָזאַצקע ווײַבער איינע און איינע, האָבן גאָר מורא געהאַט אַ פּיפּס צו טאָן קעגן. פֿריִער נאָך וואָלטן זיי מורא געהאַט זיך אָנצוהייבן מיט רויזעלע טשויש, בפֿרט איצט, ווען מ'קאָן גאָר צו איר קאָפּ נישט גרייכן. עפּעס אַ קלייניקייט, אַזאַ יחסנטע, אַן אַלמנה מיט זיבן יתומים! ווינטער פֿלעגט רויזע טשויש האַלטן אויפֿן שטעלכל סלאָיען צוקערלעך אין אַלערליי קאָלירן און פֿאָרמען, געדרייטע ווי עגבערס און גלײַכע שטעקעלעך, געוויקלטע קאַראַמעלן און זעקלעך קערעלעך, קרענצלעך געטריקנטע

[5] אַזאַ וואָס איז גרייט פֿאַר אַבי וואָס זיך אָפּשמדן. — [6] אַ באַנדע הינט.

פֿײַגן און געצוקערטע לעקעכלעך. דער עיקר אָבער האָט זי געסמאַקט ליעט אַ װעלט זומערצײַט, װען די אויבסטן זײַנען אויפֿגעקומען. נישט אײן סאַדאָװניק האָט זיך פֿאַרשאָלטן ס׳געבײן, װאָס ער איז נישט בעסער געפֿאָרן מיטן װאָגן אויבסט אין דער אַנדערער שטאָט אײדער אַרײַנצופֿאַלן אין רויזע טשװישס הענט און מויל.

משה־מרדכילע, דער ייִנגסטער פֿון איר געהינטעכץ, איז צוליב דער מאַמעס פּרנסה געװאַקסן נעבן שטעלכל, צװישן די קוישן און פֿעסער. די פּאָר מלמדים, בײַ װעלכע ער האָט געלערנט עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד, האָבן קוים אַרײַנגעקלאַפּט אין זײַן קאָפּ אַ ביסל עבֿרי, און דאָס ביסל איז אויך אַרויסגעקומען װי פֿון אַ גויס מויל. אַז דער תּנא־באַרטעק [7] האָט צום טאַטנס יאָרצײַט געזאָגט קדיש, האָבן ייִדן, נעבעך, געקרעכצט אויס רחמנות צום מת, װאָס קאָן, אַװדאי נישט אײַנליגן אין קבֿר צוליב דעם זינדלס עבֿרי. דערפֿאַר אָבער איז משה־מרדכילע געװען גאָר אַ גרויסער עילוי אין שטעקן די קלײנע הענטלעך אין פֿרעמדע פֿעסער עפּל, און פֿלינק זיך כאַפּן אויף אַ סעדערס װאָגן און נאָך פֿלינקער אָפּציִען מיט פֿולע קעשענעס פֿלוימען און באַרן. די גאַנצע שטאָט איז געװען זיכער, אַז פֿון דעם תּנא־באַרטעק װעט שוין קײן לײַט ניט זײַן. צום סוף האָט משה־מרדכילע אַלעמען אַרויסגעשטעקט אַ צונג. מיט אַ מאָל איז דער תּכשיט פֿאַרלוירן געװאָרן פֿון מאַרק אַראָפּ. נישטאָ משה־מרדכילע! ער האָט זיך אַפֿילו נישט געװיזן נעבן דער מאַמעס שטעלכל. אַלײן, אָן דער מאַמעס װיסן, איז ער אַװעק צו אַ מיליטער־שנײַדער און זיך אָנגעדונגען אויף גאַנצע צװײ יאָר לער. דער שנײַדער, אַ ייִד מיט אַ געלער באָרד ברײט װי אַ לאָפּעטע, מיט אַ קײן עין־הרע דיקן בויך, מיט אַ זילבערנער קײט אויף דער צעעפּנטער װעסט, האָט אים צוגענומען אַזוי, אויף קאַטאָװעס. דער ייִד, אַלײן אַ פּוילער, האָט גאָר נישט געגלויבט, אַז משה־מרדכילע, דאָס פֿלינקע ממזרל, װעט האָבן זיצפֿלײש אויסצוזײַן די לער

---

[7] (פֿאַרפֿוילישט א גמרא־װערטל) אַזאַ צעלאָזענער „למדן״, װעמען מ׳לאָזט אַפֿילו אין חדר נישט אַרײַן.

און נאָך ווערן אַ בעל־מלאכה דערצו. משה־מרדכילע האָט אָבער אויך דעם מײַסטער אָפּגענאַרט. נישט נאָר האָט ער געוואָלט און זיך גער״סן צו קענען, נאָר ער איז טאַקע געווען געראָטן אויך. ממש גע־בוירן צו שנײַדערײַ. די אייגענע פֿלינקע הענטלעך, וואָס האָבן זיך אַזוי לײַכט געגליטשט אין פֿרעמדע פּעסער עפּל, האָבן זיך אויסגעטויגט פֿײַער־און־פֿלאַם צום געניי. נאָך איידער אַנדערע יונגען, עלטערע פֿון אים אין דער לער, האָבן זיך אונטערגעשטעלט צו נעמען אַ קרײַטל אין דער האַנט אַרײַן, האָט שוין משה־מרדכילע אַליין צוגעשניטן מונדירן און שיבעלן און זיך געכאַפּט צום פּאַסן. דער באַלעבאָס, וואָס איז אַליין געווען פֿויל צו דער אַרבעט, האָט געמיינט רעכט, אַז משה־מרדכי נעמט פֿון אים אַראָפּ דעם עול פֿון ווערקשטאַט. אַבי ער האָט נאָר אײַנגעזען אַז ער קאָן זיך אויף דעם יונג פֿאַרלאָזן, האָט ער אים צוגעלאָזט צו אַלץ, כּדי ער אַליין זאָל קאָנען זיצן רויִק פֿאַר דער טיר, זופּן אין גרויסן בויך אַרײַן קאָכעדיקע גלעזער טיי און צולייגן די האָריקע אויערן צו די שמועסערײַען, וואָס די קרעמערס האָבן אָנגעפֿירט. אים איז גאָר נישט אײַנגעפֿאַלן, אַז משה־מרדכי טראָגט זיך שוין בײַ צײַטן אַרום מיט אַן אַמביציעלע אים אָפּצוזירשענען די שנײַדערײַ מיט דער קליִענטעלע זײַנער.

די קליִענטן, אָפֿיצירן און פּאָליציי־לײַט, האָבן משה־מרדכין גאָר גערן געהאַט. זיי איז געפֿעלן געווען, וואָס דער יונג, כאָטש ער האָט קיין שולבאַנק פֿאַר די אויגן נישט געזען, רעדט פּויליש ווי אַן אמתער פּאָליאַק. חוץ דעם האָבן זיי טאַקע ליב געהאַט זײַן אַרבעט. זיי האָבן גיך דערפֿילט, אַז דער מײַנסטער מעג זיך גיין לערנען בײַ משה־מרדכין. אַז דער יונג פּאַסט־אויס אַ מונדיר, ליגט ער ווי אַ פֿורעם אויסגעגאָסן. דעריבער, ווי נאָר משה־מרדכי האָט זיך פֿאַרלייגט אַ שנײַדערײַ, פּונקט אַנטקעגן דעם באַלעבאָס — זײַנען אַלע קליִענטן אַוועק צו אים. משה־מרדכי איז אַזוי אַרום גאָר יונג געוואָרן אַן אָנגעזעענער מענטש אין שטאָט. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו מישן און זאָגן דעות סײַ אין בית־מדרש און סײַ אין מאַרק. אויך אין דער ביבליאָטעק האָט ער עטלעכע מאָל אַרײַנגעשמעקט. ער האָט אָבער

דאָס לייען־שטיבל פֿײַנט געהאַט. צוליב צוויי סיבות האָט ער עס פֿײַנט געהאַט. ערשטנס, האָט ער נישט געהאַט דאָרטן וואָס צו טאָן. ביכלעך האָט ער קיין מאָל אין זײַנע הענט נישט געהאַלטן. לייענען ביכער וואָלט געוועזן קעגן זײַן נאַטור. ער איז געוועזן צו־אומרויִק צו קאָנען אײַנזיצן אַ שעה, בפֿרט נאָך זיצן איבערגעבויגן איבער אַ ביכל, קוקן מיט די אויגן און שווײַגן. אַז משה־מרדכי איז גאָר נישט געווינט געוועזן זײַן מויל זאָל אַ מינוט רוען, פּונקט ווי זײַן מאַמעס מויל אין מאַרק איז נישט געווינט צו רוען. דער עיקר אָבער האָט ער פֿײַנט געהאַט דאָס לייען־שטיבל צוליב גאָדעלען. דעם גאָדעלע־מעכליעס האָט ער נאָך פֿײַנט פֿון אַמאָל, ווען ביידע זײַנען נאָך קליינע יינגלעך געווען. נישט איין מאָל האָט אים די מאַמע גוט אָנגעבויקערט[8] צוליב גאָדעלען. אַ ליאַדע וואָס האָט זי אים אַרויסגעשטעלט גאָדעלען. גאָדעלע באַגערט צו לערנען און ער לויפֿט־אַרום אין מאַרק, מיט גאָדעלען בענטשט זיך די גאַנצע שטאָט און מיט אים שטעכט זיך יעדערער אויס די ציין!

משה־מרדכי האָט דעריבער שטענדיק געטראָגן אַ האַרץ אויף גאָדעלען. ווען נאָר ער האָט געפּאַקט גאָדעלען, איז ער אים באַפּאַלן שלאָגן. ער האָט אויך אָנגערייצט אויף אים אַנדערע גאַסן־יינגלעך. זיי פֿלעגן גאָדעלען אויסרײַסן די לאַנגע פּאות. זיי פֿלעגן בכיוון אים אַראָפּרײַסן ס׳היטל, שטיין און לאַכן, ווי גאָדעלע שרײַט געוואַלד און ווי ער דעקט זיך צו דעם אָפּגעדעקטן קאָפּ מיט די בלויזע הענט. גאָדעלע פֿון זײַן זײַט האָט משה־מרדכין נישט ווינציקער פֿײַנט געהאַט. וואָרעם פּונקט ווי דער לאָבוז האָט פֿײַנט דעם לערנער פֿאַר זײַן געכאָליעט[9] ווערן, פֿאַר זײַן איידלקייט, אַזוי האָט דער לערנער פֿײַנט דעם לאָבוז פֿאַר זײַן געפּאַלנקייט, פֿאַר זײַן גראָבקייט. דערצו נאָך האָבן ביידע, סײַ משה־מרדכי און סײַ גאָדעלע, געהאַט די נטיה צו הערשן, צו באַפֿעלן. עס איז, דעריבער, געווען נאַטירלעך, די צוויי פֿאַרשוינען זאָלן בכיוון זיך אויסמײַדן און, ווען זיי האָבן זיך

---

[8] געשלאָגן, אָנגעלייגט די זײַטן. — [9] געצאַצקעט, געצערטלט.

יאָ באַגעגנט, אַוועקצודרייען די קעפּ, נישט צו קוקן איינער אין אַנדערנס זייט אַריין.

— 6 —

משה־מרדכי איז צוליב דעם נישט געקומען אין ביבליאָטעק. דאָרטן איז גאָדעלעס מלוכה! זיין קיניגרייך איז גיכער געווען דער פוילישער באַר, אַ מין פיינערע שענק, וווּ איבערן בופעט האָבן געהאַנגען צוויי גרויסע הירשנקעפּ און אין מיטן זאַל זיינען געשטאַנען צוויי גרויסע, שווערע, גרין־געדעקטע ביליאַרד־טישן. נישט אַזוי צוליבן טרונק איז משה־מרדכי אַהין געקומען. ער האָט דאָרטן געמוזט זיין צוליב געשעפט. דאָרטן האָט ער זיך געטראָפן מיט זיינע קונדן. געשפּילט אַמאָל מיט זיי אַ פּאַרטיע ביליאַרד, געשטעלט אַ פלאַש קאָניאַק, זיך געקלאַפּט אין די קני מעשה אייגענער מענטש און זיך טאַקע געפילט נעבן די מאַכטהאָבערס ווי אַ מאַכט, ווי אַ כּוח. אין דעם באַר האָט זיך משה־מרדכי איין מאָל דערוווּסט, אַז נאָר־וואָס האָט מען פאַרמאַכט די ביבליאָטעק. מילא! קיין גרעסער אומגליק זאָל משה־מרדכין נישט צעהאַנען[9] קומען! אָסור אויב עס וואָלט אים אַפילו איינגעפאַלן נאָך איין טראַכט צו טאָן וועגן דער מעשה. אַדרבה! אַ שיינע, ריינע כּפּרה! אויס מיט גאָדעלעס מלוכה!

די מעשה האָט גראָד געטראָפן אין מיטן ווינטער, ווען די נעכט זיינען לאַנגע, פינצטערע און נאַסע. ס'יונגוואַרג פון שטאָט איז אַרומגעגאַנגען ווי אָן אַ קאָפּ. זיי האָבן געקלאַפּט אין אַלע טירן. גאָדעלע האָט זיך שטילערהייט געקליבן קיין לובלין זוכן דאָרטן, דורך זיינע מענטשן, מען זאָל אַראָפּנעמען ס'שלעסל. דער קאָמענדאַנט. דער פויער מיט די לאַנגע, אַראָפּהענגענדיקע וואָנצעס, האָט זיך דאָס מאָל איינגעשפּאַרט:

— אַפילו לובלין וועט אים נישט צווינגען צו האָבן אַ „זשידאָווסקע" ביבליאָטעק ביי זיך אין שטאָט!

---

[9] געזאָלט (?).

גאָדל מעכליעס האָט געוווּסט, אַז עס שטייט־פֿאַר אַ שווער שטיקל אַרבעט. עס וועט נאָך אַפֿשר אָנשפּאַרן אין וואַרשע. עס וואָלט דערי־בער בעסער געווען, ווען מען קאָן דאָ פּועלן ביי דעם גוי. און דער איינציקער, וואָס וואָלט געקאָנט פּועלן, איז משה־מרדכי. ער האָט דעריבער שטילערהייט איבערגעשמועסט מיט משה־מרדכיס אַ געזעל, יענער זאָל אַ טאָפּ טאָן ביי אים.

משה־מרדכי האָט גאָר נישט געוווּסט, אַז גאָדעלע וויל אים איינ־שפּאַנען אין זיין וואָגן. עס איז אים דעריבער פֿאָרגעקומען ווילד דעם געזעלס רייד, ער זאָל גיין צום קאָמענדאַנט וועגן דער ביבליאָטעק. ער איז גרייט געווען אויסצובייטלען זיינע חלומות צום יונגס קאָפּ. וואָרעם ער האָט דאָך נישט מער וואָס צו טאָן, נאָר דרייען זיך אַ מוח מיט גאָדעלעס לייען־שטיבל!

משה־מרדכי האָט שוין געוואָלט צוריקנעמען די איינגעפּעדעמטע נאָרל און ווייטער לייגן די ווייסע פֿאַסטריגעס אויף דעם אָנגעהויבע־נעם מונדירל. דאָ איז אין אים פּלוצעם אויפֿגעגאַנגען אַ געדאַנק, איי־גנטלעך בלויז אַן אַמביציע, משה־מרדכיס אַלטע אַמביציע, צו ווייזן, אַז ער קאָן טאָן דאָס, וואָס אַנדערע קאָנען נישט.

מיט דער אַמביציע איז שוין אין משה־מרדכין אויך אויפֿגעקומען אַ גיריקער באַגער זיך אָפּצורעכענען מיט גאָדלען. וואָרעם, ווען, אַ שטייגער, אים געלינגט טאַקע צו פּועלן ביים קאָמענדאַנט, מען זאָל אַראָפּנעמען דאָס שלעסל, מעג זיך דער בית־מדרשניק געזעגענען מיט דעם לייען־שטיבל. ער וואָלט דאָך ביי אים נישט געטאָרט אַהין אַריינשמעקן!

משה־מרדכיס פֿאַנטאַזיע האָט זיך דאָ אַ צעשפּיל געטאָן. איצט וועט ער האָבן אַ געלעגנהייט צו ווייזן גאָדעלען ווער איז ווער. נאָר זאָגן דעם געזעל, וואָס ער טראַכט? דאָס — אַ מכּה! קודם דאַרף ער זיך נישט וויסנדיק מאַכן. שטילערהייט דאַרף ער געוויר ווערן, ווו די פּאַפּירן שפּאַרן־אָן. וואָרעם טאָמער זיינען זיי שוין אַרויס פֿון קאָ־מענדאַנטס רשות, איז בעסער מען זאָל גאָר ניט וויסן, אַז ער האָט

נאָר ס׳מויל אײַנגעריכט! מער פֿעלט דאָך נישט, נאָר גאָדעלע זאָל וויסן, אַז ער איז געגאַנגען און האָט נישט געפֿועלט!

— 7 —

גאָר אומגעריכט איז משה־מרדכי געוואָרן באַלעבאָס איבערן לייען־שטיבל. ווי זײַן שטייגער האָט ער אַלעמען געלאָזט פֿילן, אַז ער איז באַלעבאָס. קודם האָט ער אײַנגעפֿירט נײַע פּאַראַנדקעס[10]. אָנ־שטאָט יעדן אָוונט האָט ער איצט געעפֿנט דאָס לייען־שטיבל בלויז דרײַ מאָל אַ וואָך: מיטוואָך, פֿרײַטיק און שבת. ס׳שליסעלע האָט ער קיינעם פֿון דער האַנט נישט געטרויט. געהייסן כּלומרשט האָט דאָס, אַז אַזוי וויל די פּאָליציי. ער איז ערובֿ געווען, אַז מ׳וועט אין בי־בליאָטעק נישט טרײַבן קיין פּאָליטיק, עפֿנט ער נאָר דענסטמאָל, ווען ער קאָן אַליין דאָרטן זײַן. דאָס איז אָבער נאָר געווען אַן אויסרייד. אין דער אמתן האָט דאָס משה־מרדכי געטאָן צוליב גאָדעלען. זײַן גאַנץ דרייען זיך אַ קאָפּ מיט דער ביבליאָטעק איז דאָך געווען, ער זאָל קענען גאָדעלען אַרויסוואַרפֿן פֿון דאַנען, ווען אַלע זעען! גאָ־דעלע איז אָבער נישט געקומען. געקומען איז גאָר אַ מענטש, אויף וועמען מען וואָלט זיך קיין מאָל נישט געקאָנט ריכטן.

ס׳איז שוין געווען אַ שטיק אין ווינטער, אין אַ פֿרײַטיק־צו־נאַכט. ס׳לייען־שטיבל איז געווען געפּאַקט מיט בחורים און מיידלעך. טייל האָבן שטייענדיק איבערגעקוקט די צײַטונגען. אַנדערע זײַנען געזעסן אַרום טיש איבער אָפֿענע ביכלעך. משה־מרדכי אַליין, מעשׂה באַלעבאָס, האָט זיך געפּאָרעט אַרום ליַהעפּט. זינט ער איז אין ביב־ליאָטעק מוז יעדער אָפּברענגען די געליִענע ביכער אין צײַט. בײַ משה־מרדכין דאַרף זײַן אָרדענונג! ער איז ערובֿ דערפֿאַר.

עפּעס האָט ער גאָר געשײַנט, משה־מרדכי. דער שוואַרצער מיט ווײַס־געשטרײַפֿלטער אָנצוג איז געווען פֿריש געפּרעסט. די ברוינלעכע האָר נאַסלעך פֿאַרקעמט מיט אַ שאַרפֿן שרונט אין מיטן. אין ברוסטן־

[10] אָרדענונג (אין מערצאָל).

קעשענקעלע האָבן אַרויסגעשטעקט די שפּיצן פֿון אַ נײַ, בלוי־זײַדן טיכעלע. ער האָט זיך אויסגעפּוצט, משה־מרדכי, גלײַך ער וואָלט פֿאַרגעפֿילט, אַז אַן אומגעווײנלעכער גאַסט דאַרף קומען. פֿייגעלע קראַ־קאָווסקי דאַקעגן איז געווען אָנגעטאָן אין איר געווײנלעכן הולך. קיין סימן נישט פֿון איר סטודענטישקייט.

מיט פֿייגעלעס אַרײַנקומען איז אין לייען־שטיבל אָנגעשטאַנען אַ פֿײַנלעכע שטילקייט. דאָס געווײנלעכע ביסעלע ביבליאָטעק־שושקערײַ האָט אויך אויפֿגעהערט. אַלעמענס אויגן זײַנען געבליבן צוגעשמידט צו דער טיר, ווו פֿייגעלע איז געשטאַנען. עפּעס האָט זיך קיינער נישט געגלייבט, אַז דאָס איז טאַקע זי, פֿייגעלע קראַקאָווסקי.

פֿייגעלע האָט זיך צוליב דער אָנגעצויגענער שטילקייט גאָר פֿאַרלוירן. איר בלאַס פּנים איז אָנגעלאָפֿן געוואָרן מיט אַן אומנאַ־טירלעכער רויטקייט. זי האָט געהאַלטן די טירקליאַמקע און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. זאָל זי גיין ווײַטער אָדער זאָל זי צוריק אַרויס־גיין?

משה מרדכי, וואָס איז אַליין אויך געוואָרן צעטומלט, האָט זיך באַלד געפֿונען. ער האָט געפֿילט, אַז עס איז זײַן חוב דעם גאַסט אויפֿצונעמען:

— פֿרײַלין קראַקאָווסקאַ! — האָט ער מיט אַ שעמעוודיקן שמייכל געזאָגט, מ׳מעג נאָך צו אונדז אַרײַנקומען.

פֿייגעלע האָט גוט געפֿילט דעם לײַכטן פֿאַרוואָרף. זי איז אָבער געווען דאַנקבאַר דעם אומבאַקאַנטן יונגן־מאַן פֿאַרן אַרויסנעמען זי פֿון דער שטילער פֿאַרלעגנהייט:

— אַוודאי מעג מען! — האָט זי שמייכלדיק געענטפֿערט און זיך גענומען דערנענטערן צו דער ביכער־פּאָליצע.

פֿייגעלע האָט זיך גענומען פּאָרען אַרום די ביכער, כּדי צו אַנטרינען פֿון די באַהאַלטענע, נײַגעריקע בליקן. עס האָט אָבער נישט געהאָלפֿן. בלויז לפּנים וועגן איז די אָנגעצויגנקייט אָפּגעלאָפֿן. פֿאַק־טיש האָט זיך פֿייגעלע געפֿילט דאָ ענג. יעדנס בליק האָט זי באַגלייט, ווו נאָר זי האָט זיך געטאָן אַ קער.

נאָך אַ קורצער ווײַלע האָט פֿייגעלע אַרומגענומען דאָס נאָכגע־לאָזטע לאַקירענע רימענדל אַרום דער טאַליע און זיך געקליבן גיין. משה־מרדכי האָט אויפֿסנײַ דערפֿילט, אַז עס איז זײַן חובֿ איר אַרויס־צוווײַזן גאַסטפֿרײַנדלעכקייט. פֿייגעלע קראַקאָווסקי איז נישט אַבי ווער, וואָס קומט און גייט! זייער עלעגאַנט האָט ער געעפֿנט פֿאַר איר די טיר צום פֿעדערהויז. דאָרט איז ער איר פֿאַרלאָפֿן דעם וועג, אַרויס אין דרויסן. אַרויסקומענדיק פֿון פֿעדערהויז, איז ער אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ געדיכטער פֿינצטערניש. עס איז געווען אַזוי פֿינצטער, אַז עס איז געווען אוממעגלעך אָפּצושיידן דעם הימל פֿון אַרום. נישט מען האָט געזען אַ שטערן אויבן און נישט קיין ליכטפֿונק אונטן. די ני־דעריקע הײַזלעך, אין בײדע זײַטן גאַס, זײַנען געווען ווי אײַנגעשלונ־גען אין דער געדיכטקייט, ווי פֿאַרשוווּנדן. דערצו נאָך זײַנען די בלאָ־טעס געווען טיף איבער די קנעכלען.

משה־מרדכי האָט געקוקט צו פֿייגעלען, וואָס איז געשטאַנען נעבן אים אין דער פֿעדערהויז־טיר. עפּעס האָט ער נישט געקאָנט פּועלן בײַ זיך, זי צו לאָזן אַוועק אַליין, אין דער פֿינצטערניש. ער האָט אָבער נישט געוווּסט, צי די סטודענטקע וועט גערן זען, ער, אַ פֿרעמ־דער בחור, זאָל זי אָפּפֿירן. זי קאָן זיך נאָך באַליידיקן פֿון אַזאַ פֿאָר־שלאָג. זי קאָן אים נאָך האַלטן פֿאַר אַ פּראָווינצער חיה. פֿון דעסט וועגן, אַז פֿייגעלע האָט געזאָגט „אַ גוטע נאַכט” און געוואָלט נעמען גיין, האָט ער זיך אונטערגעשטעלט און אַ פֿרעג געטאָן:

— פּאַננאַ קראַקאָווסקאַ! מעג איך אײַך אַרויסבאַגלייטן צו דער לאַמטערן אין מאַרק?

— איר גייט דאָך אָבער אָן אַ מאַנטל.

— דאָס איז אַ קלייניקייט! — האָט משה־מרדכי שוין דרייסט געענטפֿערט.

— אַז איר ווילט — האָט פֿייגעלע געזאָגט — האָב איך גאָר נישט קעגן.

— 8 —

מיט אַ מאָל האָט משה־מרדכי אָנגעהויבן האָבן צײַט. מיט איין מאָל האָט ער אָנגעהויבן עפּענען דאָס לייען־שטיבל יעדן אויפֿדער־נאַכט. נאָך מער: ער האָט זיך אויפֿגעהערט צו צאַפּלען איבער דעם שליסעלע, אַדרבה, ער האָט עס אַליין פֿאַרגעלייגט פֿייגעלען, זי זאָל דאָרטן קומען, ווען נאָר זי וויל, און טאָן דאָרטן וואָס זי וויל.

משה־מרדכי האָט געוווּסט, אַז דאָס יונגוואַרג סודעט זיך איבער זײַן פּלוצעמדיק האָבן צײַט... אַז אין דער שטיל לאַכט מען, וואָס ער איז אַזוי פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון קראָקעווערס אייניקל. אים האָט דאָס אָבער נישט געאַרט. אַדרבה, ער האָט געוואָלט, מ׳זאָל וועגן דעם ריידן פֿראַנק־און־פֿרײַ. אַליין האָט ער נישט געוואַגט פֿייגעלען צו מאַכן אַן אָנצוהערעניש. פֿון דער זײַט אָבער — האָט ער געוואָלט — זאָל עס צו איר יאָ גרייכן. זאָל זי וויסן, וואָס ער פֿילט צו איר. און די שטאָט? ווײַל מען מיינט, אַז עס איז נישט מעגלעך, וועט ער אַלע־מען ווײַזן, אַז עס איז יאָ מעגלעך! כאָטש, צוריקגעשמועסט, פֿאַר וואָס זאָל עס נישט מעגלעך זײַן? משה־מרדכי איז דען הײַנט עפּעס סתם אַ שנײַדעריונג? אַזאַ געשעפֿט, ווי ער האָט שוין איצט בחורווײַז, וואָלטן זיך אַנדערע, אַלטע, אײַנגעפֿונדעוועטע מײַנסטערס געוווּנטשן צו האָבן. בפֿרט נאָך, ווען דער אַלטער קראָקעווער איז נישט מער וואָס אַמאָל. ווי מען שמועסט אין שטאָט, האַלט שוין דער אַלטער בײַם פֿאַרקויפֿן ס׳הויז און ערשט נאָך דעם איז נאָך אַ סבֿרא, צי ער וועט אַרויס נקי. און זי אַליין, פֿייגעלע? וואָס קאָן זי איצט שטיין אין גרויסן? זי איז דאָך אַפֿילו נישט קיין געענדיקטע סטודענטקע, פֿאַר וואָס זאָל זי אים איצט נישט וועלן?

משה־מרדכי האָט זיך איצט געפֿילט גאָר האָפֿערדיק. מיט אומ־געדולד האָט ער געוואַרט אויף די אָוונטן. דערנאָך האָט ער מיט נאָך מער אומגעדולד געוואַרט, מען זאָל פֿאַרמאַכן די ביבליאָטעק, ער זאָל קאָנען פֿייגעלען אָפּפֿירן אַהיים. און נאָך יעדן מאָל אָפּפֿירן איז ער געוואָרן אַלץ דרייסטער. איין מאָל האָט ער זי אַפֿילו גענומען אונ־

טערן אָרעם. ער האָט דאָס נישט, חלילה, געטאָן גלייַך, ווי אַ גראָבער יונג. פֿריִער האָט ער פֿאַר איר געצויגן די הוט און געבעטן דער־לויבעניש, פּונקט ווי די פּריצים טוען עס. און אַז פֿייגעלע האָט מיט אַ שמייכל אים געזאָגט: „אָוושעם״ [11], האָט ער דערפֿילט ווי ס'האַרץ קערט זיך אים איבער פֿון פֿרייד. טאַקע דענסטמאָל האָט ער איר געוואָלט זאָגן, ווי ליב ער האָט זי, ווי ער טראַכט שטענדיק פֿון איר, ווי זי איז אים אַרייַן אין האַרץ גלייַך בייַם ערשטן מאָל זי זען אין ביבליאָטעק. ער האָט אָבער נישט געוווּסט, ווי אַזוי מ'הייבט־אָן מיט אַ סטודענטקע אַזאַ געשפּרעך. מיט אַן אַנדער מיידל, זייַנס גלייַכן, וואָלט ער שוין געוווּסט. אַזאַ איינע טוט ער אַ נעם־אַרום, אָן קונצן, און טוט איר אַ קוש, אַפֿילו ווען זי וויל נישט. פֿייגעלע איז אָבער עפּעס אַנדערש. האָט ער מיט איר גערעדט וועגן אַנדערע זאַכן, וועגן זייַן געשעפֿט, וועגן די אָפּיצירן וואָס טוען זיך אָן בייַ אים.

פֿייגעלע האָט גוט געוווּסט פֿון משה־מרדכיס טראַכטענישן. דאָס, וואָס דער קאַוואַליער גערעדנקט אַלע מאָל זיך אָפּצושטעלן מיט איר פֿאַר זייַן געוועלב, אונטער דער שילד, וווּ עס איז אויסגעמאָלט אַן אָפּיצירסקער מונדיר מיט גענעראַלסקע באַרשטן־שליפּעס, און אונ־טער דעם שרייַט־אַראָפּ זייַן נאָמען שייַנפּעלד, ווי ער וואָלט איר אָנ־געוויזן: „זעסט ווער איך בין? נישט משה־מרדכי טשוויש, נאָר מ. מ. שייַנפּעלד!״, האָט פֿייגעלען קלאָר געזאָגט ווי זי האַלט מיט דעם יונג. פֿייגעלען האָט די גאַנצע מעשׂה שטאַרק אַמוזירט. אין איר ריידן צו אים האָט זיך געפֿילט אַ געוויסע איראָניע, ווי בייַ אַ דערוואַקסענעם, ווען ער ווייַזט־אַרויס איבערגעטריבענעם ערנסט אין שמועסן מיט אַ קינד. משה־מרדכי האָט אָבער די איראָניע נישט געפֿילט. ער איז געווען אַזוי זיכער מיט זיך, אַז אים האָט גאָר נישט געקאָנט אײַנפֿאַלן, אַז זי לאַכט פֿון אים, ווען זי זאָגט, אַז אַ מיידל דאַרף זיך פֿילן גליק־לעך צו קריגן אַזאַ בחור און נאָך מיט אַזאַ געשעפֿט דערצו. בפֿרט

---

[11] יאָ, אַדרבה!

ווען זי טוליעט זיך דערבײַ אַזוי צו אים, אַז עס פֿאַרכאַפּט אַזש דער אָטעם.

ווען מען פֿרעגט פֿייגעלען פֿאַר וואָס זי טוט דאָס, וואָלט זי זיכער נישט געוווּסט וואָס צו ענטפֿערן, סײַדן אָט אַזוי, אַ שפּאַס, אַ שפּיל... און עס איז טאַקע געווען פֿאַר איר אַן אײַנגענעמער שפּאַס און אַ נאָך אײַנגענעמערער שפּיל. די פֿרוי אין איר האָט זיך געפֿילט צופֿרידן, וואָס דער בחור איז אַזוי אָפּגעקאָכט געוואָרן. אין איר איצטיק כמור־נעם לעבן אין דעם קליינעם שטעטל איז אַזאַ שפּאַס ממש אַן אָפּפֿרי־שונג, ווי אַן אומדערוואַרט ביסל זונשײַן.

— 9 —

גאָדעלע האָט דורך זײַנע מענטשן גוט געוווּסט, וואָס אין לייען־שטיבל קומט־פֿאָר. מ'האָט אים נאָך בײַ צײַטנס אָפּגעטראָגן, אַז נישט משה־מרדכי איז דאָרטן איצט באַלעבאָס, נאָר פֿייגעלע טוט דאָרט וואָס זי וויל. נישט נאָר לייען־און־שפּיל־אָוונטן אָרדנט זי אײַן, נאָר זי האַלט אויך גאַנץ אָפֿט לעקציעס אויף פּויליש און אויף ייִדיש. גאָדעלע איז דעריבער געווען זייער נײַגעריק צו גיין אַ קוק טאָן, וואָס דאַרטן הערט זיך.

פֿייגעלע האָט גאָדלען נישט געקאָנט. זי האָט בלויז געוווּסט, אַז אין שטאָט געפֿינט זיך איינער, אַ גאָדעלע מעכליעס, אויף וועמען דער זיידע אירער האָט אַמאָל געזאָגט, אַז אַזאַ קאָפּ, אַזאַ עילוי דאַרף מען ווײַט זוכן! געזען האָט זי אָבער דעם גאָדעלען קיין מאָל נישט! דאָך, ווי נאָר גאָדעלע האָט געעפֿנט די טיר פֿון ביבליאָטעק, האָט פֿייגעלע גלײַך דערפֿילט, אַז דאָס מוז ער זײַן. עפּעס האָט איר געטאָן אַ קלאַפּ אין האַרץ, ווי דער מענטש וואָלט איר עפּעס אָנגעקערט, ווי ער וואָלט מיט איר געווען פֿאַרבונדן דורך אומזעבאַרע פֿעדעם.

שוין אין זײַן אַרײַנקום האָט די סטודענטקע דערפֿילט, אַז אַזאַ איינער וואַלגערט זיך נישט אין אַלע ווינקעלעך. עפּעס האָט אַן אומ־געוויינלעכער כּוח געווייעט פֿון דעם ציגײַנער־בחור. זײַנע דינע, פֿאַר־שלאָסענע ליפּן האָבן געברענט מיט עקשנות. קיינער וואָלט, דאַכט

זיך, אַזאַ עקשנות נישט געקאָנט איבערגעוועלטיקן. זײַנע שוואַרצע, גלייזקע אויגן האָבן געקאָנט דאָס קאַלטסטע האַרץ צעשמעלצן.

כאָטש פֿייגעלע איז געווען זיכער, ווער דאָס איז, האָט זי דאָך זײַטיק אַ פֿרעג געטאָן משה־מרדכין:

— איז דאָס נישט אַ מאָל גאָדעלע?

משה־מרדכי האָט נישט באַלד געענטפֿערט. ער איז געזעסן ווי צעמישט. זײַן גראָב, פֿאַרריסן נעזל איז פּלוצעם געוואָרן ווײַס. די זומער־שפּרענקעלעך אויף זײַן פּנים, וואָס בלײַען שטענדיק געדיכט און טונקל, זײַנען מיט איין מאָל ווי אויסגעלאָשן געוואָרן. גאָדעלעס פּלוצעמדיק אַרײַנשטעלן זיך אין ביבליאָטעק האָט אים ממש פּאַראַליזירט. דער עיקר דאָס, וואָס ער קאָן איצט, צוליב פֿייגעלען, גאָר נישט טאָן דעם בית־מדרשניק. אַ צווייענדיקע איפֿערזוכט האָט משה־מרדכין איצט געריפּעט. אים האָט געברענט די פֿרייד, מיט וואָס די לייענערס האָבן גאָדלען באַגעגנט. אָבער נאָך מער האָט אים געשטאָכן דאָס, וואָס פֿייגעלע איז אַזוי הינגעריסן געוואָרן, ווי נאָר זי האָט אים דערזען. נאָך איצט נעמט זי פֿון אים קיין אויג נישט אַראָפּ און אויך ער, כאָטש ער קוקט, דאַכט זיך, אין אַ ביכל אַרײַן, האַלט ער גאָר אַ ממזריש אייגל אויף פֿייגעלען.

— יאָ, דאָס איז ער... — האָט זיך משה־מרדכי ענדלעך דערמאָנט.

פֿייגעלע האָט אין דעם זאַג דערפֿילט אַ געוויסע ביטערקייט געמישט מיט ביטול. זי האָט פֿאַרשנדיק אַ קוק געטאָן אויף משה־מרדכין, געוואָלט דערגיין, פֿון וואַנען בײַ אים אַזאַ ביטול און ביטערקייט צו גאָדעלען. האָט זי שטיל צו אים געזאָגט:

— באַקאָנט מיך מיט אים!

משה־מרדכין האָט אַזש אָנגעהויבן שטיקן אין האַלדז. וואָס וויל דאָס מיידל פֿון אים? ער האָט, נעבעך, געזוכט זיך אַרויסצודרייען פֿון דעם קנויל, וואָס זי וויקלט, אַזוי נישט וויסנדיק, אַרום אים. פֿייגעלע האָט אים אָבער נישט אָפּגעלאָזט. זי האָט זיך נישט געקאָנט העלפֿן. שוין דאָס אָטעמען די זעלביקע לופֿט, וואָס גאָדל אָטעמט,

האָט זי געמאַכט אומרויִק. זי האָט געפֿילט, זי מוז מיט איםריידן, זי מוז אים קאָנען, זי מוז פֿילן די וואַרעמקייט פֿון זײַן האַנט!

משה־מרדכי האָט געזען, אַז פֿייגעלע הייבט אים עפּעס אָן פֿאַרדעכטיקן. ער האָט זיך געטאָן אַ ציִ־אַרויף אויף זײַן פּנים אַזאַ תּמעוואַטע שמייכעלע, ווי ער וואָלט גאָר נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס זי האָט דאָ אין דעם בית־מדרשניק דערזען, און אַ רוף געטאָן:

— גאָדל! פּאַננאַ קראַקאָווסקאַ וויל זיך מיט דיר באַקענען!

גאָדל איז צוגעקומען צום קליינעם טישעלע, וווּ פֿייגעלע איז געזעסן. ער האָט צו איר אויסגעשטרעקט די האַנט און אַ זאָג געטאָן:

— איך האָב אײַך געקאָנט.

— און איך אײַך נישט! — האָט פֿייגעלע זיך געוויטלט.

משה־מרדכי האָט זיך דערפֿילט איבעריק. פֿייגעלע האָט אים מער נישט געזען. פֿאַר גאָדלען האָט ער במילא נישט עקסיסטירט. ווען ער שעמט זיך נישט, וואָלט ער זיך גלײַך אָנגעטאָן און אַוועק. ער האָט אָבער געמוזט זיצן, כּלומרשט מיט אַ ביכל אין האַנט, און צוקוקן ווי די צוויי נאַר־וואָס באַקאַנט־געוואָרענע האָבן זיך אַרומגעכאַפּט איינער מיטן אַנדערן, גלײַך זיי וואָלטן זיך שוין געקאָנט פֿון לאַנג, נאָר האָבן זיך פּונקט אַזוי לאַנג נישט געזען. אין זייער הינגעריסנקייט האָבן זיי גאָר פֿאַרגעסן, אַז עס איז אַ ביבליאָטעק און מען טאָר דאָ נישט ריידן. אַפֿילו ווען זיי האָבן זיך אין דעם דערמאָנט, האָבן זיי אויך נישט אויפֿגעהערט, נאָר רײדנדיק געכאַפּט די מאַנטלען און אַרויס אויף דער גאַס. פֿייגעלע האָט אַפֿילו יאָ געדענקט אים אַ רוף צו טאָן:

— קומט, שיינפֿעלד! איר גייט?

דאָס איז אָבער געווען פֿון יוצא וועגן, וואָרעם זי האָט זיך אַפֿילו נישט אומגעקוקט, צי ער גייט יאָ אָדער נישט. אַ טאַנצנדיקע איז זי אַרויס און גאָדלען גלײַך נאָך איר.

דרויסן איז געלעגן אַ פֿריש אויסגעפֿאַלענער שניי. אַ ווײַסקייט האָט געבלענדט אַרום־און־אַרום. די לבֿנה, אַ פֿולע, אַ ווײַסע איז געשווומען און געשפּרייט אַזאַ זעלטענע רו. און עס איז געווען אַזוי

שטיל! די לופט — לויטער, און דער גאַנג — גרינג! כאָטש שפּרייט־אויס די הענט ווי פליגל און פלי... און גאָדלען און פייגעלען האָט זיך טאַקע געדאַכט, אַז זיי פליען. זיי האָבן גאָר נישט געזען, ווי זיי זײַנען אַריבער דעם קראָקעווערס הויז און געשפּאַנט ווײַטער, אַרויס אין דער פּישופּדיקער נאַכט אַרײַן.

אויף דעם גאַנג האָבן פייגעלע קראַקאָווסקי און גאָדל סאַמעט זיך געפונען. אויף דעם גאַנג האָבן ביידע דערזען, ווי זיי זײַנען געשמידט צום זעלביקן גורל: זי צו איר יחוס און ער צו זײַן עילוייש־קייט. פּונקט ווי זי קאָן ער אויך נישט טראַכטן פון נעמען זיך צו גאָדל און פינגערהוט. ער, דער עילוי פון שטאָט? ווער וועט דאָס וועלן אים אַוועקגעמען פון דער גמרא און זיך מיט אים שאַפן ווי מיט אַ לערניינגל? סײַדן אַוועקפּאָרן אין ווײַטע לענדער אַרײַן. האָט ער אָבער נישט מיט וואָס און ער האָט אויך נישט דאָס גליק צו האָבן ערגעץ ווער, וואָס זאָל אים אויסשטרעקן אַ האַנט און אים העלפן זיך אַרויסראַטעווען פון דאַנען.

פייגעלע האָט זיך אײַנגעהערט אין זײַנע רייד, נישט נאָר מיט אויערן, נאָר מיט אַן אָפן האַרץ. זי האָט זיך צו אים געטוליעט, ווי זי וואָלט געוואָלט מיט איר סאַמע ווערזן אים העלפן אין זײַן הילפ־לאָזיקייט. איר אייגענע הילפלאָזיקייט האָט זי גאָר פאַרגעסן. זי האָט נאָר געדענקט אים, זי האָט נאָר געזען אים, אָט דעם, וועמען זי האָט נעכטן אַפילו נישט געקאָנט, און איצט וואָלט זי גרייט געווען אַוועקצוגעבן אים איר גאַנץ לעבן, אויב ער זאָל עס נאָר וועלן.

שפּעט בײַ נאַכט האָבן זיי גענומען גיין צוריק אין שטאָט אַרײַן. גייענדיק האָט פייגעלע אַוועקגעלייגט איר קאָפּ אויף גאָדלס אַקסל. גאָדל האָט זי אַרומגענומען. ער האָט געפילט איר הייסן אָטעם אויף זײַן פּנים.

בײַם קראָקעווערס הויז זײַנען זיי געבליבן שטיין. זי אויפן ווע־ראַנדע־בריקל און ער — אין שניי. פייגעלעס באַקן זײַנען געווען אָנגעפּרוירן, רויט, אירע וויכע, בלאָנדע האָר — צעווינטלט. זי

האָט געשוויגן. ער האָט געשוויגן. די לבֿנה האָט געשוויגן. די ווײַסע נאַכט האָט געשוויגן.

פֿייגעלע האָט אַ ציטער געטאָן. זי האָט אויסגעשטרעקט איר האַנט. עס איז געווען אַ קליין, ווײַס הענטל. גאָדל האָט דאָס הענטל גענומען אין זײַנע מענערשע, טונקל־הויטיקע הענט. אַ זיס, נאָגנדיק געפֿיל האָבן ביידע איבערגעלעבט פֿון דעם דאָזיקן לאַנגן האַנטדרוק.

פֿייגעלע איז אַרײַן אין שטוב. דורכן פֿענצטער האָט זי געזען, ווי גאָדל גייט־אַוועק. זי האָט געזען, ווי דער שוואַרצער שאָטן זײַנער ציט זיך אים נאָך איבערן ווײַסן שניי. זי איז אַרײַן צו זיך אין צימער. אין אָנטועכץ האָט זי זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויפֿן בעט. אַ בענקשאַפֿט און אַן אומעט איז זי באַפֿאַלן. איר האָט זיך איצט געדאַכט, אַז עס איז אַזוי לאַנג, אַזוי ווײַטיקדיק לאַנג ביז פֿרײַטיק, ווען זי וועט ווידער קאָנען זען גאָדל סאַמעט.

— 10 —

יענע נאַכט איז משה־מרדכי געווען שטאַרק צערודערט. ווי נאָר פֿייגעלע און גאָדל זײַנען אַוועק האָט ער זיך אַרויסגעשלײַכט פֿון לייען־שטיבל. אַ קורצע ווײַלע איז ער געשטאַנען פֿאַר דער טיר. ער האָט געקוקט אויף די פֿרישע טריט, וואָס גאָדל און פֿייגעלע האָבן נאָר־וואָס געלאָזן נאָך זיך אין שניי. פֿייגעלעס קליין טריטל האָט זיך נאָכגעצויגן אַזוי זיגזאַגיק נאָך די גרעסערע טריט פֿון בית־מדרשניק.

ביזן מאַרק האָט משה־מרדכי נאָכגעפֿאָלגט די דאָזיקע שפּורן. אין ראָג, נעבן זײַן געוועלב, איז ער געבליבן שטיין. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. עס איז געווען שטיל. אַ מין ווײַס־בלענדנדיקע שטילקייט. די הײַזער זײַנען געשלאָפֿן אונטער ווײַס־פּוכיקע צודעקן. קיין לעבעדיקן דוך [12] האָט מען נישט געזען. בלויז אַרויף, בײַם וועג, האָט זיך געזען אַן איינציק שליטעלע און דער אויסגעצויגענער שאָטן פֿון פֿערד. יעדעס מאָל, ווען דאָס פֿערד האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, האָט

[12] אָטעם (פֿון לעבן).

זיך אין דער שטילקייט צעטראָגן אַ דין געקלאַנג פֿון קליינע גלע־קעלעך.

משה־מרדכי איז אַרײַן צו זיך אין ווערקשטאַט. ער איז לאַנג געזעסן אויפֿן בעטל. דער שטאָטזייגער האָט געשלאָגן צוויי, דרײַ און אים האָט דאָס נאָגעניש אין האַרץ נישט נאָכגעלאָזט. דער ווערק־שטאַט איז געווען פֿול מיט פֿייגעלען. ער האָט זי געזען אין סטודענטן־היטל מיטן לאַקירענעם דאַשיקל. ער האָט זי געזען אין ווײַסע זומער־קליידלעך, אַזאַ ווי זי פֿלעגט קומען אויף וואַקאַציע, און אַט איצט — מיט גאָדעלען! אַך, ווי זי האָט דאָס פֿריידיק געלאַכט בײַם אַרויס־לויפֿן מיט אים פֿון לייען־שטיבל...

אַוודאי וואָלט ער געקאָנט מיט איין פּיפּס פֿאַרמאַכן דאָס לייען־שטיבל און — אויס מיט גאָדעלען! וואָס וועט אָבער פֿייגעלע זאָגן? אָט הערט ער זי, דאַכט זיך, לאַכן אויס אים. וואָס איז דער מער? אַז מ׳גייט מיט אַ מענטש אַ פּאָר טריט — איז שוין? געקויפֿט? וואָס מיינט ער — זי האָט פֿאַרלוירן דעם קאָפּ? ווי קומט זי גאָר צו אַזאַ צלאָפּ[13]? ער האָט דען אויף אַ פּאַפּיראָס, דער גרויסער עילוי?

משה־מרדכי איז ענדלעך אײַנגעשלאָפֿן.

צו מאָרגנס איז ער געקומען אין ביבליאָטעק אַרײַן גאָר אָן אַנדער מענטש. דעם ווידערווילן צו גאָדעלען און די האַרטע טראַציקייט האָט ער איצט פֿאַרשטעקט, באַהאַלטן. ער האָט זיך איצט נישט אַוועקגע־רוקט, ווי נעכטן, אַ ברוגזער. ער האָט אויך הײַנט נישט געוואַרט, פֿייגעלע זאָל אים רופֿן און ער זאָל איר געבן אַן אָנגעבלאָזענעם דאַנק. אָ, ניין! ער האָט הײַנט פֿריַער אונטערגעטראָגן פֿייגעלען דעם מאַנטל און זיך אַליין געגרייט זי אָפּצופֿירן. אויב עמעצן מיטרופֿן, זאָל זי מיטרופֿן גאָדעלען. אויב עמעצער דאַרף אָפּטרעטן, זאָל גאָדעלע אָפּ־טרעטן... משה־מרדכי האָט געמיינט, אַז אַזוי אַרום וועט פֿייגעלע אַליין דערוויטערן דעם בית־מדרשניק. וואָרעם וואָסער פּנים האָט דאָס אַרומשלעפּן זיך מיט צוויי בחורים אויף אַ מאָל? צום סוף האָט ער

13 חסידל.

אַליין זיך געמוזט דערוויַטערן. פֿייגעלע האָט אים, חלילה, גאָר נישט געזאָגט. אַדרבה, זי שענקט אים נאָך מער אויפֿמערקזאַמקייט ווי פֿריִער. ער זעט אָבער, אַז ער איז דאָ בלויז אַ צוגעטשעפּעט פֿערד צו אַן איַנגעשפּאַנטן וואָגן. ווען נאָר ער וויל אַריַנשטעלן אַ וואָרט, פֿאַרפֿירן אַ שמועס וועגן ערנסטע זאַכן, וועגן פּרנסה, טוט אים פֿיי־געלע גליַיך אַ האַק־אָפּ: „שיינפֿעלד, שוין ווידער מיט איַער שניַי־דעריַי?"... גאָדלען זאָגט זי קיין מאָל נישט: „סאַמעט, שוין ווידער מיט איַערע ביכער!"...

מילא, וואָלט זי אים, משה־מרדכין, איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל געזאָגט: „הערט, שיינפֿעלד, שלאָגט זיך אַרויס די נאַרישקייט פֿון איַער קאָפּ". טוט זי דאָס אָבער נישט! פֿאַרקערט, נאָך יעדן מאָל איבערשלאָגן אים אין געשפּרעך טוט זי אים אַ נעם אונטערן אָרעם און דריקט אים צו זיך, עפּעס ווי זי וואָלט אים געוואָלט איבערבעטן פֿאַר איר נאַרישן זאָג... פֿאַר וואָס טוט זי דאָס? איז דאָס דערפֿאַר, וויַיל מיידלעך האָבן ליב צו זיַין אַרומגערינגלט פֿון אַ סך בחורים? משה־מרדכי האָט אָבער נישט ליב צו זיַין איינער פֿון אַ סך. אַפֿילו נישט איינער פֿון צוויי. בפֿרט אַז דער צווייטער איז גאָדעלע...

משה־מרדכי האָט איַנגעזען, אַז מיט אַזאַ נאָכשלעפּן זיך וועט ער פֿייגעלען נישט געווינען. גאָדעלע קאָן שענער ריידן פֿון אים. ווען ער האָט געשוויצט אויף די שווערע פּרעסאיַיזנס, האָט דער בית־מד־רשניק פֿאָרט געפּוסטעפּאַסעוועט איבער ביכער און ספֿרים, ער האָט דעריבער שטילערהייט זיך גענומען דערוויַטערן פֿון דער ביבליאָטעק און זיך דערנענטערן צום אַלטן קראָקעווער. ביַים אַלטן זיַינען דאָך ביכער און שיינע רייד געוויס פֿון קנאַפּן יחוס. זאָל נאָר דער אַלטער קראָקעווער מסכּים זיַין, וועט שוין פֿייגעלע מוזן וועלן...

דערוויַיל איז דער ווינטער אַוועק. עס איז געוואָרן פּסח. פֿרילינג! לינדע ווינטן האָבן צעשמאָלצן ס'איַיז. פֿעלדער האָבן זיך אָפּגעדעקט. פֿריש גראָז האָט אַרויסגעשפּראָצט. ביימער האָבן זיך צעגרינט. פּונקט אַזוי האָט געגרינט משה־מרדכיס האָפֿענונג אויפֿן אַלטן. כאָטש די שליחים, וואָס ער האָט אַלע מאָל אונטערגעשיקט, זיַינען צוריקגע־

קומען מיט דעם אייגענעם פּזמון, ער זאָל זיך דאָס משוגעת אַרויסשלאָגן פֿון קאָפּ, דער אַלטער וויל אַפֿילו נישט הערן דערפֿון,, האָט דאָך משה־מרדכי זײַן אַמביציע נישט אויפֿגעגעבן, גאַדלען אויף צולהכעיס.

איין מאָל האָט זיך משה־מרדכי אונטערגעשטעלט אויף אַן אומגעוויינלעכער זאַך. דאָס איז געווען אין אַ שבת־פֿאַרנאַכט, אַ שטיק נאָך שבֿועות. משה־מרדכי, ווי זײַן שטייגער, איז געשטאַנען אַן אויסגעפּוצטער אויפֿן בריקל פֿון זײַן געוועלב. פֿאַרבײַ אים, אויף ביידע זײַטן גאַס, האָבן געצויגן יונגוואַרג, בחורים און מיידלעך, אויסגעפּוצטע, שבתדיקע. מיט טייל האָט ער זיך געגריסט. טייל האָבן אים גערופֿן:

— קום־מיט, שיינפֿעלד, פֿייגעלע גייט האַלטן אַ פֿאַרלעזונג!

משה־מרדכי האָט נישט געוווּסט פֿון דער פֿאַרלעזונג און עס האָט אים נישט אינטערעסירט אויך. ער וואָלט אָבער געוואָלט גיין. שוין אַזוי לאַנג האָט ער נישט געזען פֿייגעלען פֿון דער נאָענט! פֿילט ער ווי ער ווערט אַלץ מער דערווײַטערט פֿון איר. פֿון די שליחים האָט זיך גאָר נישט אויסגעלאָזט. דער אַלטער איז אײַנגעשפּאַרט. עס שטייט אים נישט אָן דער יחוס. משה־מרדכיס האַרץ וויל אָבער נישט וויסן פֿון קיין יחוס. דער אומעט, דאָס באַגעניש, וואָס איז אים באַפֿאַלן יענעם אָוונט, ווען פֿייגעלע איז ס׳ערשטע מאָל אַוועק מיט גאַדלען, וויל אים נישט נאָכלאָזן.

משה־מרדכי איז אַראָפּ פֿון בריקל. ער האָט גענומען גיין, כאָטש ער האָט נישט געוווּסט וווּהין ער גייט. ער האָט געוואַנדערט סתּם אַזוי דורך זײַטיקע געסלעך. ס׳קאָן זײַן, אַז געוואָלט גיין האָט ער אין ביבליאָטעק אַרײַן, נאָר פֿאַרקראָכן איז ער גאָר אויסער דער שטאָט, דאָרט ווו עס געפֿינט זיך דעם קראָקעווערס הויז.

משה־מרדכי האָט זיך געדרייט פֿון דער ווײַטנס. ער האָט געקוקט צו דעם קליינעם אַלטאַנקעלע מיט דעם רויט־געפֿאַרבטן בריקל. אַהער האָט ער אַזוי פֿיל מאָל אָפּגעפֿירט פֿייגעלען, דאָ איז ער מיט איר געשטאַנען שפּעט אין די נעכט, און איצט?

עס איז געוואָרן פֿינצטער. אין טונקל־בלויען הימל האָט אַ שטערן אויפֿגעבליצט. אין קראָקעווערס הויז האָט אַ ליכט אויפֿגעלויכטן. אין דער ליכטיקער שטוב האָט זיך געזען די געשטאַלט פֿון אַלטן. אַ ווײַסע באָרד און אַ סאַמעטענער קאַשקעט איז געגאַנגען הין־און־צוריק איבער דער גרויסער שטוב און געברומט שבת־צו־נאַכטיקע זמירות. באַלד איז אַרײַנגעקומען פֿון קיך די אַלטע קראָקעווערין. זי האָט געהאַלטן אַן אָנגעצונדענע הבֿדלה אין איר קליינעם הענטל. פֿאַוואָליע האָט זי זיך צוגעשאַרט צום טיש. דער אַלטער איז צוגעקומען. ער האָט אָנגעגאָסן אַ בעכער ווײַן און זיך גענומען שאָקלען צוזאַמען מיט דעם גרויסן שאָטן אויף דער וואַנט. דורך די אָפֿענע פֿענצטער, ווײַט אין די זומערדיקע פֿעלדער אַרײַן, האָט זיך צעטראָגן אַ שטיל און לויטער זאָגן: „חנה אל ישועתי אפֿתּח ולא אפֿחד!“

משה־מרדכי האָט זיך לאַנג געדרייט פֿאַר דעם קראָקעווערס טיר. ענדלעך האָט ער זיך שטילערהייט אַרײַנגעשלײַכט:

— גוט־וואָך! — האָט ער זייער נישט־דרייסט געזאָגט.

דער אַלטער איז אין דער מינוט געווען פֿאַרנומען מיט גלײַך לייגן דעם שבתדיקן טלית. ער האָט געהאַלטן ביידע טלית־עקן אין די צעשפּרייטע הענט און דעם מיטן אונטער דער באָרד. אָט אַזוי האָט ער זיך אויסגעדרייט צו דער טיר. לאַנג געזשמורעט מיט די אויגן. עפּעס האָט ער זיך נישט געוואָלט גלייבן, אַז משה־מרדכי האָט זיך אונטערגעשטעלט אַליין אַהער צו קומען.

— גוט יאָר! — האָט ער ענדלעך געענטפֿערט און זיך צוריק אויסגעדרייט צום טיש.

ר׳ ישׂראל קראָקעווער געהערט, חלילה, נישט צו די מענטשן, וואָס זײַנען יענעם מבֿייש. ער איז אָבער אַ האַנאָראָווער ייד. ער גלייבט נישט אין קיין באַהעלטעלעך. אויב ער האָט עמעצן פֿײַנט, לאָזט ער דאָס יענעם פֿילן. און משה־מרדכין האָט ער גאָר פֿײַנט. ערשטנס, ווי נעמט דאָס אַ יונג און גייט אַזוי רציחהדיק אויף יענעמס פּרנסה? וואָסי, די וועלט איז קליין? מילא, אים האָט אַ גוי צוגענומען דאָס שטיקל ברויט. אָבער אַ ייד זאָל קאָנען אַזעלכעס טאָן! און נאָך

אַן אייגענעם מיינסטער, וואָס האָט דיך אַראָפּגענומען פון מאַרק און געמאַכט פון דיר אַ מענטש! חוץ דעם, וואָס האָט זיך דער יונג אויף אים אָנגעזעצט מיט שדכנים? דער סמאַרק מיינט אַוודאי, אַז ישׂראל קראָקעווער האָט פאַרלוירן ס'ברויט, האָט ער שוין אויך פאַרלוירן דעם האָנאָר? אויב אויס פאָדראַטשיק, וועט ער נעמען פייגעלען און זי איבערגעבן צו אַ ליאַדע לאָבוז, צו רייזעלע טשוויש זינדל? נאָר מילא, אַ מענטש טאָר מען דאָך נישט מבייש זיין...

— וואָסטו זאָגן גוטס? — האָט ער, נאָכן איינלייגן דעם טלית, זיך צוריק געווענדט צו משה־מרדכין און דערביי אַרויסגערוקט אַ רויט־פליושענע שטול:

— זיץ, מילא, עמע הערן וואָס האָסטו צו זאָגן.

משה־מרדכי האָט, אייגנטלעך, בדעה געהאַט פראָסט און פשוט צו עפענען ס'האַרץ פאַרן אַלטן. ער האָט געוואָלט איבערשמועסן מכוח דעם „וואָס, מישטיינס געזאָגט, איז דען היינט יחוס?"... און וואָס איז ער דען שולדיק, אַז זיין טאַטע איז נישט געווען קיין קראַקאָווסקי? אָבער ער, משה־מרדכי, גייט אין גלייכן וועג? פייגעלען וועט ער ערלעך האַלטן? און, דער עיקר, ער איז דאָך גרייט זי צו נעמען אַפילו אין איין העמד! און זאָל האַלטן דערביי, וועט ער אַפילו זען מ'זאָל נישט דאַרפן פאַרקויפן ס'הויז...

אָט מיט דעם איז ער אייגנטלעך אַהערגעקומען. נאָר דערזעענדיק, ווי דער אַלטער מעסט אים אַזוי קאַלט אָפּ, ווי ער זשמורעט אויף אים מיט די אויגן, האָט ער ממש פאַרלוירן ס'לשון. ער האָט גאָר גענומען ריידן וועגן גאָדלען. דאַכט זיך אַ בית־מדרשניק, אַ צדיקל, אַ יחוס, פון דעסט וועגן שלעפט ער אַרום פייגעלען גאַנצע נעכט איבער די פעלדער, הינטער די גערטנער...

דער אַלטער קראָקעווער איז געוואָרן אַן אָנגעצונדענער. די ווייסע באָרד האָט אַזש ביי אים אָנגעהויבן צו ציטערן. האַ, אַזאַ שייגאַץ! בילבולים גאָר? משה־מרדכילע זוכט חטאים אויף פייגעלען?

— אַרויס פון מיין שטוב, דו, לאָבוזיונג!

— 11 —

עס קאָן זײַן, אַז משה־מרדכי וואָלט דעם פּאָטש אין פּנים אַרונ־טערגעשלונגען און פֿאַרגעסן. אפֿשר וואָלט ער אַלץ געהאַפּט אויף פֿייגעלען און אפֿשר נישט. האָבן אים אָבער פֿייגעלע און גאָדעל נישט געלאָזט פֿאַרגעסן.

דורך דער צײַט, וואָס ער האָט אויסגעמיטן ס׳לייען־שטיבל, האָט גאָדעלע זיך גאָר צעפֿירט די הענט. צוזאַמען מיט פֿייגעלען האָט ער שטילערהייט געגרינדעט אַ פֿאַראיין. אויבנאויף האָט דער פֿאַראיין קיין שײַכות נישט געהאַט מיט דעם לייען־שטיבל. גאָדעלע איז געווען פֿאָרזיכטיק גענוג צו רופֿן די געהיימע זיצונגען בײַם דענטיסט אין הויז. דאָס האָט זײַן קעפּל אַזוי אויסגעפּלאָנעוועט. צום דענטיסט מעג קומען יעדער איינער. קיינעם וועט דאָך נישט אײַנפֿאַלן, אַז עמעץ קומט דאָרטן צוליב עפּעס אַנדערש ווי זיך היילן די ציין.

דורכן זומער האָט דער פֿאַראיין זיך גוט אײַנגעפּעסטיקט. פֿאַר די ימים־טובֿים האָבן זיך אָנגעהויבן שטרײַקן. גאָדעלע האָט דאָס פֿון באַהעלטעניש־אויס געמאַכט שאַ־שטיל. די פּאָליציי זאָל נישט ווערן אויפֿפּאַלנדיק, האָט ער די שטרײַקן גערופֿן אײנציקווײַז. די באַלעבאַ־טים האָבן זיך נישט געקאָנט העלפֿן: געווען ערבֿ יום־טובֿ! ס׳ביסל אַרבעט ברענט! האָבן זיי געמוזט נאָכגעבן.

משה־מרדכי האָט עפּעס יאָ געוווּסט פֿון דער מעשׂה. ער האָט זיך אָבער געמאַכט נישט ווויסנדיק. ערשטנס: וואָס גייט עס אים אָן? צווייטנס, ווען ער זאָל עפּעס זאָגן, וואָלטן די גויים אין מאַגיסטראַט אים אויסגעריסן די אויגן. אַזוי ביסטו ערובֿ געווען, שיינפּעלד? „אויף דײַן גוט־זאָגן האָט מען דאָך געלאָזט די לאָבוזעס זיך צונויפֿקו־מען!״...

משה־מרדכי האָט אָבער נישט געקאָנט שווײַגן, ווען גאָדעלעס פֿאַראיין האָט זיך צו אים אַ נעם געטאָן. גאָדעלע און פֿייגעלע האָבן, ווײַזט־אויס, זיך נישט גערעכנט מיט דעם, וואָס ער איז משה־מרדכי. אַ באַלעבאָס איז בײַ זיי אַ באַלעבאָס. זיי האָבן בלויז געוואָרט, אַז

בײַ אים זאָל אויך ווערן ערבֿ יום־טובֿ. טאַקע פּונקט פֿאַר די חגאות, ווען ער איז געווען פֿאַרוואָרפֿן מיט אַרבעט איבערן קאָפּ, האָבן זיך אַרײַנגעיאָוועט[14] צוויי פֿרעמדע יונגען, נישט אַפֿילו זײַנע געזעלן, מיט דעם באַקאַנטן פּזמון: „אַזוי און אַזוי, לאַנגע שעהען, קנאַפּע שׂכירות, דעריבער, נו, ווייסט ער דאָך, משה־מרדכי, וואָס? מ׳דאַרף אים לייגן אַ פֿינגער אין מויל אַרײַן?"

אין אַן אַנדער צײַט וואָלט משה־מרדכי אויסגעהערט אַזאַ שפּרוך אויף זײַן שטייגער, מיט אַ וויץ, מיט אַ קלאַפּ איבער דער פּליִיצע. ער וואָלט מסתּמא זיך געמאַכט תּמעוואַטע: „וואָסי, מײַנע געזעלן זײַנען, חלילה, שטום? זיי דאַרפֿן פֿרעמדע פֿירשפּרעכערס?"... דערבײַ וואָלט ער זיך גערונגען, אַ גילדן אַראָפּ, אַ גילדן אַרויף, ביז ער וואָלט מיט זיי מושווה געוואָרן. דער עיקר אָבער, מ׳וואָלט בײַ אים נישט געשטרײַקט. בפֿרט ערבֿ די חגאות. איצט אָבער איז געווען עפּעס אַנדערש. משה־מרדכין איז נאָך נישט פֿאַרגאַנגען דער פּאַטש, וואָס ער האָט געכאַפּט פֿון אַלטן קראָקעווער, אָט דאָס אַזוי מיאוס אַרויסגעוואָרפֿן ווערן פֿון אַלטנס הויז. די טיפֿע וווּנד אין האַרץ, וואָס פֿייגעלע האָט בײַ אים געלאָזן, איז נאָך נישט געווען פֿאַרהיילט. ער האָט נאָך אַלץ נישט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז גאַדעלע זאָל אים אַזוי מיאוס באַזיגן, פֿייגעלע זאָל אַפֿילו נישט וועלן קוקן אין זײַן זײַט אַרײַן, נאָך די אַלע שליחים, וואָס ער האָט אונטערגעשיקט, נאָך דעם גאַנצן דערנידעריקן זיך אין אירע אויגן. דערפֿאַר האָבן די צוויי יונגען פֿון פֿאַראיין בײַ אים איצט אויסגעזען אין גאַנצן אַנדערש. זייערע טענות האָבן אים געקלונגען ווי אַ מלחמה־דערקלערונג, אַ מלחמה פֿון פֿייגעלען מיט גאָדלען קעגן אים משה־מרדכין. נו, אויב מלחמה, איז מלחמר!

משה־מרדכי האָט גראָד געהאַלטן אין מיטן צושנײַדן אַ מונדיר, ווען די יונגען זײַנען צוגעקומען צום גרויסן שנײַדערטיש. אויסהערנדיק זייערע טענות, האָט ער אַרויסגעלייגט די גרויסע שער פֿון האַנט,

[14] זיך באַוויזן.

אַראָפּגעשלעפּט דעם צענטימעטער פֿון קאַרק און זיך געטאָן אַ שטעל־אָפּער פֿון הינטערן טיש מיט אַזאַ רוגזה, אַז ער האָט אַזש געציטערט:

— און אַז כ׳על נישט נאָכגעבן, וואָס עט עך מיר טוען? הייסן גאָדלען מיר אַראָפּטרייבן דעם קאָטער פֿון דאַך?

נאָך דעם זאָג איז ער צוגעפֿלויגן צו די מאַשינען און גענומען רייסן די אַרבעט פֿון די געזעלנס הענט:

— אַרויס, אַרויס! — האָט ער געשריגן — עך קאָנט שוין שטרייקן!

די געזעלן זיינען געוואָרן צעטומלט, בלאָס. זיי האָבן זיך איבער־געקוקט איינער מיטן אַנדערן. איין געזעלן, אַ יינגל נאָך, האָט נעבעך געוואָלט איבערבעטן דעם דערצערנטן מייסטער. ער האָט געפּרוווט צוריק נעמען דאָס שטיקל אַרבעט אין האַנט אַריין. אָבער משה־מרדכי האָט עס גלייך געטאָן אַ ריס־אַרויס:

— איך האָב געהייסן גיין!

די יונגען האָבן זיך אויפֿגעשטעלט. נישט דרייסט האָבן זיי אַרויפֿגעצויגן די פּאַלטנס און איינער הינטערן אַנדערן אַרויס פֿון ווערקשטאַט. די צוויי פֿרעמדע געזעלן האָבן אויך גענומען גיין. ביי דער טיר שוין האָט איינער אַ זאָג געטאָן:

— משה־מרדכי, וועסט דאָס באַדויערן. אַרבעטאָרער רופֿן אַזעל־כעס לאָקאָוט!

— פֿון מיינעט וועגן קאָנסטו דאָס רופֿן „יאַנטשע באַנדע״! — האָט משה־מרדכי זיי געענטפֿערט און פֿאַרהאַקט נאָך זיי די טיר.

— 12 —

משה־מרדכי האָט זיך איצט אַ נעם געטאָן צו דער מלחמה נישט נאָר מיט פֿאַרביטערטקייט, נאָר אויך מיט אַן אויסגערעכנטן פּלאַן. די יונגען שטרייקן? געזונטערהייט! ער וועט זיך גאָר נישט וויסנדיק מאַכן. זאָלן די שררות פֿון פּעסטונג און פֿון מאַגיסטראַט זיך זאָרגן. זאָלן זיי נאָר קומען נאָך די יום־טובֿדיקע מונדירן! דערווייל האָט ער זיך גענומען איבערדעקן די מאַשינען, פֿאַרהענגען די צונויפֿגע־

סטריגעווועטע שטיקלעך אַרבעט. אַז אַן אָפיציר וועט אַרײַנקומען, זאָל עס מאַכן אַן אײַנדרוק: יום־טובֿ! נאָך דעם אַלעמען איז ער זיך אַרויס־געגאַנגען אויפֿן בריקל. ס'זאָל אים גאָר אָנהייבן אַרן[15]!

צו מאָרגנס האָט זיך צו משה־מרדכין אַראָפּגעלאָזט אַ שׂררה פֿון פֿעסטונג. דאָס איז געווען אַ הויכער שווערלײַביקער גוי מיט אַ גרויסן קאָפּ, מיט דיקע בעזעמדיקע ברעמען און גראָבע אַראָפּהענגענדיקע וואָנצעס. צוליב דעם, וואָס דעם גוי פֿלעגט אָנקומען שווער דאָס גיין, פֿלעגט ער שטענדיק זײַן אין כּעס. צוליב דעם שטענדיקן כּעסן זיך פֿלעגט ער נישט קאָנען כאַפּן דעם אָטעם און פֿרײַכן ווי אַ גאַנדז.

משה־מרדכי האָט פֿאַר דעם שׂררה ברייטלעך אָן עפֿן געטאָן די טיר. די יום־טובֿדיקייט פֿון ווערקשטאָט האָט דעם גוי אַ שלאָג געטאָן אין פּנים. נאָך איידער ער האָט אַנידערגעלייגט דאָס שווערע געזעס אויף דער שטול, וואָס משה־מרדכי האָט אים גיך אונטערגערוקט, האָט ער אַ פֿרעג געטאָן:

— מוישע מאָרדעק, וואָס איז דאָס? ערבֿ יום־טובֿ?

משה־מרדכי האָט אומשולדיק געשמייכלט. אָט דאָס האָט ער גע־וואָלט! איצט וועט מען זען ווער עס וועט אויספֿירן די מלחמה; ער אָדער פֿייגעלע מיט גאָדעלען? פּאַוואָליע און רויִק האָט ער זיך צו־גערוקט אַ שנײַדער־טאַבורעטקע נאָענט נעבן גוי און אים זייער געמיטלעך אָנפֿאַרטרויט:

— אונדזער פּאַן קאָמענדאַנט האָט געמיינט, אַז ער איז באַלע־באָס אין שטאָט. גאָדל סאָמעט און זײַן ליובאַווניצע פֿייגע קראַקאָווסקאַ זאָגן, אַז זיי זײַנען די באַלעבאָטים! אַז זיי הייסן אַוועקלייגן די אַר־בעט, לייגט מען אַוועק אַפֿילו ערבֿ חגא!

דער גוי האָט געפֿינטלט מיט די קליינע אייגעלעך פֿון אונטער די שווערע ברעמען־בעזעמער אַפֿער, דאָ אויף משה־מרדכין, דאָ אויף די צוגעדעקטע מאַשינען. עפּעס האָט דער גרויסער קאָפּ זײַנער נישט געקאָנט גלײַך באַנעמען: „וואָס הייסט עס, דער קאָמענדאַנט איז נישט

[15] ערגערן, אינטערעסירן.

דער גאַנצער באַלעבאָס אין שטאָט?". פֿון גרויס רציחה האָט ער אָנגעהויבן פֿרײַכן נאָך שווערער און ער האָט קוים געקאָנט אַרויס־הוסטן:

— אָט אַזעלכע קאַנאַליעס! אָט דאָס איז זשידאָווסקע חוצפּה! אונטער אונדזער נאָז?

משה־מרדכי האָט דעם צערייצטן גוי גענומען באַרויִקן. ער האָט מורא געהאַט, טאָמער לויפֿט דער אויפֿגערעגטער גוי און הייסט שוין אײַנזעצן די געזעלן אין חד־גדיא אַרײַן. דאָס וואָלט זיכער נישט גע־טויגט. נאָך אַלעמען מיינט ער דאָך נישט די געזעלן. מיט זיי דאַרף ער דאָך אַרבעטן! פֿאַר זיי וועט גענוג זײַן מענדל „סטאַטעק". ער וועט זיי שוין לערנען שטרײַקן!

— מיינסט, פּריצל, די געזעלן זײַנען, גאָט באַהיט, שולדיק? — האָט משה־מרדכי נאָך נענטער זיך צוגערוקט צום גוי — חלילה! דאָס איז אַלץ גאָדל סאַמעט מיט זײַנע אַרויסהעלפֿערס.

משה־מרדכי איז אַרײַן אין דער פֿאַרע, זיצנדיק נעבן דעם מעכ־טיקן גוי מיט דער עלעגאַנטער שווערד בײַ דער זײַט, האָט ער גע־מיינט: די וועלט איז זײַנע. ער האָט אָנגערופֿן און אויסגערעכנט אַ גאַנצע ריי נעמען פֿון די אַלע, וואָס האָבן אַ שײַכות געהאַט מיט די לעצטע שטרײַקן. פּונקט ווי דער גוי האָט געפּרײַכט הערנדיק, אַזוי האָט ער געסאָפּעט דערציילנדיק. אויך ער האָט געזאָטן פֿון כּעס. דאָס איז אייגנטלעך געווען דער האַס צום אַלטן קראָקעווער פֿאַר די בושה, וואָס ער האָט אים אָנגעטאָן און אים אַרויסגעטריבן פֿון שטוב. דאָס איז אויך געווען דער האַס צו גאָדעלען, וואָס אין דער וויכ־טיקסטער שלאַכט האָט ער אים באַזיגט. נאָר דער עיקר איז דאָס געווען יענער האַס, וואָס קומט געוויינטלעך צו פֿאַרליבטע, ווען זייער ליבע ווערט אַזוי אָפֿן צוריקגעוואָרפֿן.

דער גוי מיט דעם נאָטיץ־ביכל אין האַנט האָט הערנדיק זיך אַזש באַלעקט פֿון דעם גרויסן פֿאַנג, וואָס וועט דאָ באַלד צו אים אַרײַנ־פֿאַלן. אין זײַן פּאָליציייסקער פֿאַנטאַזיע האָט ער זיך שוין געזען שטיין פֿאַרן קאָמענדאַנט, ווי יענער קלאַפּט אים איבער דער פּלייצע פֿאַר

זײַן געטרײַשאַפט צו דער „אויטשיזנע“[16], פאַר זײַן העלפן אויסרוימען די רויטע קאַנאַליע. ער האָט אויך שוין געזען דעם מעדאַל, וואָס מען וועט אים אַוודאי צושפּיליען צו דער ברוסט.

נאָכן פאַרשרײַבן פאָרזיכטיק יעדן נאָמען האָט זיך דער גוי ענדלעך אויפגעשטעלט אַ פרײַכנדיקער און צופרידענער. ער האָט אַרויפגעלייגט זײַן מעכטיקע האַנט אויף משה־מרדכיס אַקסל:

— נישט געזאָרגט, מוישע מאָרדעק! מ׳וועט שוין בײַ דיר אַרבעטן!

נאָך דעם גויס אַוועקגיין האָט ערשט משה־מרדכי אָנגעהויבן אײַנזען, וואָס ער האָט דאָ אָפּגעטאָן. איצט, אַז דער כּעס איז אים אַוועק, האָט ער זיך אָנגעהויבן באַרעכענען. ער האָט זיך דערפילט שולדיק. און פונקט ווי יעדער איינער, וואָס וויל פאַרטויבן אין זיך אַ נאָגענדיק שולדגעפיל, זוכט זיך גערעכט צו מאַכן, אַזוי האָט איצט משה־מרדכי געזוכט זיך צו געבן גערעכט: „זיי האָבן דאָך געוואָלט מלחמה, איז אין דר׳ערד אַרײַן מיט די קעפ!...

משה־מרדכי האָט גענומען שפּאַנען איבערן ווערקשטאָט. ער איז געווען זייער צעררייצט. אים האָט געריצט די אָנגעוואָרפנקייט, די בערג אָנגעהויבענע אַרבעט, די צוגעדעקטע מאַשינען און דער עיקר די געזעלן, וואָס הערן נישט אויף צו פּיקעטן הין־און־צוריק הינטער די פענצטער. ער האָט געפּרוווט נעמען אַ שטיקל אַרבעט אין די הענט אַרײַן. זײַנע הענט האָבן זיך אָבער נישט געלייגט צום טאָן. די הענט האָבן איצט געוואָלט עפּעס אַנדערש טאָן, ווערגן, שלאָגן, רײַסן פּאַסן... ער האָט זיך אויפגעשטעלט און געכאַפּט אויף זיך אַ קורצע ווינטער־מאַרינאַרקע. ער האָט גיך פאַרשלאָסן דעם ווערקשטעל. פאַר אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען אויפן בריקל און געקוקט אויף די געזעלן, וואָס זײַנען געווען געפרוירן פון דרייען זיך הין־און־צוריק אין דער קעלט. ער האָט זיי געוואָלט זאָגן, אַז זיי וואָלטן זיך געמעגט שעמען. זיי, וואָס האָבן נאָך געאַרבעט מיט אים צוזאַ־

[16] פאָטערלאַנד.

מען בײַ יענעם באַלעבאָס, זאָלן זיך לאָזן אָנריידן פֿון גאָדעלען און אים אָפּטאָן אַזאַ מעשׂה. וואָסי, זיי האָבן נישט געקאָנט צוקומען ווי „פּשיאַטשעליעס“ [17], בעטן נאָך אַ פּאָר גילדן? ער האָט זיי צוגעוואָרפֿן אַ ביזן, זײַטיקן בליק און איז גיך אַרײַן אין דער גויִשער שענק.

אין דער דאָזיקער שענק זיצט שטענדיק מענדעלע „סטאַטעק“. דאָרטן פֿירט ער טיש מיט זײַנע אונטערטאַנערס. דער מענדעלע איז אַמאָל געווען משה־מרדכיס אַ רבי. גאָר אַמאָל, ווען משה־מרדכי האָט געשטעקט די קליינע הענטלעך אין פֿרעמדע פּעסער אויבסט, איז מענדעלע שוין געווען אַ פּאָלנער בעל־מלאכה: אַרויסציִען אַ טײַסטער געלט פֿון עמעצנס אַ בוזעם איז בײַ אים געווען ווי טאָן אַ ווײַטן שפּײַ. שפּעטער, ווען משה־מרדכי איז געוואָרן אַ שנײַדער, איז מענדל געוואָרן גאָר אַ לײַט. ער איז געוואָרן אַ גאַנצער באַלעבאָס איבערן באָרדעל און געהאַט זײַן אייגנס אַ גאַנצע גוואַרדיע מיט כּלות! אַוודאי וואָלט משה־מרדכי דענסטמאָל זיך נישט צוגעזעצט אַזוי אָפֿן צו מענדעלעס אַ טישל, ווי ער טוט דאָס איצט. דאָס איז אָבער געווען דענסטמאָל. הײַנט איז מענדל „סטאַטעק“ אַ שיינער ייִד צו גלײַך מיט משה־מרדכין, זײַנע דרײַ אויטאָבוסן לויפֿן צווישן וואַרשע און לובלין יעדן טאָג אין דער וואָך. טאַקע פֿון דער שענק אַרויס פֿירט ער דאָס אָן זײַנע אויטאָבוס־געשעפֿטן, וואָס גערדונגענע יונגען טרײַבן פֿאַר אים.

משה־מרדכי איז איצט געקומען צו מענדעלען ווי צו אַן אַלטן „פּשיאַטשעל“. ער האָט זיך, נעבעך, פֿאַר אים אַראָפּגערעדט פֿון האַרצן ווי פֿאַר אַן אייגענעם מענטש.

מענדעלע איז זייער גערירט געוואָרן פֿון דעם וואָס די „ממזרים“, די שנײַדערוקעס, האָבן אָפּגעטאָן אַ „נאַש בראַט“ [18]. ער האָט אַ פּאַטש געטאָן אין טישל אַרײַן, אַז די בירגלעזער האָבן זיך צעקלונגען:

---

[17] חברים, גוטע־ברידער. — [18] אַן אייגענער (ברודער).

— אוי, קינדער, איך האַלט דאָס נישט אויס! און אַלץ גאָדעלע?

מענדל סטאַטעק איז שוין גרייט געווען זיך אַרויסצולאָזן מיט זײַן חבֿרה און גלײַך זיך צעפֿירן די הענט איבער די שנײַדערוקעס, וואָס מאַרשירן־אַרום דאָ הין־און־צוריק הינטער די פֿענצטער. דערנאָך האָט ער שטאַרק חשק געהאַט זיך אַוועקצושפּאַצירן צום בית־מדרש־ניק און אים אַרויסשלעפּן בײַם גערגל ווי אַ הערינג און שלאָגן מיט אים כּפּרה אין מיטן מאַרק. און זי, „די וואַרשעווער פּאָנפּאַראָנקע", דעם קראָקעווערס איניקל, איר וואָלט ער כאָטש אַ בעלן געווען אַ שמיר צו טאָן מיט אַ היטל סאַזשע איבער איר אײדל, ווײַס פּנימל.

משה־מרדכי האָט דעם „סטאַטעק" קוים אָפּגעהאַלטן. אַוודאי דאַרף מען „די ממזרים" אָנלערנען! ער, משה־מרדכי, דאַרף אָבער פֿרײַער אַוועקגיין פֿון שענק. עס וועט בעסער זײַן, אַז מען וועט נישט וויסן, פֿון וואַנען דער ווינט האָט אָנגעיאָגט...

— 13 —

דער שטאָט־קאָמענדאַנט האָט זײַן שטיקל אַרבעט גאָר גיך אָפּגע־טאָן. דעם זעלביקן פֿרײַטיק־צו־נאַכטס, ווען די ייִדן זײַנען רויִק גע־שלאָפֿן נאָך דעם שבתדיקן מאָלצײַט, האָבן זײַנע פּאָליצײַ־לײַט זיך צעלאָזט איבער די הײַזער און אַרויסגעשלעפּט פֿון די בעטן ווו נאָר אַן אונטערגעוואַקסענער בחור אָדער מײדל. אַפֿילו פּערצן־פֿופֿצן־יע־ריקע קינדער האָבן זיי מיט זיך פֿאַרנומען.

בעת דעם איבערפֿאַל, אין מיטן דער נאַכט, האָבן די איבערגע־שראָקענע טאַטע־מאַמע געבעך געמיינט, אַז נאָר אויף זיי האָט זיך גאָטס צאָרן אַראָפּגעלאָזט. באַגין אָבער, ווען מען האָט אָנגעהויבן אַרויסצוקריכן פֿון די פֿאַריתומטע שטובן, האָט ערשט יעדער אײַנגע־זען אַז, דאַנקען גאָט, מען איז חלילה נישט אַליין. דאָס אומגליק האָט, ברוך־השם, נישט אויסגעמיטן אַנדערע טאַטע־מאַמע אויך.

דער שבת־באַגין איז גיך געוואָרן ווי אַ תשעה באָבֿ פֿאַר נאַכט. פֿון אַלע זײַטן זײַנען ייִדן און ייִדענעס געקומען אָנצוקריכן אין בלויען דרויסן אַרויס. אײַנגעהילטע, אַרומגעוויקלטע אין וואָכיקע שמאַטעס,

אין טיכער, איינגעבויגענע אונטער דער שווערער לאַסט, וואָס האָט זיך אומגעריכט אויף זיי אַראָפּגעלאָזט, זיינען זיי געקומען אין מאַרק אַרײַן אויסדערציילן דאָס אומגליק. זיך באַגעגנט אָן אַ גוט־שבת, בלויז מיט אַ קרעכץ: „נו? אַזאַ בראָך! אַזאַ אומגליק!" ... דערביי האָבן זיי אַזוי הילפלאָז זיך געבראָכן די הענט, געקנאַקט די דאַרע, ביינערדיקע פינגער. וואָס אַ מינוט איז דאָס געקרעכצעריי געוואָרן גערדיכטער, ביז עס איז אויסגעבראָכן אַ געוויין, אַ געיאָמער, וואָס האָט זיך צעטראָגן איבער דעם שטילן פרימאָרגן דרויסן און אויפגעוועקט קינד־און־קייט.

איידער מען האָט זיך אַרומגעקוקט איז די גאַנצע שטאָט געשטאַנען אויף די פיס. ווי בשעת אַ שריפה האָט יעדער געכאַפּט אויף זיך, וואָס מען האָט געקאָנט, און גיך אַרויס פאַר דער טיר. דער ווייס־פאַרשנייטער מאַרק איז מיט איין מאָל געוואָרן שוואַרץ פון די אָנגעלאָפענע מענטשן. די געטראָפענע טאַטע־מאַמע האָבן זיך, נעבעך, געטוליעט איינער צום אַנדערן, ווי זיי וואָלטן זיך נאָענט געווען, בעת די אַנדערע טאַטע־מאַמעס, וואָס זייערע זין און טעכטער האָט מען נישט געטשעפּעט, וואָלטן געווען פרעמדע, שונאים. אין דער פאַרלוירנקייט האָט יעדער געגעבן אַן אַנדער עצה. איינער האָט געהייסן קלאַפּן אַ טעלעגראַמע צו די יידישע סיים־דעפּוטאַטן קיין וואַרשע. אַן אַנדערער האָט געהייסן שוין, שבת, פאָרן קיין לובלין צום וואָיעוואָדע[19]. נאָר פון די אַלע עצות האָבן די יידן געטאָן דאָס, וואָס זיי טוען אַלע מאָל. זיי האָבן זיך צונויפגענומען און אַוועק, ווי אַ שוואַרצע, וויינענדיקע כמאַרע, אין אַנדערן עק שטאָט, צום אַלטן קראָקעווער.

אין דעם גיין צום קראָקעווער איז געווען מער געוווינהייט, רגילות, איידער אויסזיכט אויף עפּעס אַ הילף. גאַנץ פשוט, פון יאָרן און יאָרן איז די שטאָט געוווינט צו לויפן מיט יעדער צרה צום אַלטן קראָקעווער. אַמאָל, פאַרן רוסישנס צייטן, האָט טאַקע ר' ישׂראל קראָקעווער געקאָנט פועלן אַ ישועה. אַמאָל, אַז דער קראָקעווער פלעגט

---

[19] מלוכהשער אַדמיניסטראַטאָר פון אַ קרייז, געגנט.

אַנטאָן דעם סויבלינעם פעלץ און פלעגט פאַררויכערן דעם בלוי־פאַר־צעלייענעם ליולקע־ציביק, אַ נעם טאָן דעם טײַערן שטעקן מיט דעם העלפאַנט־ביינערנעם קאָפּ און טאָן אַ גיי, האָבן שׂררות פאַר אים גע־עפנט טיר־און־טויער. הײַנט אָבער? בפרט זינט מ׳האָט אים אַרויס־געוואָרפן פון זײַן לעבנסלאַנגער פרנסה, געמאַכט אים אויס פאַדראַ־טשיק, האָט זיך דער גאַנצער כּוח פון אים אָפּגעטאָן. אויס ר׳ ישׂראל קראָקעווער!

אויך אים, דעם אַלטן, איז מען די נאַכט געקומען מקבל פּנים זײַן. אויך ער, ווען די רוצחים זײַנען אין מיטן נאַכט באַפאַלן זײַן הויז און אַרויסגעשלעפּט פייגעלען פון בעט, האָט געמיינט, אַז בלויז אים האָט מען אומגליק געטראָפן. אַ גאַנצע נאַכט האָט ער שוין מער קיין אויג נישט צוגעטאָן, די אַלטע האָט געוויינט, זיך געשלאָגן קאָפּ אין וואַנט, געשריגן צו אים: „וואָס שווײַגסטו, ישׂראל? וואָס לויפסטו נישט? וואָס טוסטו נישט עפּעס?״ נאָר ער האָט געשוויגן. אײַנגע־הילט אין בלוי־געבלימטן שלאָפראָק, אין די ווײַסע, לאַקיר־געזוימטע שטעקשיך, מיטן סאַמעטענעם קאַפּל אויפן קאָפּ, איז ער געגאַנגען הין־און צוריק איבער דער פינצטערער שטוב. איין מאָל זיך אָפּגע־שטעלט, אַרויסגעקוקט אין שטילן, טונקל־בלויען דרויסן און ווײַטער געגאַנגען הין־און־צוריק. בלויז איין מאָל האָט ער אַרויסגעברומט: „יידענע, ס׳שבת! מ׳טאָר דעם שבת נישט פאַרשטערן!״

ווי נאָר דער אַלטער האָט דערזען די עדה יידן דורכן פענצטער, האָט ער שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס, וואָס האָט אים געטראָפן, איז נישט בלויז זײַן צרה. עס איז, נעבעך, אַ צרת־רבים.

ווי זײַן שטייגער, ווען עמעץ קומט צו זײַן טיר, איז אויך איצט דער אַלטער רב אַרויס אַקעגן די אָנקומענדיקע יידן. ער איז געבליבן שטיין דרויסן, אויף דער שוועל. ער האָט אַפילו נישט באַדאַרפט עפענען די טיר פון אַלטאַנקע. די רוצחים, ווען זיי זײַנען אַוועק מיט פייגעלען, האָבן געלאָזן די טיר אָן אָפענע זיך וויגן אין ווינט הפקרדיק הין־און־צוריק.

— גוט־שבת, ייִדן! — האָט דער אַלטער באַגעגנט די אָנקומענ־דיקע מחנה.

די ייִדן האָבן נישט געענטפֿערט. ווען ליגט דער שבת אין זינען? זיי זײַנען גאָר גרייט געווען אַרויסצופֿאָרן מיט זייער מענה־לשון: „ר׳ ישׂראל, פֿריִער גאָט, דערנאָך איר!״... זיי זײַנען אָבער געבליבן ווי פֿאַרשטומט. דער צער, וואָס האָט אַראָפּגעווײנט פֿון אַלטן, די אײַנגעבויגנקייט, די פֿאַרקאַלטנטקייט פֿון זײַן אייביק זויבער־צעקעמטער באָרד, האָט זיי ווי שטום געמאַכט. אָן רייד האָבן זיי אויך אײַנגעזען, אַז די נאַכטיקע מגפֿה האָט דעם קראָקעווערס הויז נישט אויסגעמיטן.

— וואָס טוט מען, ר׳ ישׂראל? — האָט איין ייִד דאָך אַרויסגע־שריגן.

דער אַלטער האָט געשוויגן. וואָס זאָל ער, נעבעך, די ייִדן זאָגן? אַז אַן איבערקערעניש איז דאָך, נעבעך, אויף דער וועלט געקומען. מוסרים, לאָבוזעס זײַנען געוואָרן קהלס דעה־זאָגערס! אַז משה־מרדכי־לע איז געוואָרן אַ בטוח בײַם מלכות!

— ייִדן, גייט אַהיים! — האָט דער אַלטער שטיל געזאָגט — זאָל אונדז גאָט העלפֿן!

— 14 —

משה־מרדכי האָט זיך יענעם שבת אין דער פֿרי נישט געאײַלט אַרויסצוקומען אין גאַס. ער האָט גראָד גוט געהערט די בהלה, די געוויינען פֿון די ווײַבער. ער האָט אָבער מורא געהאַט זיך צו רירן. חוץ דער מורא האָט אים אויך ס׳געוויסן געפּלאָגט: „משה־מרדכי, וואָס האָסטו געטאָן? ווער ווייסט, וואָס פֿון דער קאַשע וועט נאָך ווע־רן?״... אָבער דאָס געפֿיל, אַז ער האָט פֿאַרט גאַדעלען און פֿייגעלען פֿאַרפּאַקט, איז שטאַרקער געווען פֿון געוויסנדל. נאָר אין גאַנצן זיך נישט ווײַזן טויג אויך נישט! עס קאָן נאָך ווערן פֿאַרדעכטיק. די טאַטעס קאָן נאָך אײַנפֿאַלן, אַז זײַן האַנט שטעקט דאָ. נו, נו, מער פֿעלט אים נישט! מען וואָלט אים צעטראָגן מיטן ווערקשטעל! האָט

משה־מרדכי זיך אָנגענומען מיט מוט און איז אַרויס פֿאַר דער טיר. ער האָט זיך כּלומרשט אַרומגעקוקט זייער איבערגעראַשט, וואָסער סומאַטאָכע אין שטאָט איז אָנגעשטאַנען. באַלד אָבער איז אין אים אויפֿגעגאַנגען אַן אומרויִקייט. עפּעס האָט ער פּלוצעם אָנגעהויבן זיך שרעקן: טאָמער האָט זיך גאָדעלע גאָר אַרויסגעדרייט? אויף גאָדע־לען איז אַלץ צו גלייבן. ער קאָן דעם טײַוול אויך בײַקומען! משה־מרדכין האָט דעריבער אָנגעהויבן זעצן ס׳האַרץ. אויב גאָדעלע איז פֿרײַ, איז ביטער! ער וועט זיך גלײַך דערוויסן וועמענס האַנט דאָ שטעקט. ער, משה־מרדכי, מעג זיך דענסטמאָל אָפּטראָגן פֿון דער שטאָט. גאָדלס חבֿרותא פֿון די אַנדערע שטעט וועלן דאָס נישט שווײַגן.

משה־מרדכי האָט געפּיבערט. זײַנע אויגן האָבן געגלישטערט צווי־שן די בינטלעך אײַנגעטוליעטע ווײַבער, גלײַך ער וואָלט געווען אַ טרינקענדיקער, וואָס זוכט אין מיטן ים אַ שפּענדל, כאָטש אין עפּעס זיך צו ראַטעווען. אים איז איצט קלאָר געווען: אויב גאָדלס מאַמע, מעכליע, איז דאָ נישטאָ, איז אַ סימן, אַז גאָדעלע איז אין דרויסן. די ווײַבער און יידן האָבן, נעבעך, נישט געוווּסט, וואָס אין משה־מרדכין קומט איצט פֿאָר. ווי נאָר זיי האָבן אים דערזען, אַזוי זײַנען זיי אים מאַפּאַלן מיט אַ געוויין:

— משה־מרדכי קרוין, דו ביסט דאָך עפּעס אַן איינגענער מענטש בײַ די פּריצים, דערבאַרעם דיך, טו עפּעס, ראַטעווע!

משה־מרדכיס פּנים איז טאַקע איצט, נעבעך, געווען זייער פֿאַר־צערנט. דאָס איז אָבער נישט געווען, חלילה, איבער די ווײַבערס גע־וויינען. ווי האָט ער געקאָנט טראַכטן פֿון זייער אומגליק, אַז ער זעט נישט מעכליען! ער האָט, נעבעך, איצט אויף אַן אמת מיטגעקרעכצט מיט די מאַמעס:

— אַלץ גאָדעלע, אַט דאָס שטילע צדיקל! ער איז שולדיק אין גאַנצן אומגליק. ווער האָט דאָ באַדאַרפֿט אַ ביבליאָטעק מיט לעקציעס, מיט שטרײַקן, מיט רויטע, אויף זײַן וויסטן קאָפּ?

משה־מרדכי האָט מיט דעם נײַעם מסירהלע, נעבעך, געוואָלט

פֿאַרריכטן די אַלטע מערכה. אַ פּשוטער חשבון. אויב גאָדעלען איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן פֿון דער פּאָליציי, וועט ער זיך אָבער נישט קאָנען אויסבאַהאַלטן פֿון די אַלע טאַטעס און מאַמעס. זיי וועלן אים שוין אויסגעפֿינען און אים אַרויסשלעפּן פֿון באַהעלטעניש, ווי מען שלעפּט־אַרויס אַ געפּגרטן שטשור. דענסטמאָל וועט שוין דער מאַגיסטראַט אים פּאַקן!

די פֿאַרוויינטע מאַמעס, די צעוויטיקטע טאַטעס האָב איצט בלויז באַדאַרפֿט ביי ווען צו קענען זיך אָנכאַפּן, אויף וועמען אויסצוגיסן די אָנגעקליבענע גאַל, דעם שאַרפֿן ווייטיק. זיי האָבן זיך נעבעך גלייך אָנגעכאַפּט אין משה־מרדכיס רייד: „אַוודאי, גאָדעלע! שטי־לערהייט, כלומרשט לערנענדיק אין בית־מדרש, האָט ער אָפּגעשאָכטן די שטאָט!“

די ייִדן און ייִדענעס האָבן זיך גלייך געטאָן אַ לאָז צו מעכליען. אין די צעפּלויגענע טיכער, אין די צעווינטיקטע פּאָלעס האָבן זיי אויסגעזען ווי אַ מחנה שטורעם־פֿייגל:

— אַזאַ ממזר! — האָבן זיי געשריגן — אויסגערונען האָט ער באַדאַרפֿט ווערן אין דער מאַמעס בויך!

צוקומענדיק צו מעכליעס קאַלך־געוועלבל, האָבן זיי גענומען רייסן און שטורעמען די חרובֿע טיר, וואָס פּאָליציי האָט ביי נאַכט נישט באַוויזן אין גאַנצן צו צעברעכן. ווי אַ ווינט זיינען זיי אַרויף אויפֿן בוידעם־שטיבל, אומגעוואָרפֿן מעכליען, וואָס איז אַ דערשראָקענע זיי אַקעגנגעקומען, און גענומען נישטערן אין די בעטן און אונטער די בעטן. נישט געפֿונען גאָדעלען, זיינען זיי צוריק אַראָפּ אין געוועלב אַריין שטילן דעם כעס איבער דעם אָרעמען ביסל קאַלך. זיי האָבן געטראָטן דעם קאַלך אונטער די פֿיס און אים געמאַכט מיט בלאָטע צו גלייך. איין ייִדענע האָט אַ כאַפּ געטאָן פֿון דער פּאָליצע אַן ערדע־נעם טאָפּ מיט בלויעכץ, וואָס האָט אַוודאי אָנגעטראָפֿן מער ווי דער קאַלך, און אים געטאָן אַ זעץ אין דר׳ערד. דער טאָפּ איז צעפֿאַלן גע־וואָרן אויף פּיצפּיצלעך, און דאָס בלויעכצשטויב האָט זיך צעטראָגן אין דער לופֿט, געריסן אין די העלדזער, געקיצלט די נאָזלעכער און

באַדעקט אַלעמען מיט אַ דיקער בלויקייט, פּונקט ווי קוימענקערער מיט אַ בלויער סאַזשע.

מעכליע איז, נעבעך, געשטאַנען אין אַ ווינקעלע, אַ צונויפֿגעקורטשעטע פֿון דעם נײַעם איבערפֿאַל. איר האַרץ האָט, נעבעך, געפֿלאַטערט, טאָמער דערהערט גאָדל, אַז מ׳איז זי אַזוי באַפֿאַלן, אַז מ׳מאַכט חרובֿ ס׳ביסל פּראַצע, ער קאָן נאָך פֿאַרגעסן אין דער סכּנה, וואָס לויערט איבער אים, און ער וועט אַראָפּקומען פֿון באַהעלטעניש אין געוועלב אַרײַן. כּדי צו ראַטעווען די מאַמע פֿון די ייִדישע גזלנים, קאָן ער נאָך אַרײַנפֿאַלן און פֿאַרפֿוילט ווערן אין קרימינאַל בײַ די גוייִשע גזלנים. חוץ דעם האָט, נעבעך, איר פֿרום און כּשר האַרץ געוויייטיקט אויף דעם דאָפּלטן חילול השם. לא די, וואָס ייִדן מאַכן חרובֿ אַן אָרעמע אַלמנהס האָרעוואַניע, זײַנען זיי נאָך מחלל שבת אויך.

גאָדעלע האָט אין זײַן באַהעלטעניש גראָד געהערט פֿון דעם נײַעם איבערפֿאַל. ס׳בלוט האָט טאַקע אין אים געקאָכט פֿון רציחה. ער איז אָבער נישט געלאָפֿן דער מאַמען צו הילף. אַדרבה, ער איז געווען צופֿרידן, וואָס די מאַמע איז דאָרטן אונטן פֿאַרנומען מיט דער נײַער סומאַטאָכע. איצט האָט זי נישט אין זין צו היטן אים, ער זאָל זיך נישט אַרויסכאַפּן פֿון דאַנען. ערשטנס, איז די סכּנה דאָ גרעסער. צווייטנס, בײַם דענטיסט קאָן ער זיך גרינגער אויסבאַהאַלטן ביז בײַנאַכט און ער וועט אויך געוווּיר ווערן. וואָס אין שטאָט הערט זיך, דער עיקר, וואָס איז מיט פֿייגעלען, איז זי פֿרײַ אָדער זיי האָבן זי אײַנגעזעצט.

גאָדל האָט גיך אויסגענוצט דעם טומל אונטן. ער איז אַראָפּ פֿון בוידעמל און געכאַפּט אויף זיך דער מאַמעס אַן אַלט קלייד. ס׳פּנים האָט ער פֿאַרבונדן מיט אַ גרויסער רויטער פֿאַטשיילע, גלײַך ס׳גאַנצע מויל ציין וואָלט אים וויי געטאָן. איבער דעם פֿאַטשיילע־קנופּ, אויפֿן קאָפּ, האָט ער אָנגעטאָן דער מאַמעס אַ קופּקע מיט אַ טשיפּיקל, מיט טולענע פֿרענדזלעך. דערנאָך האָט ער זיך אײַנגעהילט אין דער מאַמעס אַ טוך און שטילינקערהייט זיך אַרויסגערוקט דורכן פֿענצטער אויפֿן האַלב־שיפֿן דעכל פֿון פֿעדערהויז. פֿון דאָרטן איז אים שוין גאַנץ

לײַכט אויסגעקומען זיך אַראָפּצוגליטשן אין בלינדן געסעלע אַרײַן און פֿון דאָרטן, מיט הינטער־וועגעלעך, אַוועק צו ראַדאָמסקין.

— 15 —

לעאָן ראַדאָמסקי, דער דענטיסט, בײַ וועמען אַלע געהיימע זי־צונגען זײַנען פֿאָרגעקומען, האָט אויך געהאַט בײַ זיך די פּאָליצײַ צו גאַסט. ער האָט זיך נישט באַהאַלטן און מען האָט אים אויך נישט פֿאַר־נומען. נאָך דעם, ווי מען האָט בײַ אים איבערגענישטערט אַלע שופֿ־לאָדן און אַלע שענק, האָט אים אײנער פֿון די עלטערע פּאָליצײַ־לײַט שטילערהייט אײַנגערוימט אין אויער, ער זאָל זיך בעסער נישט מישן אין די דאָזיקע זאַכן... אויב מען פֿאַרפּאַקט אים נישט איצט, האָט ער דאָס צו פֿאַרדאַנקען זײַנע פֿרײַנד און דער עיקר דעם קאָמענדאַנט אַליין.

ווען גאָדעלע האָט אָנגעקלונגען אין גלאַנציקן, מעשענעם גלעקל, איז דער דענטיסט נישט געווען אין שטוב. פּונקט ווי יעדערער אין שטאָט האָט ער זיך אַרומגעשלײַעט [20] אין גאַס צווישן די רעדלעך מענטשן, געהערט וואָס דער זאָגט, וואָס יענער זאָגט. ער האָט גע־וואָלט דערגיין ווער אַלץ זיצט. אַז פֿײַגעלע זיצט, דאָס האָט ער שוין געוווּסט. ער האָט אָבער נישט געוווּסט, וואָס איז מיט גאָדל סאָמעט. זיצט ער אָדער ער איז נעלם געוואָרן?

פֿרוי ראַדאָמסקאַ, אין ברייטן, גרינעם קימאָנע־שלאָפֿראָק, אַ בלייַ־כע פֿון דער אומדערוואַרטער וואַכנאַכט, האָט געעפֿנט די טיר. נאָך דעם ווי זי האָט די אַלטע ייִדענע מיט דעם פֿאַרבונדענעם פּנים אַרײַנגעלאָזט אין מאַנס קאַבינעט איז זי אַוועק אין קיך אַראָפּשיקן די דינסט רופֿן דעם מאַן: אַ פּאַציענט איז דאָ...

דער דענטיסט איז אַרײַנגעפֿאַלן אין קאַבינעט אַ צעטראָגענער. ער האָט אַפֿילו דעם פּאַציענט אין פּנים נישט געקוקט. מעכאַניש האָט ער גענומען די דענטיסטישע כּלים סטעריליזירן, כּדי צו קאָנען

[20] אַרומגעשלעפּט זיך, אָן אַ ציל, ווי אַ גאַסנהונט אָן אַ באַלעבאָס.

קריכן דער אַלטער ייִדענע אין מויל אַרייַן. גאָדעלע האָט אָבער קיין געדולד נישט געהאַט. ער האָט זיך אומגעקוקט, צי די טיר איז פֿאַרמאַכט און אַוועקגערוקט די פֿאַטשיילע פֿון פּנים.

ראַדאָמסקי איז געבליבן אָן לשון:

— סאַמעט, איר זייַט דאָ? אויסגעצייכנט!

— איר האָט זיך נישט געריכט אויף מיר! — האָט גאָדל געזאָגט.

— אָט דאָס טאַקע, וואָס כ'האָב געוואָלט זיך דערוויסן! — האָט ראַדאָמסקי אים איבערגעשלאָגן און דערבייַ פֿאַרשלאָסן די טיר.

איצט ערשט איז גאָדל געוווּיר געוואָרן וואָסער רייניקונג די „שפּיקעס" [21] האָבן בייַ נאַכט דורכגעפֿירט. פֿון דער גאַנצער פּאָליטישער גרופּע איז געבליבן דרויסן בלויז ער און ראַדאָמסקי. פֿייגעלע זיצט און די גאַנצע גרופּע זיצט, חוץ אַזוי פֿיל אומשולדיקע בחורים און מיידלעך, וואָס זייער גאַנצער חטא איז, וואָס זיי באַלאַנגען צו דער ביבליאָטעק.

גאָדל האָט דער ערשטער אייַנגעזען, אַז דאָ שטעקט משה־מרדכיס האַנט. אויך ראַדאָמסקי האָט דאָס געמוזט אייַנזען. דאָס, וואָס זייַנע געזעלן, די שטרייַקערס, זייַנען אָפּגעקומען מיט אַ בלויזן תּשעה קבין [22] פֿון מענדל סטאַטעק, איז פֿאַר זיי געווען אַ קלאָרער סימן, אַז עס איז משה־מרדכיס מלאכה. דאָס האָט ער אויסגעפּלאַנעוועט צו האָבן די יונגען אויף דער פֿרייַ, כּדי צו קאָנען מיט זיי אַרויספֿאַרטיקן די אַרבעט אויף די חגאות! גאָדל, אַן אייַנגעהילטער אין דעם באַרג שמאַטעס, מיט דער קופּקע טיף אין די אויגן, איז געזעסן אין דער דענטיסטן־שטול זייער דערשלאָגן. נאָך מער דערשלאָגן איז געווען ראַדאָמסקי. ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט, עפּעס האָבן זיי נישט געקאָנט באַנעמען, ווי דאָס איז מעגלעך. מילא. אונטערשטעלן דעם סטאַטעק [23], אויף דעם איז ער אַ באַלעבאָס. אָבער מסרן צו דער פּאָליציי?

[21] שפּיאָנען. — [22] נייַן מאָס שטראָפּרייד (?). — [23] שפּילן די ראָלע פֿון אַ פּייַנעם מענטשן.

גאָדל איז דער ערשטער געקומען צו זיך. אָפּהענטיקייט ליגט נישט אין זײַן טבֿע. דאָס בלויזע דערוויסן זיך, ווער עס שטעקט הינטער דעם איבערפֿאַל, האָט אים שוין אָנגעפֿולט מיט ענערגיע, מיט טראַציקייט גלײַך צו נעמען צוריקשלאָגן. און ער האָט שוין טאַקע גענומען פּלאַנעווען, ווי אַזוי צוריקצושלאָגן, סײַ דעם „סטאַטעק", סײַ משה־מרדכין. אונטער דער פּאָליציייס נאָז, אין דער מאַמעס יאַקעס, האָט ער שוין אָנגעהויבן די מלחמה. ראַדאָמסקין האָט ער שוין געהייסן זיך אַרויסגנבֿענען אין דער דערבײַיקער שטאָט זיך צו זען מיט די דאָרטיקע פּאַרטיי־חבֿרים, דעם סטאַטעקס אויטאָבוסן דאַרפֿן בײַ נאַכט דאָרטן דורכפֿאָרן קיין וואַרשע, זאָלן זיי אים צעשנײַדן די גומי־רעדער פֿאַר מײַשן זיך אין פֿרעמדע געשעפֿטן. דער עיקר אָבער: זאָלן גלײַך אַראָפּקומען עטלעכע יאַטן פֿון דאָרט זיך צו זען מיט משה־מרדכין, ער זאָל שוין צערײַבן דעם עסק, נאָך אײדער מען פֿירט אַרויס די אַרעסטירטע פֿון שטאָט. טאָמער נישט, זאָל מען אים לאָזן וויסן, אַז זײַן לעבן וועט נישט ווערט זײַן אַ גראָשן!

גאָדל האָט זיך נאָך דעם וויזיט בײַם דענטיסט צוריק פֿאַרשטעקט אין אַ קאַמער אַרײַן, וואַרטן אויפֿן אָוונט, ער זאָל זיך קאָנען אָפּטראָגן פֿון שטאָט. דערווײַל איז דער טאָג געווען אַזוי לאַנג, און ער האָט נישט געהאַט מיט זיך וואָס צו טאָן. ער האָט געשריבן צעטעלעך צו פֿייגעלען און זיי באַלד צעריסן. אַך, ווען ער קאָן זי איצט זען! ווען ער קאָן איר כאָטש זאָגן, זי זאָל זיך נישט פֿאַרלירן, זי זאָל לייקענען איר אָנגעהעריקייט צו דער פּאַרטיי. נאָך אַלעמען איז ער דאָך שולדיק. ער האָט זי דאָך אַרײַנגעצויגן. זי איז דאָך געווען פֿאַראינטערעסירט בלויז אין איר פּריוואַט לעבן אײדער זי האָט אים דערקאָנט. און אויף איר לויערט איצט די גרעסטע סכּנה. אַלעמען וועט מען געוויס אַרויסלאָזן, זי אָבער, אַ סטודענטקע — אויף איר וועט מען אַרויפֿלייגן דעם גאַנצן פּאַק! ווען דער אַלטער זאָל נאָר מסכּים זײַן זיך צו זען מיט משה־מרדכין, וואָלט מען זי געוויס געקאָנט אַרויסראַטעווען נאָך אײדער די פּאַפּירן ווערן אָפּגעשיקט קיין לובלין. וועט אָבער דער אַלטער מסכּים זײַן? וועט ער פֿאַרבייגן זײַן כּבֿוד?

גאָדל האָט זיך קוים דערוואַרט, עס זאָל נאַכט ווערן. פֿון איין זײַט האָט ער זיך געוואָלט אונטערגנבֿענען הינטערן מאַגיסטראַט, כאָטש אַ קוק טאָן אויף די פֿאַרגראַטעוועטע פֿענצטער. אפֿשר וועט ער זען פֿייגעלען, כאָטש בלויז אַ בליק טאָן אויף איר. פֿון דער אַנדערער זײַט האָט עס אים געצויגן וואָס גיכער צום אַלטן. כּל־זמן די פּאַפּירן זײַנען נאָך אין שטאָט, קאָן מען נאָך עפּעס פּועלן!

דער אַלטער קראָקעווער האָט נישט געהערט נישט גאָדלס עפֿענען די טיר און נישט זײַן אַרײַנקומען. ווי יעדן שבת־צו־נאַכטס איז ער אויך הײַנט געווען פֿאַרטאָן מיט אַרויסבאַגלייטן דעם הייליקן שבת און באַגעגענען די אָנקומענדיקע וואָך מיט געזאַנג און מיט זאָגעכץ. עס איז געווען נאָך הבֿדלה. אויפֿן אָפּגעדעקטן, וואָכעדיקן טיש האָט געפֿלעמלט דאָס פֿאַרגאָסענע ביסל ספּירט. דער אַלטער האָט געטונקען די פֿינגער אין דעם בלוילעכן פֿלאַם, געווישט זיך די אויגן און געטראָגן אין די קעשענעס אַרײַן — אַ סגולה צו פּרנסה אויף דער פֿולער וואָך. פּלוצעם האָט ער דערהערט הינטער זיך אַ שטילן גוט־וואָך. ער האָט זיך אומגעקערט און געבליבן איבערגעראַשט. אַ ייִדענע מיט אַ מאַנסבילש קול! ער האָט זיך אָבער באַלד געכאַפּט וואָס דאָ איז, דער אַלטער. אויף זײַן ווײַס פּנים האָט זיך צעלייגט אַ גרימאַסע ענלעך צו אַ שמייכל, עפּעס ווי אינעווייניק, אין אים, וואָלט עפּעס אויפֿגעלויכטן. „געלויבט איז גאָט“ — האָט ער געזאָגט און געלאָפֿן פֿאַרמאַכן די טיר, וואָס פֿירט אין די אַנדערע שטובן אַרײַן — זאָל נאָר די אַלטע און דער עיקר די שיקסע, להבֿדיל, נישט הערן ווער דאָ איז דאָ.

דער אַלטער האָט זיך דערפֿרייט מיט גאָדלען, פּונקט ווי ער וואָלט זיך דערפֿרייט מיט פֿייגעלען אַליין. כאָטש ער האָט שטאַרק פֿאַראיבל געהאַט אויף גאָדלען, וואָס ער איז אַזוי אַראָפּ פֿון וועג, האָט ער אים אָבער שטאַרק גינציק געהאַט און שטילערהייט האָט אים הנאה געטאָן, וואָס פֿייגעלע פֿלעגט זיך טרעפֿן מיט אים און פֿאַרבעטן אים אין שטוב אַרײַן. דער אַלטער האָט זיך אַפֿילו געקליבן גאָדלען אויסצומוסרן: פֿאַר וואָס ער האָט טאַקע פֿייגעלען אַרײַנגעוויקלט אין אַזאַ אומגליק? ער האָט אָבער נישט געקאָנט עפֿענען ס׳מויל. נאָך

אַלעמען איז עס דען זייער שולד? יונגע מענטשן, טאָן לאָזט מען זיי גאָר נישט, אַוועקפֿאָרן קאָנען זיי נישט, גייען זיי אַראָפּ פֿון גלײַכן וועג, לייענען זיך אָן מיט ביכער און נעמען באַגערן אַראָפּצוּוואַרפֿן ס'מלכות...

— נו, וואָס טוט מען, גאָדל? — האָט דער אַלטער עפּעס פֿאַרלוירן געשטאַמלט.

גאָדלען האָט דעם אַלטנס שווײַגן, אָט דאָס אַרויסשטאַמלען „וואָס טוט מען?", מער געברייט ווי די הייסע פּעטש, וואָס ער וואָלט דאָ געקראָגן. דעם אַלטנס צעבראָכנקייט האָט אים דערשלאָגן. אַזאַ צע־בראָכענעם האָט ער נאָך דעם אַלטן נישט געזען. ער האָט זיך גע־ריכט, דער אַלטער זאָל אים אָנזידלען און אַפֿילו אים אַרויסטרײַבן פֿון שטוב. צום סוף — אַזאַ שווײַגן! פֿון דעסט וועגן איז גאָדל דאָך עפּעס צופֿרידן געווען פֿון דעם אַלטנס צעבראָכנקייט. גוט, וואָס דער קראָקעווער האָט פֿאַרלוירן אַ ביסל האָנאָר. איצט וועט ער געוויס מסכּים זײַן זיך צו זען מיט משה־מרדכין. משה־מרדכי קוקט מטמא גאָר אויס, אַז דער אַלטער זאָל אים קומען בעטן. וואָרעם ס'איז דאָך נישט מעגלעך, דעם יונג זאָל נישט אָרן, וואָס פֿייגעלע זיצט...

— נו, גאָדל, וואָס וועט איצט זײַן? — האָט דער אַלטער ווידער אַ מורמל געטאָן.

— צוליב דעם טאַקע בין איך צו אײַך געקומען — האָט גאָדל שוין דרייסט געזאָגט.

— צו מיר? — האָט דער אַלטער איבערגעפֿרעגט און אויסגע־שטרעקט די ווײַסע הענט צו גאָדלען, ווי ער וואָלט זיך בײַ אים גע־בעטן: „ווער, אימשטיינס געזאָגט, בין איך דאָס הײַנט?"

— יאָ, צו אײַך! — האָט גאָדל געזאָגט — איר דאַרפֿט פֿאַרבייגן אײַער כּבֿוד! איר דאַרפֿט זיך זען מיט משה־מרדכין. ער קאָן בײַם קאָ־מענדאַנט אַלץ פּועלן. ער קאָן ראַטעווען פֿייגעלען!

דעם קראָקעווערס פּנים איז מיט איין מאָל צוריק געוואָרן ווײַס. ער האָט קענטיק, געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר געטאָן אַ מאַך מיט דער האַנט און זיך אַוועקגעדרייט. אָן אײַנגעבויגענער איז ער אַזוי אָפּגע־

גאַנגען עטלעכע טריט. באַלד אָבער האָט ער זיך געטאָן אַ דריי־אויס צוריק מיט אַזאַ אַנטשלאָסנקייט, אַז עס האָט זיך געדאַכט, ווי די גאַנצע געבראָכנקייט איז פֿון אים אַוועק. אַ שטאָלצער, אַ גלײַכער איז ער צוגעקומען צו דעם אײַנגעהילטן גאָדל, געקוקט אים שאַרף אין די אויגן אַרײַן:

— און דו, גאָדל, וואָלטסט איצט געקאָנט קוקן דעם מסור אין פּרצוף אַרײַן?

גאָדל האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, ער האָט זיך געשעמט. פּונקט ווי דער אַלטער איז איצט געשטיגן, אויסגעוואַקסן אין זײַנע אויגן, אַזוי איז ער בײַ זיך אַליין אַראָפּגעפֿאַלן, אײַנגעשרומפּן, געוואָרן קליין. ער, אַ מאָדערנער מענטש, אַ רעוואָלוציאָנער, צו ראַטעווען פֿייגעלען, איז גרייט אויף יעדער דערנידערונג. דער קראָקעווער, אַן אַלטמאָדישער ייִד, קאָן אַפֿילו פֿייגעלען־צוליב נישט לאָזן זיך דערנידעריקן, וויל אַפֿילו דעם אייגענעם קינד־צוליב נישט קוקן דעם מסור אין פּרצוף אַרײַן!

גאָדל האָט נאָך געוואָלט עפּעס זאָגן. ער האָט געוואָלט איבערפֿרעגן: „פֿון וואַנען, אייגנטלעך, ווייס גאָר דער אַלטער, אַז משה־מרדכיס האַנט שטעקט אין דעם איבערפֿאַל?“ — ער האָט אָבער גאָר נישט געזאָגט. זײַן צונג האָט זיך נישט געלייגט און זײַן מויל האָט זיך נישט געעפֿנט. ער איז אַזוי אָפּגעשטאַנען עטלעכע מינוט, נאָכגעקוקט דעם אַלטן, ווי ער האָט זיך צוריקגענומען צו דער איבערגעריסענער עבֿודה זײַנער פֿון אַרײַנפֿאַרבעטן די נײַע וואָך מיטן געזאַנג פֿון אל תּירא עבֿדי יעקבֿ.

ענדלעך האָט גאָדל געזאָגט „אַ גוטע וואָך!“ און גענומען אַוועקגיין. דער אַלטער האָט זיך צוריק אויסגעדרייט צו אים, אים אויסגעשטרעקט אַ ווײַסע האַנט:

— אַ גוטע וואָך, אַ גוט יאָר! — ער האָט באַגלייט גאָדלען צו דער טיר מיט אַ „גיי לחיים ולשלום!“. אויף דער שוועל שוין האָט ער אים געזאָגט, אייגנטלעך מער זיך אײדער צו גאָדלען — „כ׳על ליבערשט לויפֿן צום וואָיעוואָדע קיין לובלין איידער זען דעם מסור!“

גאָדל איז אַרויס אין דרויסן. ס'איז געווען פֿינצטער. די פֿעלדער זײַנען געלאָפֿן ווײַט און אָפֿן. פֿון ווײַטנס האָט זיך געזען אַ פֿלעמל פֿון אַ לעמפּל אויף דער באַנליניע, וואָס דאַרף אים באַלד נעמען קיין וואַרשע. אָפּגייענדיק עטלעכע טריט האָט ער זיך צוריק אויסגעדרייט. ער האָט געזען, ווי דער אַלטער גייט דאָרטן הין־און־צוריק איבער דער גרויסער שטוב. דער לאָמפּ אויפֿן טיש איז אָנגעצונדן. דורך די פֿענצטער ציט זיך אַ פּאַס ליכט, וואָס פֿאַלט ווײַט אין חשכות אַרײַן. דורך דעם פּאַס ליכט טראָגט זיך דעם אַלטנס ברומען: „הבאים ישרש יעקבֿ אַל תּירא עבֿדי יעקבֿ!"

מ. א. קנאַפּהייס

# אין דער פֿרעמד

פֿראַגמענט

אין מײַנע פֿאַרנעפּלטע אויגן
גייט־אויף מיט מוטנעם שײַן
דער טאָג —
אַרבעטלאָז געבויגן.
געקומען אַוודאי פֿון תּפֿיסה נאָר וואָס
(מ'דערקענט עס אין הולך, אין שווײַגן...)
— נו זעץ זיך אַ ביסעלע צו, חבֿר טאָג,
עס איז מיר אַפֿילו אַ חידוש אויף דיר —
אַזאַ געזעצטער און שטילער ווי דו
זאָל גיין דורכן פֿענצטער און נישט דורך דער טיר.
נאָר מסתּמא איז דיר שווער זיך אויף שטיגן צו הייבן —
ביסט אָפּגעוווינט, חבֿר, פֿון גיין —
רעמאַטיזם...

נו, זיך!
כ׳וואָלט דיך גערן מיט עפּעס מכבד געווען,
נאָר מישטיינס געזאָגט,
וואָס קענסטו עס קריגן ביי מיר?
אַ ליד

דאָ איז עס קיינעם ניט נייטיק,
דאָ דינען די מענטשן צום גאָלדענעם קאַלב
אָ דאָ, אין דער שטוב,
פון האַנדל און שווינדל,
וווּ ס׳האָט מיך דער גורל
גנעדיק באַשטאַט,
גייען די מענטשן אַרום מיר,
ווי קראָען אַרום אַ פגירה..
הינטער שאַרפע געבויגענע נעגל
זיי טראָגן —
פאַראַכטונג,
און שנאה —
צווישן קרומע געלע ציין:
צו מיר,
צו מיין ליד,
צו מיינע טריט,
צו מיין גראָשענעם ליכט,
צו מיין גאַנצן געביין.

1937

יהושע פּערלע

# געלט

עפּיזאָדן

מאיר בראָמבערג האָט אויסגעטרונקען זײַן טעגלעכע פּאָרציע „װישי״, האָט אַרומגעשפּאַנט אַקעגן אַ האַלבע שעה פֿון פֿענצטער צו דער טיר און פֿון דער טיר צום פֿענצטער; דערנאָך האָט ער אָפּגעגעסן די צװײ זעמעלעך מיט פּוטער, פֿאַרטרונקען מיט אַ פֿילישאַנקע קאַקאַאָ, אײַנגענומען אין מיטן טרינקען אײנע פֿון די צענדליקער פּראָשקעס, װאָס ליגן בײַ אים אויסגעסדרט אין שאַכטלעך, אויסגעהוסט זיך, אויסגעשפּיגן און גענומען זיך גרייטן אין געשעפֿט אַרײַן.

מאיר בראָמבערגס געשעפֿט איז אַ פֿאַבריק פֿון פּאַפּיר. הינטער דער שטאָט, צװישן קרומע, שיפֿע גאַסן מיט צעהויקערטע לאַמטערנס, שפּאַרט־אַרויס פֿון אַ גרויען און שװער־געמויערטן פּאַרקאַן אַ רויטע געבײַדע מיט געקראַטעטע לענגלעכע פֿענצטער, מיט אַ פֿירקאַנטיקן קוימען, װאָס שפּײַט פֿיר און צװאַנציק שעה אין מעת־לעת מיט צונויפֿגעדריטע שמאַטעס רויך, ענלעך צו צעציפּטער װאַטע פֿון אַן אויסגעקראָכן מלבוש אַרויס. אין דער דאָזיקער פֿאַבריק איז מאיר בראָמבערג אַ שותּף. מאיר בראָמבערג איז אײגנטלעך קײן מאָל קײן פֿאַבריקאַנט נישט געװען. ער װייסט נישט, װי אַזוי מען אַרבעט דאָס פּאַפּיר און פֿון װאָס דאָס װערט געמאַכט. ער האָט נאָר אַרײַנגעלייגט אין שותּפֿות קאַפּיטאַל און מער װי צו אַ געװיסן פּראָצענט ריוח געהערט ער נישט. דער אמתער פֿאַכמאַן און דער אמתער באַלעבאָס פֿון גרוי־געמויערטן פּאַרקאַן, פֿון דער רויטער געבײַדע מיטן פֿירקאַנטיקן קוימען איז מאיר בראָמבערגס אַ ברודער, פּאַן הערנים בראָמבערג, אַ יונגער־מאַן פֿון אַ יאָר אַכט און דרײַסיק מיט שאַרפֿע פֿאַרקײַלעכדיקטע אויגן, װי בײַ אַ סאָװע, נידעריק־

געזעצטן האַלדז און טיף־באַוואַקסענעם שטערן, וואָס גיט־צו זײַן מאַט־ערדישן פּנים אַ פֿאַרעקשנט אויסזען.

דערפֿאַר אײַלט זיך נישט ר׳ מאיר אין דער פֿרי אין געשעפֿט אַרײַן. ער ווייסט, אַז דער ברודער זײַנער הערצנים, וואָס ווינט דאָרט אין פֿאַבריקהויף, איז שוין לאַנג אויפֿגעשטאַנען, איז אויסגעווען ווי אַ ווינקל, נאָכגעזען, נאָכגעפֿרעגט... וואָס־זשע האָט ער זיך צו אײַלן, ס׳הייסט, מאיר בראַמבערג טאָקע?

שפּאַנט ער זיך דערווײַל אַרום איבער זײַנע אויסגעשלאָפֿענע פֿראַטערירטע צימערן, קוקט־איבער די קעפּלעך פֿון „קוריער״, הוסט ווײַל ס׳האַרץ גלוסט, שפּײַט־אָן פֿולע שפּײַקעסטלעך און צום סאַמע סוף הייבט ער ערשט אָן צו טראַכטן פֿון אַראָפּפֿאָרן אין פֿאַבריק אַרײַן. דער זייגער ווײַזט אַ פֿערטל אויף עלף. הינטער די פֿענצטער שטייט אַ פֿרעסטלדיקער טאָג. אין אַ ווינקל פֿון אַ שויב האָט זיך איבער נאַכט אַרויפֿגעצויגן אַ זילבערן הײַטל פֿון אַן איבערגעבראָכן נאָדל־ביימל. דאָס שטובמיידל טשאַפּעט־אַרום אין ווייכע שטעקלאַטשן און עפּנט די טירלעך פֿון די אויוונס. מאַדאַם בראַמבערג, אַ פֿרוי אין די דרײַסיקער, אַ שווערלײַביקע, אַ גוידערדיקע, זיצט אין שלאָפֿצימער אויף איר בעט, פֿון וואַנען עס גייט נאָך אויף די אויסגעשלאָפֿנקייט פֿון איר ווייך לײַב — זיצט האַלב אין נעגליזש און שרײַט־אַרײַן מיט אַן אייבער־שטימעלע אין עסצימער:

— גייסט שוין, מאירל?

— כ׳גיי שוין. האָסט עפּעס געוואָלט?

— ניין, גאָר נישט. האָסט שוין גענומען אַ פּראָשעק, מאירל?

— יאָ, גענומען.

— און „ווישי״ — געטרונקען?

— יאָ, געטרונקען.

אַזוי ריידנדיק, צווישן די האַלב־אויפֿגעעפֿנטע טירן, טוט־אָן ר׳ מאיר דאָס פֿוטער מיטן ווידרענעם קאָלנער, דאָס שפּיציק־אויפֿגעשטעלטע ווידרענע היטל, וואָס דערמאָנט אין אַ שטויס צוקער. און אַזוי ווי אַליין איז ר׳ מאיר אַ טיפֿשוואַרצער און אַ בערדל

האָט ער אַ שוואַרץ־סאַמעטנס און אויגן — שוואַרצע, זעט ער אויס אין שוואַרצן פֿוטער מיטן ווידרעגנעם היטל ווי אַ לעבעדיק שטיק שוואַרצקייט, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פֿון ערגעץ אַ מזרח־וואַנט און גייט־אַרום איבער די פּוילישע גאַסן ווי נישט קיין היגער.

מאיר בראָמבערג זאָגט אויף זיך אַליין, אַז ער איז דער שענסטער מאַנספּאַרשוין אין פּוילן. און ווען נישט דאָס, וואָס ער וואַרפֿט־אַרויס פֿון זיך פֿון צײַט צו צײַט אַ שטיק לונג, און ווען נישט דאָס, וואָס דאָס ווײַב זאָל אים נישט דערמאָנען, אַז ער איז אַ קראַנקער מענטש, וואָלט ער אַ וועלט אײַנגענומען.

פֿאַמעלעך עפֿנט ר׳ מאיר די טיר פֿון זײַן וווינונג, וואָס ווערט אויף בײַנאַכט פֿאַרלייגט מיט אַן אײַזערנעם פּרענט. ער שפּאַרט זיך אָן אויף זײַן שוואַרץ שטעקעלע מיטן ביינערנעם הענטל און מיט געלאַסענע טריטלעך, איינס איבער ס׳אַנדערע, לאָזט ער זיך אַראָפּגיין פֿון די שטיגן. אויף יעדן האַלבן שטאָק שטעלט ער זיך אָפּ, כאַפּט דעם אָטעם. אים איז שווער מיט איין מאָל אַראָפּצוקומען פֿון ביידע שטאָקן. רוט ער זיך אָפּ, הוסט זיך אויס און טריטלט ווײַטער.

אַלט איז מאיר בראָמבערג אַן ערך פֿון אַ יאָר צוויי און פֿערציק, נאָר זען זעט ער אויס אויף איבער פֿופֿציק. כאָטש אין קאָפּ און אין לאָפּאַטע־בערדל האָט ער נאָך קיין איין גרויע האָר נישט.

פֿאַר וואָס זעט מאיר בראָמבערג אויס אויף אַזוי פֿיל עלטער ווי ער איז? מוז זײַן דערפֿאַר, וואָס צו אַכצן יאָר האָט דער הײַנטיקער מאיר בראָמבערג געקריגן דעם ערשטן בלוטשטורץ פֿון האַלדז. דעמאָלט האָט מען געמיינט, אַז ער, דער עלטסטער און געראָטנסטער אין שטוב, איז אַ פֿאַרפֿאַלענער. פֿון דעסט וועגן האָט ער צו צוויי און צוואָנציק יאָר חתונה געהאַט. גענומען אַ ווײַב אַ דיקע, אַ הויכע, מיט אַ סך לײַב. געהאַט אַ טעכטערל, וואָס איז יונגערהייט געשטאָרבן. נאָר דאָס אַלץ האָט אים נישט געשטערט צו קריגן פֿון צײַט צו צײַט נײַע בלוטשטורצן און צווישן איין בלוטשטורץ און צווייטן — ווינען דערווײַל מיטן ווײַב.

בשעת ער האָט אַזוי געשפּיגן און געוווינט מיטן ווײַב האָט

ער גענומען פֿיר און צוואַנציק פּראָצענט אַ יאָר, געמאַכט די בעלי־חובֿות ליציטאַציעס און, כאָטש ער האָט זיך באַקלאָגט, אַז ער האָט אַ פֿולן פּאָרטפּעל מיט „ווירזאָקן"[2], האָט עס אים פֿון דעסט וועגן נישט געשאַדט פֿון יאָר צו יאָר רײַכער צו ווערן. און אַז אַ ייִד ווערט רײַך און איז דערצו אַ קראַנקער מענטש, פּאָרט מען זיך ראַטעווען. איז ר׳ מאיר בראָמבערג אויך געפֿאָרן. ער, מיט זײַן ווײַב מלכּהלע, וואָס האָט זיך גענומען נאָכפֿרעגן בײַ דאָקטוירים, פֿאַר וואָס זי טראָגט נישט. זײַנען אַזוי אַרום אַריבער די דרײַסיקער. מאיר האָט פֿון מאָל צו מאָל ווידער אויסגעשפּיגן אַ שטיק בלוטיקע לונג, אָבער מיט דער צײַט האָט זיך אין אים עפּעס געשטילט. ער איז צוריקגעקומען פֿון אויסלאַנד אַ קײַלעכדיקער, וויכפּליישיקער, מיט אויפֿגעבלאָזענע באַקן... קיין אײַנגעפֿונדעוועט געשעפֿט האָט ער נישט געהאַט. געלט איז אים געקומען, האָט ער זיך אַרומגע־דרייט אַ צײַט, ווי אַן אָרעמאַן נאָך אַ יום־טובֿ. מלכּהלע, זײַן ווײַב, האָט געהאַט טענות פֿאַר וואָס ער נעמט זיך נישט צו עפּעס. איז אים אײַנגעפֿאַלן אַ געדאַנק. אַז אַזוי ווי ער האָט אַ סך באַקאַנטשאַפֿט צווישן די רוסישע מיליטער־לײַט, בײַ וועלכע ס׳קומט אים געלט, וועט ער פּרווון ווערן אַ שטיקל מאַכער. ס׳הייסט — ער וועט באַ־פֿרײַען יונגע־לײַט פֿון מיליטער. איז אים דער געדאַנק געפֿעלן, האָט ער אָנגעהויבן גיין, שנאַפּן, פּראָלאָנגירן די וועקסלען. און אַזוי גייענדיק און שנאַפּנדיק, איז מאיר בראָמבערג געוואָרן איינער פֿון די גרויסע מיליטער־מאַכערס אין וואַרשע.

איז — אַז ס׳איז געקומען ראש־השנה־צײַט מיט די פֿאַרווייִנטע פֿאַרנאַכטן, ווען לאָמפּן ברענען זיך מיט אַ מיד־פֿאַרטראַכטן זיך איבערן תּכלית פֿון מענטש — פֿלעגן זיך צו ר׳ מאיר בראָמבערג אין די פּראָטערירטע צימערן אַרײַנשאַרן פֿאַרדאַגהטע מאַמעס אין פֿאַטשיילעס, טאַטעס מיט פֿאַרבלאָטיקטע שטיוול און מיט ציטערדי־קער אומגעדולדיקייט אין די אַפּלען. דאָס זײַנען זיי געקומען צום

---

[1] געריכט־אורטייל.

מאַכער האַלטן זיך אַן עצה מכּוח זייערע זין, וואָס דאַרפֿן הײַ־יאָר „שטײן“ [3].

פֿלעגט זיך מאיר בראָמבערג, אַ רוזקער, אַ באַטראַכטער, פֿאַרמאַכן מיט זיי אין אַ באַזונדער חדר, אײַנטענהן, נאָכפֿרעגן, צי דער יונגער־מאַן האָט עפּעס אַ שטיקל פֿעלער, אין וואָס עס באַשטייט דער פֿעלער, און וויפֿל, אַ שטייגער, זיי קאָנען געבן פֿאַר אַזאַ מעשׂה. אַלץ געלאַסן, מיטן אויסגעקײַלעכטיקטן בײַכל, אין זײַדענעם אַכטקאַנטיקן קאַפּעלע, מיטן סאַמעטענעם לאָפּאַטע־בערדל, וואָס האָט זיך מיט ישובֿ־הדעת געהויבן און אַראָפּגעפֿאַלן, ווען מאיר האָט גענעצהט — אַז ס׳בעסטע איז צו מאַכן זיך אַן „אויער“ [4] אַנדערש איז זייער שווער.

האָבן זיך די פֿאַרדאַגהטע טאַטע־מאַמע דערשראָקן. אַן „אויער“ זיך מאַכן האָט געהייסן בלײַבן אַן אייביקער קאַליקע, אין בעסטן פֿאַל גיין פֿון דער וועלט. האָבן זיי געפּרוווט בעטן עפּעס אַנדערש. פֿלעגט ר׳ מאיר צענעמען בײדע הענט:

— אַנדערש קאָן ער זיך נישט אונטערנעמען. הײַ־יאָר וועט זײַן שטרענג, אַ „וואָיענני וראַטש“ [5] — אַ שׂונא ישׂראל... וואָס זאָל מען טאָן, אַז מען איז אין גלות?...

טאַטע־מאַמע האָבן זיך מיישבֿ געווען און מאיר, אין אַכטקאַנטיקן זײַדענעם קאַפּעלע, האָט זיך ליב געהאַט אין אַזאַ פֿאַל אַוועקצושטעלן בײַם שפּיגל, וואָס האָט געגלאַנצט אויף דער שטוב אַרויס מיט אַ נגידישער פֿאַרשײַטקייט, און געהייסן באַטראַכטן זיך.

גענוג הויך איז ער. די אויגן גליִען. נישט איין יונגער־מאַן וואָלט אים נאָך מקנא געווען. דאָס ווײַבל פֿון קעגנאיבערדיקן פֿענצטער איז גאָר אַ לײַטיש ווײַבל. ער זאָל נאָר וועלן אַ ביסל זיך מי געבן, וואָלט ער שוין צוגעקומען צו איר. נישט מער, וואָס די צײַט איז נישט דערויף און ער האָט גראָד נישט דעם קאָפּ דערצו.

---

[2] צו מיליטער־דינסט זיך שטעלן. — [3] אַ פֿעלער אין אויער (טויב ווערן). — [4] קריגסדאָקטער.

טאַטע־מאַמע זײַנען זיך כּסדר מיישבֿ. מאיר קעמט זײַן לאָפּאַטע־בערדל. קעמט פּאַמעלעכער און טראַכט, אַז דאָס, וואָס מענטשן זאָגן, אַז ער איז ענלעך צו ד״ר הערצל, איז טאַקע נישט קיין ליגן. אַ סימן האָט ער, אַז בשעת ער איז געווען אין באַזעל, גראָד אין אַ קאָנגרעסוואָך, האָט מען אים נאָכגעקוקט אין די גאַסן, נישט געווּסט, ווײַזט־אויס, צי ער איז ד״ר הערצל, צי ד״ר הערצל איז ער . . .

אַז מען וויל אַזוי אַ טראַכט טאָן, אויף אַן אמת אַ טראַכט טאָן, ווייסט נישט מאיר בראָמבערג מיט וואָס ער איז דאָס ערגער פֿון ד״ר הערצל, אים צו לאַנגע יאָר. ד״ר הערצל האָט געטאָן טובֿות ייִדן — ער טוט אויך טובֿות ייִדן. ד״ר הערצל איז אַ שיינער מענטש געווען — ער איז אויך אַ שיינער מענטש. נישט מער, יענער האָט גערעדט אויף קאָנגרעסן און ער, מאיר, רעדט נישט. ווען ער, מאיר בראָמבערג, זאָל האָבן צײַט און אַ גרינגן קאָפּ, וואָלט ער אויך געוואָרן אַ ד״ר הערצל.

האָט ער אָבער נישט געהאַט דעם קאָפּ דערצו. מחמת דעמאָלט, ס׳הייסט פֿאַר דער מלחמה, ווען מאיר בראָמבערג איז געווען ענלעך צו ד״ר הערצל, געבאָרגט געלט אויף פּראָצענט און געווען אַ מאַכער בײַם מיליטער, זײַנען גאָר אַנדערע צײַטן געווען. אַ רובל איז געווען אַ רובל. איין מענטש דעם אַנדערן האָט געהאַלטן בכּבֿוד. פֿאַר אַ גבֿיר האָט מען דרך־ארץ געהאַט און אַ גאָט איז אויך געווען אויף דער וועלט. ער אַליין, כאָטש ער האָט שוין לאַנג געהאַט פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן די זײַדענע קאַפּאָטע און מלכּהלע, זײַן ווײַב, איז געגאַנגען אין שול אַרײַן נישט מער ווי פֿון איין מזכּיר־נשמות צום אַנדערן, האָט ער פֿון דעסט וועגן אַלע טאָג געלייגט טלית־און־תּפֿילין. אַ צײַט געווען גבאי אין שול. שבת נאָכן עסן געלייגט זיך שלאָפֿן. אַלץ אין אַכטקאַנטיקן קאַפּעלע מיט די ווייכע לעטשעלעך. אַ ביסל אונטערגעשפּיגן . . . אָבער געלעבט האָט מען און אין גאָט האָט מען געגלייבט.

מלכּהלע איז נאָך דעמאָלט געווען גאָר יונג. האָט זיך פֿאַרגלוסט, איז מען אין אַ מיטן מיטוואָך, פֿאַר מיטאָג, ווען זי, מלכּלע, האָט

זיך אַרומגעדרייט אין די צימערן אַן אויסגעשלאָפּענע מיט פולכּנע געסקלאַרעוועטע הענט, צוגעגאַנגען מיט אַ שמייכעלע, אַ ווייכיטש־קער, און געוואַרעמט זיך די הענט בײַ איר סטאַניק. האָט מלכּהלע מיט אַ צעגאָסן חנדל, וואָס האָט צעשפּרייט איר גווידעריק פּנים, אָפּגעשטופּט אים פֿון זיך:

— נו, גיי שוין, נואַף, גיי שוין!

האָט מאיר געפּאָלגט און איז אַוועקגעגאַנגען ערגעץ אין אַ פֿרעמדער שטוב, צו אַ פֿרעמדן ווײַבל מיט נאָך וואַרעמערע הענט ווי זײַן מלכּהלע. האָט עס זיך געפֿירט טאָג־אײַן, טאָג־אויס, נישט העכער, ניט שטילער, אַזוי ווי דאָס רעגלמעסיקע קלאַפּן פֿון זייגער. קיין קינד, וואָס אַן אמת, האָט שוין מלכּהלע מער נישט געהאַט. אָבער „אויערן" האָבן זיך יונגע־לײַט געמאַכט. דער חשבון פֿון קאַ־פּיטאַל האָט זיך פֿון יאָר צו יאָר פֿאַרגרעסערט, ביז די צײַט, ווען אַ רובל איז געווען אַ רובל און אין הימל איז געווען אַ גאָט, האָט פּלוצלינג, איבער נאַכט, געפּלאַצט.

ר' מאיר איז געבליבן שטיין מיט אַן אָפֿן מויל. אָט אַזוי — מיט אַן אָפֿן מויל און פֿאַרחידושטע אויגן:

— שוין?... אויס?...

ווײַזט־אויס, אַז ס'איז טאַקע געווען „אויס".

צווישן „אַ יאָ מיט אַ ניין" איז אין אַ פֿאַרנעפּלטן פֿרימאָרגן אַרײַן אין שטאָט אַ מיד פֿערד מיט אַ גרויען פֿאַרשויץ, אַ שטײַפֿן, אַ לאַנגן, אַ פֿאַרגליווערטן, און דער דאָזיקער פֿאַרשוין האָט געזאָגט:

— אָט אָ בין איך!

דאָס איז געווען דער ערשטער דײַטש אין וואַרשע.

האָט ר' מאיר בראָמבערג נישט געהאַט פֿאַר וועמען צו „מאַכן" די „אויערן". איבער גאַסן און געסלעך האָט זיך גענומען טראָגן אַ ריח פֿון ביר, אַ געקלאַנג פֿון פּאָדקאָוועס אונטער מענטשלעכע שטי־וול און אַ גיך, געדיכט גאָרגלען מיט העלדזער:

— אונדזער קײַזער... דאָננער וועטער!...

זײַנען מענטשן אַרומגעגאַנגען ווי הײַנט אין גרויסע היצן מיט אַרויסגעשטעקטע לעקערס. איז מען געפֿאָרן, געשוואַרצט סחורה, געשוואָלן געוואָרן. בשעת מעשׂה האָט דער ריח פֿון ביר צוזאַמען מיטן שלעכטן טיטון געשלאָגן פֿון ווײַבערישע און מיידלשע בעטן אַרויס.

צו יענער צײַט, ווען דער עולם האָט זיך ביסלעכווײַז צוגעוווינט צו די נײַע באַלעבאַטים מיט זייער גאָרגלדיק לשון, האָבן זיך אין ייִדישע גאַסן גענומען עפֿענען קליינע געוועלבלעך, וואָס האָבן זיך גערופֿן — „וועקסל־שטובע". די דאָזיקע „וועקסל־שטובע" האָבן געשטעקט אין די מויערן, ווי ביליקע שטיינדלעך אין טאָמבאַקרינגען. יונגע־לײַטלעך, וואָס האָבן געמאַכט אַ ביסל געלט בײַם בויען דײַטשישע בריקן אָדער וואָס זייערע ווײַבער זײַנען געשלאָפֿן מיט די קאָמענדאַנטן — האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויף יעדן ליידיקן געוועלבל און אויסגעהאָנגען אַ שילדל: דאָ קויפֿט מען און מען פֿאַרקויפֿט פֿרעמדע וואַליוטע. איז שוואַרץ געוואָרן פֿון טוכענע הײַטעלעך און צעקנעפּלטע קאַפּאָטעס. מען האָט געשוויצט מיט פֿאַררײַסענע דאַשקעס, געיאָגט זיך איינער מיטן אַנדערן אַזוי ווי צעשראָקענע שעפּסן.

אין יענער בהלהדיקער שוויצײַט איז בײַ מאיר בראָמבערגן נישט גוט געווען. ער האָט געהאַט פֿאַרקויפֿט זײַן הויז אין די ייִדישע גאַסן און באַלד צו מאָרגנס חרטה געהאַט. אים איז געבליבן דאָס געלט. צו וואָס זיך צו נעמען האָט ער נישט געוווּסט. איז ער אַרומגעקראָכן אויף זײַנע ווייכע אָפּצאַסלעך אַ שטילער מיט אַ פֿאַרפֿינצטערטן פּנים, געשפּיגן מער ווי אַלע טאָג פֿון אַ גאַנץ יאָר און אויפֿגעהערט אין זינען צו האָבן זײַן ווײַבס סטאַניק. איצט איז מלכּהלע, זײַן ווײַב, אַרומגעגאַנגען אַ ברוגזע מיט אַן אויסגעצויגן שנעבעלע, אַלע טאָג אינעם זעלביקן בליוזקעלע מיט דער זעלביקער ספּודניצע, צו וואָס האָט איר געטויגט איבערצוטאָן זיך? פֿאַר וועמען, מ'שטיינס געזאָגט? אָט האָט זי זיך אייערבעכטן געוויגן, איז איר אָפּגעקומען גאַנצע פֿינף פֿונט. וואָס איז ס'וווּנדער? אַז מען איז געגאַנגען און

מען האָט פאַרנאַרט אַ הויז פאַר „אַ שיבוש״. אַליין טוט מען נישט די האַנט אין קאַלטן וואַסער אַרײַן. זיצט אַ מאַן אין שטוב און וואַרט אויף ניסים. שוסטערס און שנײַדערס זײַנען געוואָרן גבֿירים. און דאָ? ... נאָך אַ שפּײַ, נאָך אַ הוסט, רבש״ע! מיט וואָס האָט זי זיך אַזוי פאַרזינדיקט?

האָט איר דער מאַן, מאיר בראַמבערג, געענטפערט, אַז ער איז נישט קיין שוסטער און נישט קיין שנײַדער. אויב איר געפעלט נישט, קאָן זי זיך לאָזן צוריקשפּילן...

האָט עס זי פאַרדראָסן, די מאַדאַם בראַמבערג. זי האָט נאָך מער פאַרשנאָבלט ס׳מײַלעכל און צווישן די שמאָלע פעלדעלעך בײַ די אויגן האָט זיך צעלייגט יענץ גרימאַסעלע, ווען ווײַבער טופען־צו מיט אַ פּיסל און טראַכטן:

— וואַרט, וואַרט... וועסט נאָך דאַרפן אָנקומען צו מיר אויך.

איז ווען ר׳ מאיר האָט פאַרגעסן, וואָס ער האָט געזאָגט און ס׳איז אים אָנגעקומען זײַן מאַנספאַרשויניש מינוט — האָט זיך דאָס ווײַב אײַנגעוויקלט אין דער קאָלדרע און נישט צוגעלאָזט צו זיך. איז ער געלעגן, דער מאַן, אויף אַ קאַנט פון בעט און געבעטן זיך, זי זאָל אים אַרײַנלאָזן. האָט זי געענטפערט מיט אַ פאַרדומפן קול פון אונטער דער קאָלדרע אַפּער, אַז אויב אים געפעלט נישט, קאָן ער זיך לאָזן צוריקשפּילן...

פון דעסט וועגן איז מאיר נישט בייז געווען אויף זײַן ווײַב. בײַ זיך אין האַרץ האָט ער איר געגעבן גערעכט:

— פאַרט, ווי זיצט עס אַ מענטש און טוט גאָר נישט? ווי לאַנג איז דער שיעור צו עסן פון גרייטן?

האָט ער זיך גענומען אַרומזען. אַ טאָג נאָך אַ טאָג. און אײדער מלכּהלע, זײַן ווײַב, האָט צײַט געהאַט נאָך אַ מאָל אים נישט אַרײַנ־צולאָזן צו זיך אין בעט, האָט שוין מאיר בראַמבערג געהאַט גע־דונגען אַ געוועלבל, אין אַ ראָג פון צוויי גאַסן, און מיט אַ מאָל איז ער פון אַ מאַכער בײַם מיליטער געוואָרן וואַליוטע־סוחר.

האָט זיך מלפּהלע, זײַן װײַב, נאָך אַ מאָל געװויגן און אין אַ שטילן שמועס צװישן באַגינען און טאָג־װערן — האָט זי אים מגלה געװען אַ סוד, אַז ס׳איז איר, ב״ה, שױן צוריק צוגעקומען צו דער װאָג.

אין שטוב אַרײַן האָט מען צוגענומען נאָך אַ דינסטמײדל. די פּאַרקעטן האָבן גענומען גלאַנצן מיט אַ טונקל־געלער גלעזערנער שפּיגלדיקײט. מאַדאַם בראָמבערג האָט זיך צוגעפּאַסט צום שטערן אַ שמאָל פּאַסיקל שװאַרצן סאַמעט, װאָס האָט ברײטער געמאַכט איר װײך פּנים און צוגעגעבן אים אַן אױסזען פֿון אַ גרױסן ערדענעם טאָפּ. זי האָט גענומען רײדן מיט אַ פֿאַרצױגן ניגונדל, װיגן מיט די צעװאַקסענע באַקעס[5] און אַ גאַנצן טאָג געהאַט צו אָכצן און צו קרעכצן אױף די דינסטמױדן — אַז ס׳איז אַ שטראָף פֿון גאָט הײַנ־טיקע צײַטן צו האָבן צו טאָן מיט די דאָזיקע „טליקעס“[6].

אַז דער מאַדאַם בראָמבערג איז צוגעקומען אַ סאַמעטן פּאַסיקל אױפֿן שטערן, איז דעם הער בראָמבערג אָפּגעקומען פֿון קאָפּ דאָס אַכטקאַנטיקע קאַפּעלע.

ס׳איז געשען צװישן אַ יאָ מיט אַ ניין. ער האָט עס געהאַט אַ מאָל פֿאַרגעסן אין שלאָפֿצימער. װאַרעם איז געװען, האָט זיך אים נישט געגלוסט אַרײַנגײן אױפֿזוכן עס. איז ער אַזױ געבליבן אָן אַ קאַפּעלע ביזן הײַנטיקן טאָג. און אַז מען בלײַבט אָן אַ קאַפּעלע, פֿאַרגעסט מען שױן אױך צו נעמען טלית ותּפֿילין און גײן דאַװנען. װערט מען במילא אױס גבאי. װער האָט דעם קאָפּ צו אַזעלכע נאַ־רישקײטן? איז װען ס׳איז געקומען פֿרײַטיק־צו־נאַכטס, האָט מען פֿאַרגעסן אַרױסצונעמען פֿון שױבן־שענקל די זילבערנע לײַכטער. מאַדאַם בראָמבערג האָט גראָד ניט אָנגעטאָן די טונקל־פֿאַרזילבער־טע זײַדענע בליוזקע, װאָס זי פֿלעגט טראָגן אין די פֿריִערדיקע פֿרײַטיק־צו־נאַכטסן. איז אױסגעקומען, אַז בײַם גרױסן עסטיש, װאָס האָט אַראָפּגעקוקט אױף דער שטוב אַרױס מיט אַ טונקל־געבלומטן

[5] זײַטן, היפּטן. — [6] שלעפּערקעס.

טישטעך, און ס'זײַנען געשטאַנען שטײַפּע דראַטענע בלומען, איז איצט ר' מאיר געזעסן מיט אַ פֿאַרחשבונט פּנים. נעבן אים — אַ טעקע מיט צעלייגטע ווערט־פּאַפּירן. איינער אַ יונגער־מאַן מיט האַרטע וואַנצעלעך און מיט אַן אויסגעמאַגערט פּנים האָט אָפּגעגעבן חשבון פֿון געשעפֿט. ר' מאיר אַליין האָט געגעצט מיט דער צונג די בלײַפֿעדער. געצייכנט גרויסע, קרומלעכע ציפֿערן אויפֿן פּאַפּיר און אַלע מאָל אָפּגעשטעלט זײַנע גלוסטנדיקע אָפּלען אויפֿן אויסגע־מאַגערטן יונגער־מאַן:

— איז וויפֿל, זאָגט איר, איז געבליבן „לאָקשן” אין דער קאַסע?

— געבליבן איז פֿינף טויזנט. קומט בירנצוויַגן — צוויי...

— אַהאַ! — האַקט־איבער ר' מאיר — בלײַבט, הייסט עס, דרײַ.

אַ נעץ מיט דער צונג. אַ שרײַב אויפֿן פּאַפּיר.

דאָס שטובמיידל ברענגט־אַרײַן אַ גלאָז טיי און שטעלט עס אַנידער פֿאַרן הער. מאַדאַם בראַמבערג גייט־דורך מיט אַן אויפֿגע־הויבן געפּאַלדעוועט גוידערל. זי קלינגט מיטן בינטל שליסעלעך, חנדלט דעם גרויסן ערדענעם טאָפּ און, נישט האַבנדיק, סוף־כּל־סוף, וואָס צו טאָן, גיט זי אַזוי אַ קוק פֿון אַ זײַט אויפֿן אויסגעמאַטערטן יונגן־מאַן. יענער פֿאַרשטעקט די נאָז אין אַ גרויס פּאַפּיר אַרײַן און האָט נישט קיין צײַט צו זען. שפּעטער, ווען ער גייט־אַוועק, דער יונגער־מאַן, און אויפֿן אַמאָליקן שבתדיקן טיש שטעלט מען אַרויף געפּרעגלטע אייער מיט פֿיליזשאַנקעלעך קאַקאַאָ, רופֿט זיך אָן, צווי־שן איין שלינג און דעם אַנדערן, מאַדאַם בראַמבערג:

— עפּעס אַ „מרוק”, דער קאַסירער דײַנער.

— וואָס האָסטו געוואָלט, ער זאָל טאַנצן?

— ווער רעדט װעגן טאַנצן. נאָר ווי איז מען אַזוי פֿאַרחושט?

— און אַז פֿאַרחושט, איז וואָס? אַ גאַנץ אָרנטלעך מענטשל.

מאַדאַם בראַמבערג בײַסט־אײַן אירע פּלאַטינענע ציין אין ווייכן זעמעלע אַרײַן און קוקט מיט אַ לאַנגן חוזק־פֿעלדעלע צווישן די אויגן.

ר׳ מאיר איז פֿאַרנומען. איצט גייט אים זײַן װײַב װײניק אָן. ער האָט נישט דעם קאָפּ צו איר. דאָס געשעפֿט צעװאַקסט זיך. צײַטן — גאָלדענע. דאַכט זיך, װאָס? אַ קליין שװאַרץ געװעלבל. מען זעט עס כּמעט נישט אָן. פֿאַר אַ פֿרעמדן אױג מאַכט עס דעם אײַנדרוק פֿון אַ שטיק טריפֿהנער סחורה, װאָס שאַרט זיך בײַ דער זײַט. נאָר אַז מען קומט־אַרײַן אינעװייניק, גיט אַ שלאָג אין פּנים אַרײַן אַן ענגע שטייענדיקע װאַרעמקייט פֿון צעשװיצטע מאַנסבילשע לײַבער. ס׳רובֿ דרייען זיך דאָרט פֿאַרשוינען הפֿקרדיקע מיט מאָגער־אױסגעשיטע בערדלעך, װאָס די שפּיצן װערן כּסדר געציפּט פֿון נערװעזע ליפּן.

אָט פֿראַלט זיך אױף די שװאַרץ־געמאָלענע טיר און צוזאַמען מיט אַ שטיק ליכטיקן דרױסן שטופּט זיך אַרײַן אַ צעקנױדערט זעקל־ייִדל אַ קײַלעכיקס, אַ װייכס, און שלעפּט פֿון בױך אַרױס װאַליוטע. דער יונגער־מאַן מיטן אױסגעמאָגערטן פּנים און מיט דער בלײַפֿעדער אונטערן אױער ציילט די אַלע אױסגעװאַרעמטע „לאַנגע" מיט די „קורצע", סדרט זיי אױס אין באַזונדערע פּעקלעך, באַחשבונט און באַצאָלט.

איז עס אַזױ געגאַנגען אין יענער שװיצײַט פֿון אינדערפֿרי ביזן שפּעטן אױף דער נאַכט אַרײַן. דער טעלעפֿאָן האָט זיך געריסן, װי אַ הונגעריקער הונט. מאיר בראָמבערגס חשבונות אין די בענק האָבן גענומען אױף זיך פֿלייש. מאַדאַם בראָמבערג איז אַרױס אין גאָס אַרײַן אין אַ לאַנגן מאַלפּע־פּוטער, אַ גרױסע, אַן אָנזעעװדיקע. און אַזױ װי דער מאַן איז אַ גאַנצן טאָג געװען פֿאַרנומען אין געשעפֿט, איז איר געװאָרן לאַנגװײַליק צו זיצן מיט די צװיי דינסטן אין די פּראַטערירטע צימערן, האָט זי זיך דערמאָנט אין טעכטערל, װאָס איז יונגערהייט געשטאָרבן. אַז זי האָט זיך דערמאָנט אין טעכטערל, האָט זי שױן אין אײן װעגס אַ טראַכט געטאָן, אַז ער, מאיר, איז לעצטנס שטאַרק פֿאַרנומען מיט דער װאַליוטע. ס׳גייען־אַדורך װאָכן, װאָס ער שלאָפֿט־דורך די נעכט װי נישט קיין היגער. סוף־כּל־סוף איז זי דאָך נאָך אַ יונגע פֿרױ. איז דאָס אַ לעבן?...

לאַנג טראַכטן האָט אָבער מאַדאַם בראָמבערג נישט געקאָנט... זי פּלעגט קריגן גרויס קאָפּווייטיק. איז ס'בעסטע מיטל געווען אָנטאָן זיך און אַ ביסל אַראָפּגיין. געגאַנגען פֿון איין געוועלב אין אַנדערן אַרײַן. אויסגעפֿרעגט זיך די פּרײַזן און כּמעט קיין מאָל נישט גע־קויפֿט. פֿאַרבײַגייענדיק פֿאַרן שוואַרצן געוועלבל מיט די גרינלעך־אָפּגעשאָסענע פֿאָרהענגלעך אויף די שויבן, האָט זי טייל מאָל, צווישן טאָג און נאַכט, פֿאַרבלאָנדזשעט אַרײַן און צוגעקוקט זיך, ווי ס'גייט צו דער האַנדל. איר איז נישט געפֿעלן, ווי אַזוי דער אויסגעמאָ־גערטער יונגער־מאַן סדרט־אויס די פּעקלעך געלט. האָט זי גע־טראַכט, אַז ער מוז זײַן גאָר אַ גרויסער „מרוק“, און אַז דאָס ווײַב זײַנס מוז פֿון אים האָבן קאַלט און וואַרעמס.

אַהיימגעגאַנגען איז זי פֿון געוועלבל מיט נישט־ניחהדיקע טריט. אויפֿן וועג האָט זי ווידער געטראַכט, אַז זי וואָלט אַזאַ „מרוק“ נישט געהאַלטן. אַזעלכער קאָן נישט זײַן קיין גוטער קאַסירער. נאָר מאיר איז דען אַ מענטש, וואָס לאָזט זיך זאָגן? אַלץ — אַליין. ער הערט זי דען? זי האָט דען אַ דעה בײַ אים, אָט בײַ דעם מאַן אירן, וואָס האָט געלעכערטע לונגען און קאָן שוין מער קיין קינד נישט האָבן? טראַכט אַזוי מאַדאַם בראָמבערג, אַרויפֿגייענדיק אויף די שטיינערנע טרעפּ פֿון הויז, און פֿילט זיך אומגליקלעך. קומט איר טייל מאָל אַקעגן פֿון אויבן אַראָפּ דער דײַטשישער לייטענאַנט מיט דער שאַרף־געשניטענער דינער נאָז, וואָס וווינט אַ טיר אין אַ טיר מיט מאיר בראָמבערגן. כאַפּט ער געשווינד די האַנט צום היטל און באַגריסט זי אין לײדיקן הויז אַרײַן:

— גוטן אָוונט, מאַדאַם!

ווערט מאַדאַם בראָמבערג אַזוי ווי הינטערשטעליק. זי פֿאַר־גוידערט דאָס פּנים מיט אַ שטילער מתיקות, וואָס דריקט זיך אויס אין האַלב ; צומרוזשען די אויגן:

— גוטן אָוונט, הער לייטענאַנט!

שפּעטער זיצט זי אַ שווערלײַביקע מיט צעלאָזטע בענדלעך פֿון די קליידער, מיט אויסגעפּופּלטע וואַרעמע הענט און טראַכט, אַז אָט

דער לייטענאַנט האָט אויסטערליש־גלײַכע פּלייצעס... אַז די נאָז בײַ אים איז זייער דין... ווינט ער דאָ קעגנאיבער. און מאיר מיט די געלעכערטע לונגען שלאָפֿט... שלאָפֿט...

— האַ, מאירל, ווי לאַנג איז דער שיעור, מאירל?

איז אָבער מאיר בראָמבערג געווען אַ קראַנקער מענטש. דאָס שוואַרץ־אײַנגעפּאַסטע געוועלבל מיט די צעבהלהטע יונגע־לײַטלעך האָבן אים מיד געמאַכט. ער האָט צו־פֿיל גערעדט און צו־פֿיל געשוויצט. איז — אַז ס'איז געקומען פֿאַר נאַכט, האָט זיך אים די טעמפּעראַטור געהעכערט. די שטים איז הייזעריקלעך געוואָרן. האָט ער אַפֿילו געוואָלט אַרויפֿגיין צום דאָקטער. נאָר אַזוי ווי די וואַליוטע איז געפֿלויגן פֿון מינוט צו מינוט, האָט ער עס אָפּגעלייגט אויף אַ פֿרײַען טאָג. אָפּגעלייגט און צופֿרידן געווען. ער האָט מורא געהאַט, אַז דאָס מאָל זאָל אים דער דאָקטער ניט זאָגן אַזעלכעס, וואָס קיינער האָט אים ביז אַהער נישט געזאָגט.

קומט ער אַ מאָל אַהיים אין אַ פֿאַרנעם אויפֿדערנאַכט מיט אַ פֿולער טעקע געלט. עפֿנט די אײַזערנע קאַסע, וואָס שטייט בײַ אים אין שלאָפֿצימער, און לייגט־אַרײַן די אָנגעפּאַקטע טעקע. האַלט ער שוין בײַם פֿאַרמאַכן די געשוואָלענע קאַסעטיר, גיט זיך אים עפּעס אַ וויג אין קאָפּ. בעט ער דעם קאַסירער, וואָס איז מיט אים מיטגעקומען, יענער זאָל אים העלפֿן צומאַכן. נאָר ר' מאיר האַלט שטײַף די קליאַמקע פֿון דער קאַסע, פֿאַרקײַכט זיך פּלוצלינג מיט אַ שטילן שליוכץ און גיט אַ וואָרף־אַרויס פֿון אויסגעקײַלעכדיקטן מויל אַ צעשפּריצטן גאָס בלוט. עס צעפּאַלט אויף דער קאַסעטיר, אויפֿן געלגלאַנצנדיקן פּאַרקעט און אויף אַ פּאָלע פֿון קאַסירערס מאַרינאַרקע. דאָס איז געווען דער שטאַרקסטער בלוטשטורץ, וואָס מאיר בראָמבערג האָט ווען עס איז געהאַט.

ער איז געלעגן דערנאָך מיט אַ גרויס ווײַס פּנים, געשלונגען אײַז און נישט געטאָרט רירן. מלכהלע, זײַן ווײַב, איז אַרומגעגאַנגען פֿאַרפֿינצטערט איבער די אָפּגעלאָזענע צימערן, וועלכע האָבן געשמעקט מיט דושנער זויערקייט פֿון רפֿואות און שוייס. אַלע טאָג

איז געקומען דער דאָקטער. האָט מלכּהלע געלייענט אויף זײַן שטרענגן פּנים אַ פֿאַרדאַגהטע ניט־זיכערקייט.

איז איר איין מאָל, אין אַ מיטן דער נאַכט, אײַנגעפֿאַלן, אַז מיט מאירן האַלט שמאָל. װאָס װעט דאָ װערן?... מיט װאָס בלײַבט זי? האָט זי באַלד אין דער פֿרי אױפֿגעקלאַפּט אַ דעפּעשע צו אירע טאַטע־מאַמע אין קליינעם שטעטל אַרײַן, מען זאָל גלײַך קומען.

האָבן זיך אין אַ טריבן נאָכמיטאָג אַרײַנגעשטופּט צװיי אַלטע לײַט מיט פֿאַרגרעסערטע, פֿרעגנדיקע פּנימער און שטילערהייט גענומען אַרומשפּאַנען איבער מאיר בראָמבערגס װױנונג. אױסגעזען האָבן זיי װי אָפּגעשװאַכטע הינדלעך, נאָר געגעסן האָבן זיי אַ סך. געפּאַטשט מיט די ליפּן און געהאַלטן זיך אין איין סודען מיט זייער טאָכטער. זיי האָבן באַטאַפּט מיט די אױגן דאָס מעבל, אױסגעפֿרעגט זיך, װוּ די בריליאַנטן ליגן, צי האָט זי, מלכּלע, עפּעס אַן אַקט.

האָט מלכּהלע, מיט אַ פֿײַכט נאָזטיכל אױפֿן שטערן, צענומען הילפֿלאָז די הענט אַזױ, אַז טאַטע־מאַמע האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז ס׳איז איר, נעבעך, אַ גרױס אומגליק געשען. האָבן זיי זיך געפֿרעגט גוטע־פֿרײַנד. גוטע־פֿרײַנד האָבן געעצהט... און ר׳ מאיר איז אַלץ געלעגן און נישט געטאָרט רײדן. ער האָט זיך אָבער אין דאָזיקן מלאך־המוותדיקן שװײַגן אײַנגעהערט אין שװער־און־שװיגערס װייך־לאַטשנדיקן אַרומטשאַפּען איבער די שטובן און געהאַט ס׳געפֿיל, אַז אָט די צװיי האַלב־געפּגרטע הינדלעך דרייען זיך דאָ אַרום װי װעלף בײַ שאָסייען. האָט ער כּסדר געפֿרעגט אױף שטום־לשון נאָך װאָס זיי זײַנען געקומען... װאָס האָבן זיי אַזױ פֿיל אַרומצוקריכן? האָט מלכּהלע, זײַן װײַב, אים געבעטן, ער זאָל ליגן רויִק. דער דאָקטער האָט אָנגעזאָגט, ער זאָל אַפֿילו מיט קיין האַנט נישט אַ ריר טאָן. איז ער געלעגן רויִק, נאָר ס׳פּנים איז אים פֿאַרגאַנגען מיט אַ גרײַנעם כּעס. די אױגן האָבן געבלאָנדזשעט איבערן שלאָפֿצימער מיט הונגעריקער נײַגעריקייט, אַזױ װי ער װאָלט דאָס דאָזיקע צימער צום ערשטן אָדער צום לעצטן מאָל געזען. ס׳געװעלבל, דערװײַל, האָט גערױשט אָן אים. ס׳איז צוגעקומען דאָרט נאָך אַ יונגער־מאַן מיט

אַן אויסזען פֿון אַ פֿערדהענדלער. ער האָט הויך גערעדט און גע־האַט אַ טבֿע צו קריכן יענעם מיט די הענט אין דער באָרד אַרײַן. דאָס איז געווען אַ לײַבלעכער ברודער פֿון ר׳ מאיר בראַמבערגס ווײַב. ר׳ מאיר האָט אים פֿײַנט געהאַט. ער האָט געהאַלטן, אַז דער דאָזיקער יונג, וואָס האָט אין יעדער שטאָט אַ ווײַב, וועט נאָך אַ מאָל פֿאַרפֿוילט ווערן אין קייטן. איצט איז ער קאַפּויר געקומען. מאיר האָט נישט געוואָלט מסכּים זײַן יענער זאָל אַרײַן אין געשעפֿט, נאָר מלכּהלע האָט נישט געפֿרעגט נאָך איר מאַנס שטומען ווינקען און האָט דעם ברודער אַרײַנגעזעצט. האָט זיך דאָרט ווײַטער געקנוילט דער גרויער שטויב פֿון אויסגעשמעלצטע קאַפּאָטעס, פֿון פּראָווינצער שטיוול און פֿון ביליקן טיטון.

אויף דער נאַכט, אַז מען האָט פֿאַרמאַכט די שוואַרצע לאָדנדלעך און עולם קאַפּאָטעס האָט זיך צעשיט אויף די טראָטואַר־בערזעס, איז דער קאַסירער מיטן אָפּגעמאָגערטן פּנים אַרויפֿגעגאַנגען צום פּרינציפּאַל אָפּגעבן חשבון פֿון אַ גאַנצן טאָג.

דערווײַל איז ר׳ מאירן לײַכטער געוואָרן. ער האָט שוין אָנגע־הויבן ביסלעכווײַז אַראָפּקריכן פֿון בעט. האָט ער זיך אַוועקגעזעצט בײַם טעלעפֿאָן אַרומגעשטעקט מיט ווייכע טיכער און אַזוי אַרום דיספּאָנירט אין געשעפֿט אַרײַן. און אַז וואַרעמע טעג האָבן אָנגע־הויבן פֿאַלן פֿון דעכער, איז ר׳ מאיר ס׳ערשטע מאָל אַרויסגעגאַנגען אין גאַס אַרײַן. געווען אַ פּאָר שעה אין געשעפֿט. צוגעקוקט זיך, ביז ער האָט אָנגעהויבן קומען אַלע טאָג און געוואָרן צוריק מאיר בראָמבערג.

קאָן דאָך געמאָלט זײַן, אַז ס׳וואָלט זיך אַזוי געפֿירט ווער ווייסט ווי לאַנג. ר׳ מאיר וואָלט אפֿשר קיין מאָל נישט געוואָרן קיין שותּף אין קיין פּאַפּיר־פֿאַבריק. איז אָבער געקומען ס׳פֿאַל, ווען דער דײַטש האָט געמוזט צוריק אַרויס. פּלוצלינג, צווישן טאָג־און־נאַכט, האָט מען גענומען לויפֿן איבער שאָסייען. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן בהלהדיקע צײַטן. מען האָט פֿאַרוועכט צו האַנדלען און מאיר בראָמ־בערג איז געווען נאָך אַ קרענק. דער דאָקטער האָט דורכויס גע־

הייסן פֿאָרן קיין מצרים. קיין פֿרישן פּאַטענט האָט מען מאירן נישט געוואָלט אַרויסגעבן. האָט ער פֿאַרקויפֿט ס׳געוועלבל. דער קאַסירער מיטן אויסגעמאָגערטן פּנים איז אַרויס אויף דער טראָטואַר־בערזע. מאירס שוואָגער איז אַוועקגעפֿאָרן זוכן נײַע ווײַבער. און מאיר גופֿא איז געזעסן אין מצרים.

צוריקגעקומען איז ער פֿון דאָרט אַן אָפּגעברענטער, מיט אַ רוי פּנים. נישט מער, וואָס דאָס קול זײַנס איז געווען הייזעריק. ער האָט גערעדט שווער, אַזוי ווי עס זאָל עפּעס שטעקן בײַ אים אין דער קעל און געפֿוילט זיך לאָזן פֿאַלן אַן איבעריק וואָרט.

האָט ער זיך צוריק אַוועקגעזעצט אין זײַנע פֿראַטערירטע צי־מערן. ווידער אַן אַ געשעפֿט. שטילערהייט האָט ער אַפֿילו געקויפֿט אַ ביסל וואַליוטע אָדער געבאָרגט דאָלאַרן אויף צען פּראָצענט אַ חודש. אָבער קיין פֿירמע איז ער שוין מער נישט געווען. טאַקע דער אייגענער מאיר בראָמבערג מיטן גרויסן קאַפּיטאַל, מיט גרוי־סער קענטשאַפֿט אין די באַנקקרײַזן, אָבער צו אים שרײַבט מען שוין נישט: „דאָ פֿירמע מ. בראָמבערג, וואַרשאַוואַ״. די בלאַנקעטן מיט זײַן פֿירמע ליגן ערגעץ פֿאַרשטעקט אין אַ שופֿלאָד, וואָס ר׳ מאיר עפֿנט זייער אָפּט אויף און באַטראַכט די געדרוקטע אותיות מיט זײַן נאָמען. ער פֿאַרשטעלט די נײַע מענטשן מיט די נײַע „פּאַ־זשאַנדקעס״, וואָס האָבן אים געמאַכט פֿאַר אויס באַנקיר, נאָר פֿאַר עפּעס אײנעם מאיר בראָמבערג, וואָס וווינט דאָ און דאָ, אונטער אַזאַ און אַזאַ נומער, און פּטור.

האָט זיך אין די פֿראַטערירטע צימערן צעלייגט די אייגענע היי־זעריקע טונקלקייט, וואָס אויף ר׳ מאירס פּנים. די אַלטע שווער־און־שוויגער זײַנען שוין געהאַט לאַנג אַוועקגעפֿאָרן. נאָר זייער כיטרע אַרומשפּאַנען איבער די גלאַטע פּאָדלאָגעס האָט נאָך אָפּגעקלונגען מיט אַ פֿאַרזשאַווערט ווידערקול. יעדעס מאָל האָט זיך ר׳ מאירן געדאַכט, אַז פֿון דער אָדער פֿון יענער שטול פֿילט מען עפּעס אַ פֿאַרלעגענעם ריח. האָט ער טענות צום ווײַב:

— אַז האָט זי געשווינד אַראָפּגעשיקט נאָך טאַטע־מאַמע.

טאָמער מאַכט ער צו אַן אויג, אַז עס אַרט איר גאָר נישט, וואָס מען זיצט אַן אַ געשעפֿט...

האָט מלכּהלע געענטפֿערט, אַז זי איז סײַ ווי סײַ אומגליקלעך. אַז ער באַהאַנדלט זי ערגער ווי אַ דינסט. אַן אַנדערע אויף איר אָרט וואָלט שוין לאַנג געהאַט פֿון אים אַנטלאָפֿן. אַ לעבן, מישטיינס געזאָגט. קיין קינד, קיין רינד. וואָס האָט זי פֿון אים, וואָס?

האָט מאיר, דער מאַן, געענטפֿערט, אַז דאָס איז זי שולדיק: זי קאָן נישט האָבן.

האָט עס פֿאַרדראָסן דער מאַדאַם בראָמבערג. געקרענקט ביז דער זיבעטער ריפּ, האָט זי פֿאַר גרויס כּעס אַ וואָרף געטאָן אים פֿון די פּלאַטינענע ציין אַרויס, אַז זי וויל נישט האָבן קיין „זדעכליאַקעס"[7].

דעמאָלט איז ר' מאיר בראָמבערג שטיל געוואָרן און מלכּהלע, זײַן ווײַב, איז זיך אין מיטן טאָג אַוועקגעגאַנגען ערגעץ איבער די גאַסן. געוואָרן צוגעלאָזן צו אָרעמע־לײַט. אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק געשטאַנען מיט אַ „בלימל" אין ראָג פֿון צווײ גאַסן — אַ חנדלדיקע, אַן אויסגעפּופּלטע. און נישט איין יונגן מענטש געשענקט אַ לאַנגן אויסגעוואָרעמטן בליק. פֿון יענעם מין בליקן, וואָס הייבן זיך אָן בײַ ווײַבער צו פֿופֿצן יאָר און ענדיקן זיך קיין מאָל נישט. און מאיר איז געזעסן אין שטוב אַ וואָרעמער, אַ וויכער און געזאָרגט. נאָר אַז דאָס פֿרישע שטובמיידל איז אַרײַנגעקומען אויפֿרוימען און מאיר, זיצנדיק אויף דער אָטאָמאַנע, האָט זיך צוגעקוקט צו איר געפּאַקטן יונגן בוזעם, האָט עס אים אַ צאַפּל געטאָן אונטערן האַרצגריבל. ער האָט פֿאַרגעסן, אַז ער איז הייזעריק, אַז ער זיצט אַן אַ געשעפֿט. און ווען יענע האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו די פּראָ־טעריר־טיכער, האָט דער וויכער, אויסגעוואָרעמטער מאיר בראָמ־בערג מיטן אויסגעפּוצטן סאַמעטענעם בערדל צוגעגליטשט זיך און

[7] אַזאַ וואָס קען שטאַרבן אַ ליאַדע מינוט (אַ גייענדיקער מת).

מיט אַ הפֿקרדיקער פֿאַרגאַווערטקייט אַרונטערגעשטעקט די האַנט אונטער יענערס קלייד:

— כי, כי... — האָט ער נאָס געשמייכלט — יוזשע נישט קיין מורא האָבן... מאַדאַם וועט נישט וויסן...

צו יענער צײַט האָט מאיר בראַמבערגס ברודער, פֿאָן הערזאָנים, אַרויסגעקוקט אין אַ רעגנדיקן נאָכמיטאָג דורכן פֿענצטער פֿון זײַן קאַנטאָר אין פֿאַבריקהויף אַרײַן און געטראַכט:

— אַז אַזוי ווי ער איז שטאַרק געענגט אין קאַפּיטאַל און מיט וואָס צו קויפֿן רוי־מאַטעריאַל האָט ער נישט, שטייט די פֿאַבריק אַ פּאָר מאָל אין דער וואָך. און אַזוי ווי ער האָט געהערט, אַז דער ברודער זײַנער, מאיר, זיצט אָן אַ געשעפֿט, וואָלט אפֿשר אַ יושר געווען איבערצובעטן זיך מיט אים און אָנשלאָגן, יענער זאָל צו־שטיין פֿאַר אַ שותּף צו דער פֿאַבריק.

זײַנען אָבער ביידע ברידער אַ צײַט געווען ברוגז. עפּעס האָט מען זיך אַמאָל צעקריגט איבער אַ מצבֿה פֿאַר אַ געשטאָרבענעם ברודער. מאיר האָט געטענהט, אַז אַזוי ווי יענער, דער געשטאָרבע־נער, איז געווען אַן אָרעמאַן, איז אַ חובֿ פֿון ביידע לעבעדיקע ברי־דער צו שטעלן אַ מצבֿה. האָט הערזאָנים געזאָגט, אַז ער האַלט נישט פֿון קיין מצבֿות. אַז אויב ער, מאיר, וויל, קאָן ער יענעם שטעלן וויפֿל מצבֿות זײַן האַרץ גלוסט. איז אַזוי ווי מאיר איז נאָך דעמאָלט געווען פֿרום און אין שטאָט איז ער אָנגעגאַנגען פֿאַרן גרויסן גבֿיר, האָט ער געלאָזט שטעלן אַ מצבֿה אויף זײַן אייגענעם חשבון. דער־פֿאַר אָבער האָט ער זיך געגעבן דאָס וואָרט, אַז מער וועט ער זײַן ברודערס שוועל נישט איבערטרעטן.

פֿאָן הערזאָנים האָט דערווײַל חתונה געהאַט. דערשלאָגן זיך צו אַ פּאַפּיר־פֿאַבריק. אָבער מאיר האָט אַפֿילו נישט געוואָלט הערן פֿון אים.

זיצט ער אַ מאָל, ר׳ מאיר בראַמבערג, אין אַ ווינטערדיקן אויפֿ־דערנאַכט בײַ זיך אין עסצימער און קוקט־אַרײַן אין אַ צײַטונג. דאָס טונקעלע, שווערע מעבל מיט די לויטערע קרישטאָלן פֿון שויבן־

שענקל שוויַגן אין וואַרעמער שטילקייט. דער אומרו פֿון שטייזיי־גער וויגט זיך מעשׂה מידער זקן פֿאַר קריאת־שמע. מאַדאַם בראַמ־בערג זיצט בײַם צווייטן עק טיש. זי שיילט ברחבֿהדיק אַ פּאָמעראַנץ און שטופּט אים אַרײַן אַ נישט־צעביסענעם צווישן די גלאַטיקע פּלאַטינענע ציין. קלינגט מען בײַ דער טיר.

אויף דער נאַכט קלינגט מען זייער וויניק בײַ ר׳ מאיר בראַמ־בערגס וווינונג. האָט ר׳ מאיר אָוועקגענומען דאָס לאָפּאַטע־בערדל פֿון דער צײַטונג און מלכּהלע, זײַן ווײַב, איז געבליבן מיט אַן אײַנ־געביסענעם פּאָמעראַנץ צווישן די ציין. קומט־אַרײַן דאָס שטובמיידל אַ האַלב־פֿאַרשלאָפֿענע און שנאַפּלט־אויס, אַז עפּעס אַ „פּאַן״ פֿרעגט זיך צום הער.

לייגט שוין מאיר אַוועק די צײַטונג. מאַדאַם בראַמבערג ווישט גיך אָפּ די ליפּעלעך און ביידע מיט אויסגעשפּיצטע פּנימער, ווי אַן אַלט פּאַרפֿאָלק אין אַ פֿאַרוואָרפֿן שטיבל, ווען אַ קאַץ גראַבלט אויפֿן דאַך, וואַרטן זיי — ווער ס׳וועט דאָ אַרײַנקומען.

עפֿנט זיך פּאַמעלעך די טיר און ס׳בלײַבט שטיין פּאַן הערזאָגים, אַ שטײַפֿער, מיט אַ געמיטלעך שמייכעלע אויפֿן גרויען פּנים.

— גוטן־אָוונט!

ר׳ מאירן איז געוואָרן וואַרעם אין האַלדז. מלכּהלע האָט זיך אַ הייב געטאָן און גיך אַוועקגעשטעלט דאָס קרישטאָלענע טעלערל, וווּ ס׳זײַנען געלעגן די שאָלן פֿון פּאָמעראַנץ.

פּאַן הערזאָגים איז געווען רויק. אַ קוש געטאָן דער שווענערין אין פּולכנע הענטל אַרײַן. געגעבן שלום־עליכם דעם ברודער, וואָס איז געזעסן ווי נישט קיין היגער, און אַליין אַוועקגעזעצט זיך בײַם טיש.

מאַדאַם בראַמבערג האָט אָנגעקלונגען נאָך טיי. האָט פּאַן הער־זאָגים וואַרעמער זיך אַוועקגעזעצט אויף זײַן שטול און אָנגערופֿן זיך צו מאירן, אַז ער, מאיר, דאַרף זיך נישט אַזוי וווּנדערן. ווי לאַנג איז דער שיעור צו זײַן ברוגז? הערזאָגים האָט פֿאַרשטאַנען, אַז מאיר וועט צו אים נישט קומען. ערשטנס, איז יענער עלטער.

צווייטנס, האָט ער שוין אַזאַ טבֿע, מאיר, אַז ער בעט נישט איבער. ווי זאָגט מען עפּעס: אַז מחמד גייט נישט צום באַרג, קומט דער באַרג צו מחמדן, כע... כע... כע...

מלכּהלען זײַנען געפֿעלן געוואָרן דעם שוואָגערס רייד. זי האָט אים שוין לאַנג נישט געהאַט געזען. האָט זי געקוקט אויף אים מיט אַ צעשמייכלטן גוידערל און געטראַכט, אַז הערשנים איז טאַקע אַ מענטש און איר מאיר איז אַלץ געבליבן דער אייגענער „טשאַפּ־טשאַק“ [8]. מאיר ווידער, וואָס האָט זיך שוין געהאַט אַ ביסל באַ־רויִקט, איז פֿון דעסט וועגן געזעסן אַ צוריקגעהאַלטענער. נאָר אַז יענער האָט שוין געהאַט אויסגעטרונקען ס׳גלעזל טיי און אויסגע־פֿרעגט זיך אויפֿן געזונט און אויף פּרנסה, האָט מאיר אים געפֿרעגט, וואָס אייגנטלעך ס׳האָט אים באַוויגן אַזוי אומגעריכטערהייט אַרויפֿ־צוקומען.

האָט פֿאַן הערשנים, וואָס האָט ליב געהאַט אונטערצושטרײַכן יעדעס וואָרט, געענטפֿערט, אַז קודם־כּל האָט ער געוואָלט ווערן אויס ברוגז. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ ברוגז מיט אַן אייגענעם ברו־דער?... דאָס איז איינס. צווייטנס... ווי זיצט מען דאָס אָן אַ גע־שעפֿט? איז אָט וואָס: מן־הסתּם האָט מאיר געהערט, אַז ער, הע־רשנים, האָט אַ פּאַפּיר־פֿאַבריק. אַ גאָלדן געשעפֿט. מען קאָן נתעשר ווערן. נישט מער, ער הערשנים, פֿילט זיך נישט בכּוח אַליין עס צו פֿירן. ער האָט פֿאַרטראַכט גרויסע פּלענער. ער וויל אַרײַנשטעלן נאָך עטלעכע מאַשינען. איז אים אײַנגעפֿאַלן, אַז אַזוי ווי מאיר זיצט אָן אַ געשעפֿט און אַ גוטער סוחר, ווייסט ער, איז ער — צי וואָלט נישט אַ יושר געווען, ער, מאיר, זאָל צושטיין פֿאַר אַ שותּף. קיין גרויסע קאַפּיטאַלן דאַרף מען נישט. דער עיקר — ענערגיש נעמען זיך צו דער אַרבעט...

ר׳ מאיר האָט געהערט און קאַרג געווען אויף אַ וואָרט.

ביידע ברידער זײַנען געווען ענלעך צו זיך. ביידע האָבן געהאַט

[8] אַ בטלן, אַ כניאָק, אַ צעקראָכן חסידל.

אין די בליקן אַזאַ אויסגעוואַרעמט פֿײַערל, וואָס האָט צו טאָן מיט לונגען און מיט געהעכערטער טעמפּעראַטור. פֿאַן הערצאָנים האָט אויך גערעדט הייזעריקלעך, מיט אַ האַרטן „שין" און מיט אַ יידיש אונטער־ניגונדל. פֿון ריידן יידיש האָט ער נישט געהאַלטן. זײַן שפּראַך איז געווען — פּויליש. נאָר איצט, צוליב דעם ברודער, האָט ער אַ גאַנצן אָוונט אונטערגעהאַנדלט אויף יידיש.

זײַנען זיי געזעסן ביז אַ שטיק אין דער נאַכט אַרײַן. פֿאַן הער־צאָנים האָט געגנוי צעלייגט זײַנע פּלענער. און מאיר האָט זיך גע־האַלטן פֿון דער ווײַטנס. צום סוף, ווען אונטער די פֿענצטער האָט זיך געהערט וואַרפֿן דאָס נאַכטגלעקל פֿון טויער, האָט מאיר געענט־פֿערט דעם ברודער זײַנעם, אַז אין עצם געפֿעלט אים דער פּלאַן, נאָר ער מוז זיך נאָך מיישבֿ־זײַן.

שפּעטער, ווען פֿאַן הערצאָנים האָט זיך געהאַט געזעגנט, איבער־לאָזנדיק זײַנע אויסגעוואַרעמטע ליפּן אויף דער שווערגערינגס פּולכנע הענטל, האָט מאיר מיט צעברענטע פּלעקן אויף ביידע קינבאַקן גע־פֿרעגט זײַן ווײַב, ווי זי פֿאַרקוקט זיך אויף דעם גאַנצן ענין. האָט מלכּהלע געזאָגט, אַז לויט ווי איר דאַכט זיך דאַרף עס זײַן אַ גוט געשעפֿט. ערשטנס, איז עס אַ ברודער... ער וועט דאָך אים נישט אָפּנאַרן. און, צווייטנס, גייט ער דאָך אַרײַן אין אַ פֿאַרטיק געשעפֿט.

...איז אָט שוין גאַנצע צוויי יאָר, ווי מאיר בראָמבערג, דער וואָ־ליוטע־הענדלער, וואָס זעט נאָך איצט אויס ווי ד״ר הערצל, איז שותּף אין דער פּאַפּיר־פֿאַבריק מיטן גרויסן פּירקאַנטיקן קוימען, וואָס וואַרפֿט־אַרויס פֿון זיך פֿיר און צוואַנציק שעה אין מעת־לעת דעם אָטעם פֿון אײַנגעשוואַרצטע מענטשן מיט פֿאַרקאָפּטשעטע לונגען — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...נאָר מאיר איז נישט צופֿרידן. ער פֿילט זיך ווי פֿאַררוקט אין אַ זײַט. עפּעס גייען דאָרט מאַשינען אָן אים. דער רויך פֿון קוימען ציט זיך אָן אים. און אַפֿילו פֿאַרדינען פֿאַרדינט מען אויך אָן אים.

ערשט איצט גיט ער זיך אָפּ אַ קלאָרן חשבון, אַז דאָס שותּפֿות, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אין יענעם ווינטערדיקן אויפֿדערנאַכט, ווען זײַן ברודער הערשל איז אַזוי שטיל אַרײַנגעקומען צו אים אין שטוב און אַזוי שטיל אַ קוש געטאָן זײַן ווײַב מלכּהלען אין פּולכנעם הענטל אַרײַן — דאָס דאָזיקע שותּפֿות איז געמאַכט אָן אים. אמת, ער האָט טאַקע אונטערגעשריבן, אַרײַנגעלייגט קאַפּיטאַל, נעמט־אַרויס ריווח, נאָר ער איז דערבײַ נישטאָ. וואָרעם אַז אַ מענטש, נישט קיין פֿאַכמאַן, שטייט־צו צו אַ געשעפֿט, וואָס ער קאָן נישט, איז ער נישטאָ דערבײַ. כאָטש ווען ער וואָלט זיך מער אָפּגעגעבן מיטן גאַנג פֿון דער פֿאַבריק און וואָלט אַזוי אַרײַנגעלייגט דעם גאַנצן חוש, ווי עס לייגט־אַרײַן אין אים דער ברודער זײַנער, וואָלט ער געווען דער אייגענער חכם וואָס יענער און אפֿשר נאָך אַ גרעסערער. נישט מער — ער איז אַ קראַנקער מענטש און „ס׳זשענזשעט“ אים אויפֿן האַרץ. אין דער פֿרי מוז ער היטן די פּאָרציע „וישי“ מיטן פּראָשעק. גײַן גיך טאָר ער נישט. אַרבעטן שווער — אַוודאי נישט, האָט ער עס אָפּגעלאָזט. פֿירט עס זיך אָן אים. שרײַבט מען דאָרט אין די ביכער וואָס מען וויל און ווי אַזוי מען וויל. ער, מאיר, קען זיך נישט אַזוי געניטן אויף דעם דאָזיקן שרײַבעכץ. ער פֿילט אָבער, אַז מען שרײַבט דאָרט צו־פֿיל אָדער גאָר צו־ווייניק. דער ברודער זײַנער, פֿאַן הערשן, איז אַ מענטש, וואָס די גאַנצע וועלט שטייט בײַ אים אויף פּרינציפּן. אָן אַ פּרינציפּ רירט ער זיך נישט פֿון איין טיר אין דער צווייטער אַרײַן. האָט ער אַ פּרינציפּ, דער ברודער זײַנער, צו ווײַזן אַלע שבת דעם שותּף די ביכער. זאָל ער, מאיר, זען וואָס מען שרײַבט אין זיי. האָט אָבער מאיר קיין האַרץ נישט צו די דאָזיקע ביכער. ער זעט ציפֿערן אָנגעשטאָפּט ווי פֿליגן. קוקט אויף זיי, זיי — אויף אים, און ווייסט נישט, צי זײַנען דאָס זײַנע ציפֿערן, צי האָט מען זיי פֿון ערגעץ־ווו אַרויסגעשלעפּט און אַרײַנגעשטעלט — — — — — — — — — — —

...מאיר בראָמבערג פֿאַלט אָבער בײַ זיך נישט אַראָפּ. מאיר בראָמבערג איז אַ ייִד, וואָס קאָן זײַן אַ תּקיף און זאָגן אַ דעה און נישט

דרך־ארץ האָבן פֿאַר קיינעם, בפֿרט פֿאַר אַזאַ איינעם, וואָס איז נישט מער ווי אַ מענטש ביי יענעם. אַרט אים נישט, וואָס חבֿרה לאַכט. סוף־כּל־סוף פֿאַרשטייען זיי נישט — „די קליינע מענטשעלעך" — אַז ער לאַכט פֿון זיי טויזנט מאָל אין טאָג. ער האַלט זיי פֿאַר שוטים שבשוטים. וואָרעם ווען עס זאָל, חלילה, זיין פֿאַרקערט, ד״ה ווען זיי זיינען חכמים, וואָלט ער, מאיר, געמוזט אַרבעטן ביי זיי און נישט זיי ביי אים. וואַרט ער ביז זיי וועלן זיך אויסלאַכן און אויסשפּריצן און אַז זיי האָבן שוין זייערס אָפּגעטאָן, רופֿט ער זיך ווידער אָן, זייער קאַלט און זייער רויִק:

— אָט ווי כ׳שטיי און גיי, כ׳זאָל נישט דאַרפֿן אַזוי דאַגהן, און די פּרנסה זאָל זיין אַ רויִקע, קאָן אַזאַ ייִד ווי מאיר בראָמבערג קויפֿן זיך אַ שטיקל ערד, באַזעצן זיך אויפֿן לאַנד און לעבן אַ רויִק אָרנט־לעך לעבן. וואָס, מישטיינס געזאָגט, האָט מען שוין, אַז מען איז אַ שותּף צו אַ פּאַפּיר־פֿאַבריק און מ׳פֿאַרמאָגט אַ ביסל געלט?

— ווילט איר, הייסט עס, קויפֿן אַ נחלה? — האַקט־איבער דער בוכהאַלטער און דרייט־אויס די גאָלדענע ברילן אויף דער שטוב אַרויס — אין ארץ־ישׂראל ווילט איר עס קויפֿן, דאָס שטיקל ערד?

— חלילה! וואָס בין איך, אַ ציוניסט, צי וואָס? — האָט זיך ר׳ מאיר אָפּגעשאָקלט — דאָ, ביי אונדז אין פּוילן, עטלעכע מאָרגעס פֿעלד, אַ גאָרטן, אַ צוויי־דריי קיִעלעך... אַלע טאָג אַ פֿריש ביסל מילך. שטיל. רויִק. וואָס דאַרף איך געלט? וואָס האָט דען אַ מענטש פֿון געלט? צרות, קאָפּ־דרייעניש...

...האָבן וואַרשעווער ייִדן געוווּסט, אַז טאָמער דאַרף מען עפּעס אַן עצה צי אַ בוררות — איז מען געקומען צו מאיר בראָמבערג. האָט מען געקליבן דאָזערעס [9] — איז מען געקומען צו מאיר בראָמ־בערג. נאָר ער האָט זיך תּמיד אָפּגעזאָגט. ער האָט פֿיינט כּיבודים. וויסן זאָל ער אָבער, דער בוכהאַלטער, אַז ער, מאיר, וואָלט געקאָנט זיין דאָזאָר און כּלל־טוער און אַפֿילו שרייבן אין די בלעטער. ער

[9] פּרנסים, פֿירערס פֿאַר דער קהילה.

זאָל נאָר וועלן און האָבן אַ גרינגן קאָפּ און אַ רויִקע פּרנסה — וואָלט ער עס זיכער געקאָנט.

א. ח. שעפּס (א. אַלמי)

## וואָס וועקט איר ?

וואָס וועקט איר מײַן שלאָפֿנדע זעלע
צום לעבן, איר גאָלדענע טרוימען ?
וואָס רײַסט איר אַדורך פֿון פֿאַרצווייפֿלונג
די אײַזערנע מעכטיקע צוימען ? . . .

וואָס וועקט איר אַ לעבן, אַ מידעס,
אַ לעבן וואָס האָלט שוין בײַם שטאַרבן ?
וואָס פֿרישט איר די וואונדן, די אַלטע,
מיט נײַע פֿאַרבלענדנדע פֿאַרבן,

וואָס מונטערט אויף זיי די סטרונעס —
עס האָלט שוין בײַם פּלאַצן מײַן פֿידל !
אָ, צויבערט ניט, גאָלדענע טרוימען —
איך שטאַרב, און צוזאַמען מײַן לידל ! . . .

וואַרשע 1908

אליהו־חיים בן שלמה־זלמן שעפּס, געבוירן אין וואַרשע, אין יאָר 1892, אין אַן אָרעמער משפּחה, האָט דעבוטירט אין 1908 מיט לידער אין ראָמאַן־צײַטונג און פֿאַרגעזעצט אין זשורנאַל קונסט און לעבן. איז אָבער אַריבער צום פּעליעטאָן, קריטיק, פּילאָסאָפּיע און פּאָלעמיק, דרוקנדיק אונטער אַ סך פּסעוודאָנימען. זיך געהאַלטן אין די לעצטע צענדליגער יאָרן בײַ זײַן שרײַבער־נאָמען א. אַלמי. טראַגיש אַליין פֿאַרענדיקט זײַן לעבן, אין ניו־יאָרק, ווו ער האָט געוווינט לענגער ווי אין פּוילן און קאַנאַדע. מחבר פֿון אַ 15 ביכער.

קאַדיע מאָלאָדאָווסקי

## פון דער פּאָעמע „פּריידקע“

פראַגמענט

די סטעליע נידעריק איבערן קאָפּ.
דאָס פענצטער קרום (ווי אַן אימפּרעסיאָניסטישע טעאַטער־דעקאָראַציע).

רעמבראַנדס אַ בילד (האַ־האָ!)
געקויפט מסתמא אויף אַ ליציטאַציע.
אַ קינדער־בעטל מיט אַ הויכן שעניק [1],
אַ ביכער־פּאָליצע: „טוביה דער מילכיקער“ און „פּענעק“,
אַ וואַסערקראַן.
אַ שענקל פּאַרן ברויט און פּאַר געפּעס.
און פּריידקע, די באַלעבאָסטע, געשוירן ווי אַ ייִנגל,
מיט ייִנגלערישן זשעסט.
— די הענט דאָס זײַנען וועסלעס! — זאָגט זי —
און דער קאָפּ דער רודער.
אַ שאָד עס איז קיין שיף נישטאָ.
דער ים איז אָט די בודע.
און ייִנגלעריש שאַרט זי אַרויף די האָר מיט בײדע הענט.
איר דינער שאָטן
טוט אַ טאַנץ, אַ הוידע זיך, אַ פּאַל
אויף בלויע נידעריקע ווענט,

---

[1] שטרויזאַק, כמו אַ מאַטראַץ.

צעברעכט זיך אויף דרײַ דינע שטיגן.
עס וואַרט די סקריפּענדיקע טיר
(די טיר זינגט־אויס אַן אָפּגעהאַקטן ניגון,
אַ קורצן מאַרש, אַ זיפֿץ אַ שוואַכן,
בײַם עפֿענען און בײַם פֿאַרמאַכן).
דערנאָך דער הויף מיט שפּיציקע און גרויע שטיינער,
דערנאָך דער טויער און די גאַס — —
אָ, פֿינצטערניש —
די גאַס — דער באָרוועסער, דער ייִדישער יאַריד.
איך קען פֿאַר איר קיין ווערטער נישט געפֿינען.
אין אַ פֿענצטער מאַטערט זיך אַ ניימאַשין,
דאָס רעדל כריפּעט,
האַקט זיך אָפּ און שנאָלט.
אַ פֿינצטערניש.
אַ נס... די זון אַ נס — — —
האָט אויסגעשאָטן דאָ אַ קויש מיט גאָלד.

וואַרשע, יאַנואַר 1935

מאַטעס אָליצקי

## הער איך...

הער איך שווערע וואָגנס קלאַפּן —
מיין איך: טאַנקען גיי'ן;
נעמען הענט דאָס לײַב באַטאַפּן
מיט געוויין.

הער איך ווינטגעוואָי אין קוימען —
מיין איך: קוילן פֿליִען!

זוך איך, זוך איך פֿול מיט אימה
מײַנע קנױען.

זע איך דינע גרינע רויכן —
מיין איך: איפּעריט [1]!

ווייס איך נישט: צי איך בין אויך דאָ,
צי אפֿשר נישט?

יולי 1937

ש. ל. שניידערמאַן

## פֿרילינג

מיר זײַנען מיד שוין פֿון קלאַפּן אין טויערן פֿון פֿאַבריקן,
פֿאַרפֿולן מיר די פּלעצער און סקווערן פֿון שטאָט,
שטילן דעם הונגער מיט וואַרעמען זונבררויט,
שטוינען פֿאַר וואָס ס'איז דער הימל אַזוי בלאָ.

און ס'איז די בלויקייט איבער שטאָט אַזוי לויטער,
נישט פֿאַרשפּיגן מיט קוימענס רויכיקן טשאַד,
ס'שטייען פֿאַבריקן — פֿאַרלאָזענע שיפֿן,
וואָס האָבן פֿאַרבלאָנדזשעט אין נעפּל פֿון נאַכט.

און ס'שטאַרן די קוימענס — אַנקעפּיקע העלדזער,
געשאַכטן אין מיטן פֿון הילכיקן שאַלן,
דו הערסט בלויז דעם גרויליקן קוויטש פֿון טראַמווײַען
און ס'דאַכט זיך דיר אויס, אַז אַ מענטש איז געפֿאַלן...

אין שטאָט און אין דאָרף איז שוין פֿרילינג אין פֿולן,
און ס'איז דער מענטש אַזוי יונג — צו אַלעמען גרייט,

[1] שטיקנדיקער גאַז.

נאָר אין אונדז, אין געמיט פֿון אַרבעטלאָזע מענטשן,
איז מיט צאָרן פֿאַרביטן די ליכטיקע פֿרייד.

פֿאַרפֿולן מיר די בליִענדיקע סקווערן און פּלעצער,
צעטראָגן אין דער לופֿט דעם ריח פֿון אומרו,
און ס׳איז אַ צעשראָקן געאײַל אויף די גאַסן,
און מ׳ווייסט נישט נאָך וואָס ס׳געאײַל איז און ווו?

און פֿאַר נאַכט, ווען פֿאַרבענקט ווערט די שטאָט,
און ס׳פֿלעכטן זיך צערטלעכע, גלוסטיקע הענט,
צעהענגען זיך בלוטיקע פֿענער אויף הימלען,
און ווערטער ווי פֿויסטן דראָען פֿון ווענט.

1930

שמואל לעווין

## פון דער טרילאָגיע „צווישן צוויי תהומען“

### פֿראַגמענטן פֿון 1טן באַנד: „בעת דאָס גרויסע מאָרדן“

די תּפֿיסה איז געווען אַ קליינע. זי האָט געהאַט אין גאַנצן צוויי גרויסע קאַמערן און איינע אַ קליינע פֿאַר באַזונדערס שווערע פֿאַרברעכערס, פֿאַר אַזעלכע, וואָס האָבן געמוזט זײַן איזאָלירט. פֿאַר טשאַפּסקין איז איצט געשטאַנען אַ טעכנישע פּראָבלעם: ביז פֿאַרנאַכט האָט די פּאָליציי געהאַט אַרעסטירט שוין אַזוי פֿיל, אַז איין קאַמער פֿאַר אַלע מענער איז געווען צו־קליין. די צווייטע קאַמער איז געווען פֿאַר די פֿרויען. די קליינע קאַמער האָט דערווײַל ניט געקאָנט באַניצט ווערן.

בײַ איר איצטיקער אַרבעט האָט די פּאָליציי צובאַקומען אַן אומגעריכטע הילף. דאָס איז געווען סטאַך, דער געוועזענער חזיר־קײַלער

און שמוגלער. ער איז געקומען צום סטאַרשי [1] פֿון דער מיליציע, האָט אים אָוועקגערופֿן אין אַ זײַט און אים געזאָגט, אַז ער ווייסט וועגן עטלעכע קאָמוניסטן.

— ווער זײַנען זיי? — האָט דער סטאַרשי געפֿרעגט.

סטאַך האָט אויסגערעכנט:

— איינער איז דוד סאַראַקע, אַבראַם דעם שנײַדערס אַ זון! בלומטשע שפּיצמאַן, דעם באַלעגאָלע איציקס אַ טאָכטער; מעכל גרינ־צווײַג; בערעק, אַ פֿאַרבער, און די טאָכטער זײַנע. זיי ביידע האָב איך שוין נישט איין מאָל געזען ריידן מיט די גאַנץ־געפֿערלעכע.

קאַספּער שטשעלקאָווסקי, דער סטאַרשי, האָט דעם שגץ געענט־פֿערט:

— דאָבזשע [2]! — ער האָט אים געהייסן וואַרטן און איז אַרײַנ־געגאַנגען מעלדן זײַן שעף. יענער האָט דורכגעקוקט דאָס צעטל מיט די נעמען און זיך פֿאַרקרימט. וועגן דודן האָט ער געזאָגט:

— אַן אומבאַדײַטנדיקער מיטגליד פֿון די יידישע סאָציאַליסטן; פּאַננאַ שפּיצבערג איז אַפֿילו קיין מיטגליד אויך נישט; איר ברודער, אַבראַמטשיק, איז יאָ אַ מיטגליד, אַפֿילו פֿון דער פֿאַרוואַלטונג; אָבער ווען אַלע זאָלן זײַן ווי ער איז, וואָלט געווען גוט, וואָלט מען געקאָנט רויק שלאָפֿן. מעכל גרינצווײַג? אַהאַ! אָבער נישט ער, בלויז די טאָכטער זײַנע. די אַנדערע צוויי קען איך נישט. שיק מיר אַרײַן סטאַך באַדיליאַ!

דער שעף פֿון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג האָט אויפֿן גרויסן שרײַבטיש געהאַט פֿאַר זיך די פּראָטאָקאָלן וועגן יעדן איינעם און יעדער איינער פֿון די פּאָליטישע פֿאַרברעכערס. חוץ די פֿאַרמאַלי־טעטן (נאָמען, יאָרן, פֿאַך אד״גל) זײַנען געווען די באַמערקונגען פֿון די פּאָליציי־באַאַמטע וועגן יעדן און יעדער: בײַ וועלכע אומשטענדן אַרעסטירט, ווו, ווי אַזוי דער אַרעסטירטער אָדער די אַרעסטירטע האָט געענטפֿערט אויף די פֿראַגעס, זיך געפּלאָנטערט אָדער נישט,

[1] עלטסטער. — [2] גוט.

געוועזן דערשראָקן, דערשטוינט אָדער גלייכגילטיק, זיך געריכט אויפן אַרעסט אָדער ניט, זיך אָנשטענדיק באַנומען ביים אַרעסטירט ווערן אָדער זיך אַקעגנגעשטעלט. פאַן טשעמנאָווסקי האָט געטראַכט: זאָל ער גלייך צוטרעטן צו דער אַרבעט אָדער זאָל ער וואַרטן ביז שפּעט אין דער נאַכט? קיין פּראַקטיק האָט ער נאָך נישט געהאַט. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל אין זיין קאַריערע. קיין גרויס טעאָרעטיש וויסן אין אַזעלכע זאַכן האָט ער אויך נישט געהאַט. פון וואַנען? אַ געוועזענער בוכהאַלטער פון אַ פאַבריק. ער האָט זיך געטרייסט: דער חבר... פאַן מאַרשאַל יוזעף פּילסודסקי איז אויך קיין מאָל קיין מאַרשאַל נישט געווען, און פון דעסט וועגן... און אַנדערע העכערע באַאַמטע אין דער רעגירונג... ער וועט זיך שוין אויסלערנען. פּוילן איז אַ יונגע מלוכה און האָט דערווייל נאָך נישט גענוג אויסגעביל־דעטע באַאַמטע.

דער שעף פון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג האָט אָבער אויף איי־גענער פעל געהאַט דורכגעמאַכט גענוג: ער איז צוויי מאָל געזעסן: צוויי יאָר אין וואַרשעווער ציטאַדעל און פיר יאָר אין שליסלבורג. ער האָט זיך גענומען דערמאָנען, ווי אַזוי מ׳האָט אים יעדעס מאָל אויסגעפאָרשט, וויפל מאָל, ווי לאַנג ס׳האָט געדויערט פון איין מאָל צום צווייטן, וועלכע קונצן האָט מען אָנגעווענדט, אין וועלכע שעהן ביי טאָג און אין וועלכע ביי נאַכט. די שפּעטע נאַכט־שעהן זיינען די בעסטע. וועלן אָבער די אַרעסטירטע בלייבן צו־לאַנג צוזאַמען און וועלן קאָנען גענוי דורכטראַכטן און אין איינעם זיך באַראָטן וואָס צו זאָגן. נאָר קעגן דעם איז פאַראַן אַ מיטל: אַריינזעצן אַן איגענעם מענטש צווישן זיי. איז אָבער געווען די מעגלעכקייט, אַז די אַרעס־טירטע זאָלן קאָנען יעדן געהיים־אַגענט, ווייל די מייסטע געהיים־אַגענטן זיינען געווען אַמאָליקע פּאָליטישע, און די שטאָט איז נישט קיין גרויסע. איז פאַן טשעמנאָווסקי געפאַלן אויף אַ המצאה — ער וועט די אַנדערע אַ ביסל צעטומלען. דודן און בערלען מיט דער טאָכטער האָט ער דאָך געלאָזט אַרעסטירן. ער האָט אַ קלוגע געטאָן, און דעם מיליציאַנט געהייסן אַריינברענגען אַלע דריי מיט איין מאָל.

וואַרפֿנדיק אויף זיי אַ בליק, וואָס קיינער פֿון די דרײַ האָט נישט באַמערקט, האָט ער שוין געהאַט אַ גענויע מיינונג וועגן יעדן איינעם: דער פֿאָטער פֿונעם מיידל איז אַ רעבעל, אָבער ניט קיין רעוואָלוציאָנער און נישט קיין סאָציאַליסט; די טאָכטער האָט דעם טעמפּעראַמענט פֿונעם פֿאָטער, אָבער זי איז דערשלאָגן און נאַיִוו; דער יונגער־מאַן איז אַ כיטראַק, אַ קליינער שטרעבער און אַ גרויסער יאָלד. ער בלײַבט אויף צו לעצט. עטלעכע מינוט האָט פּאַן טשעמנאָווסקי געלאָזט שטיין הינטער זיך די אַרײַנגעבראַכטע, זיך געמאַכט, אַז ער ווייסט נישט, אויב זיי זײַנען אין זײַן צימער, דערנאָך צוגערופֿן דעם פֿאַרבער און אים געפֿרעגט:

— דו הייסט בערעק?

— בערל, אַזוי האָט מיר דער טאַטע אַ נאָמען געגעבן בײַם ברית.

— נישט בערעק? אין פּוילן איז געווען אַ ייִד, האָט ער געהייסן בערעק. ער איז געווען אַ גרויסער פּאַטריאָט, אַ ייִדישער פּאָלקאָווניק. ער האָט געגרינדעט אַ ייִדישע אַרמיי און זיך געשלאָגן ווי אַ לייב אין דער פּאָווסטאַניע [3].

בערל איז נישט נתפּעל געוואָרן. מיטן היטל אין האַנט, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, האָט ער געענטפֿערט אָפּגעלאָזן:

— דאָס ווייס איך נישט. איך הייס בערל. אין פּאַס שטייט איך פֿאַרשריבן בערעק.

— דײַן פֿאַמיליע־נאָמען?

— שאַרפֿמאַן.

— שאַרפֿמאַן... — דער שעף פֿון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג האָט ווי מיט באַזונדערער באַדײַטונג איבערגעחזרט בערלס פֿאַמיליע־נאָמען. פּלוצעם האָט ער אַ פֿרעג געטאָן:

— פֿאַר וואָס זײַט איר אַזוי דערשלאָגן?

בערל האָט אָנגעשטעלט אַ פּאָר גזלנישע אויגן:

---

[3] אויפשטאַנד קעגן צאַר: דעם 17טן סעפּטעמבער 1794 אויטאָריזירט קאָשטשושקאָ בערעק יאָסעלעוויטשן צו שאַפֿן דעם לעגיאָן.

— פֿון ווילטאָג!...

— וואָס מיינט איר דערמיט?

— כ׳בין צו־רײַך. אַז מ׳איז צו־רײַך, איז מען אומגליקלעך...

— די מאָרדע האַלטן! בײַ מיר מאַכט מען נישט קיין שפּאַסן!

— ער איז אַריבערגעגאַנגען אויף דו — דײַן איצטיקע לאַגע איז גאָר נישט אַזאַ שפּאַסיקע!

רייזל איז צוגעלאָפֿן:

— טאַטע...

פּאַן טשעמנאָווסקי, מיט אַ געמאַכטער שטרענגקייט פֿון אַן אויס־פֿאָרשער, האָט אַ הוקע געטאָן אויפֿן מיידל:

—צוריק אויפֿן פֿרײַערדיקן אָרט! קיין אַרויסהעלפֿערס!

רייזל איז אַ דערשראָקענע צוריקגעגאַנגען צו דודן, נאָר דער פּאָליציי־שעף האָט אויף איר ווידער אַ הוקע געטאָן:

— אָפּגערוקט איינער פֿון אַנדערן! נישט ריידן צווישן זיך! — ער האָט זיך ווידער גענומען צום פֿאַרבער — דו ביסט אַזוי צעשראָקן און געדריקט, ווײַל דו ווייסט, וואָס דיך דערוואַרט.

— איך ווייס! — האָט בערל געענטפֿערט.

— דאָס איז גוט. ועסטו אויפֿהערן שפּאַסן און זאָגן דעם אמת. אַז דו וועסט זאָגן דעם אמת, וועסטו זײַן אין אַ סך אַ בעסערער לאַגע. דעם אמת וועגן דיר און דעם אמת וועגן די אַנדערע. אַלזאָ, וואָס ווייסטו?

בערל׳ס אַגרעס־אויגן האָבן זיך אַנגעגאָסן מיט רויטקייט. ער האָט ווײַטער געענטפֿערט אויף זײַן אופֿן:

— וואָס איך ווייס? כ׳ווייס, אַז כ׳בין אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס. נישטאָ נאָך אַזאַ אביון אין שטאָט ווי איך בין. דעריבער ווייס איך, וואָס מיך דערוואַרט: צו פּגרן פֿון הונגער. דאָס איז דער אמת, דער גאַנצער אמת. מער ווייס איך נישט. כ׳זאָל נישט שפּאַסן? וואָס דען זאָל איך טאָן? ווען נישט דאָס שפּאַסן, וואָלט איך שוין לאַנג געלעגן אין דר׳ערד. שפּאַסן... דאָס איז גרינע גאַל, פּאַניע נאַטשעלניקו! גרינע, זי גייט מיר איבער, איצט באַזונדערס.

— פֿאַר וואָס איצט באַזונדערס? ווײַל דו האָסט מורא?...

— מורא? אַפּילו נישט פֿאַרן טויט. נאָר ס׳איז מיר אַצינד באַזונדער ביטער אין מויל.

— פֿאַר וואָס אַצינד באַזונדערס?

— ווײַל מ׳האָט מיך אַרעסטירט אין דער פֿרי, צוזאַמען מיט דער טאָכטער איצט איז שוין אַ זייגער פֿיר. שוין באַלד נאַכט. כ׳האָב הײַנט נאָך גאָר נישט געהאַט אין מויל, אַפּילו קיין טרונק וואַסער נישט. אין דער היים איז געבליבן אַ קראַנקע פֿרוי אין בעט. זי קאָן נישט אַכטונג געבן אויף די קינדער. אַ גאַנצן טאָג אין אַרעסט. פֿאַר וואָס?

פֿאַן טשעמנאָווסקי האָט געפֿרעגט סאַרקאַסטיש:

— דו ווייסט נישט פֿאַר וואָס?... ער האָט אַ ווײַז געטאָן אויף דודן — אים קענסטו?

— יאָ.

— יאַקאָב ליכטענבערג קענסטו?

— יאָ.

— אַראָן מיקנשלעגער, וועמענס פֿאָטער איז אַ שוסטער, וואָס הייסט איטשע — קענסטו?

— יאָ.

— דינה גרינצווײַג, איר פֿאָטער הייסט מעכל, קענסטו?

— יאָ.

— כעליאַ אָדער כאַיאַ, איר פֿאָטער איז פֿאַן בערנפֿעל, קענסטו?

— יאָ.

— ירושעק שטשעלקאָווסקי, זײַן פֿאָטער איז אַ סטאָלאַזש, אַ גאַרבאַטער?

— יאָ.

דער שעף פֿון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג האָט כּלומרשט טריומפֿירט:

— און דו ווייסט נישט, פֿאַר וואָס מ׳האָט דיך אַרעסטירט?...

ער האָט אַ קלונג געטאָן. ס׳איז אַרײַנגעקומען אַ מיליציאַנט. אויפֿן

ווינק פון זיין שעף האָט ער אַרויסגעפירט דודן און רייזלען און טשעמנאָווסקי האָט ווייטער גערעדט:

— אַצינד זאָג מיר, וואָס דו ווייסט וועגן זיי.

— וועגן וועמען?

— וועגן די אַלע, וועלכע דו קענסט. דו האָסט אַליין נאָר־וואָס געזאָגט, אַז דו קענסט זיי. באַהאַלט גאָר נישט. וויל איך וויס אַלץ. אַז דו וועסט זאָגן דעם אמת וועגן די אַרעסטירטע, וועט דיין גורל און דער גורל פון דיין טאָכטער זיין גרינגער. אפשר וועל איך דאַן איינעם פון איך, און אפשר גאָר ביידע, באַפרייען! — ער איז צוריק איבערגעגאַנגען אויף „איר" און געוואָרן ווייכער — וואָס ווייסט איר וועגן זיי?

בערל האָט געענטפערט פשוט:

— איך ווייס, אַז זיי זיינען סאָציאַליסטן. אַזוי זאָגט די שטאָט.

— איר זייט געווען ביי דער פאַרזאַמלונג אין ראַטהויז?

— יאָ, מ'האָט מיך גוט צעמזיקט.

— פאַר וואָס זייט איר געגאַנגען?

— אַלע ייִדן זיינען געגאַנגען — בין איך אויך געגאַנגען.

— אַ ליגן! נישט אַלע ייִדן! בלויז די קאָמוניסטן. די ייִדישע באָלשעוויקעס!

דער פאַרבער איז צעטומלט געוואָרן. ער האָט זיך גענומען פּלאָנ־טערן:

— אַלע... ס'רעדט זיך בלויז אַזוי. אַלע וואָלטן דאָרט גאָר נישט געקאָנט אַריין. אָבער ס'איז געווען אויסגעקלעפּט „אָגלאָשעניעס"[4], אַז אַלע בירגער זאָלן קומען. אַ פאַרזאַמלונג אין ראַטהויז. כ'בין אַ ביר־גער. די ייִדן זיינען דאָך איצט אויך בירגער.

— איר ווייסט, וואָס ס'איז אַ קאָמוניסט, אַ באָלשעוויק, אַ סאָ־ציאַליסט?

דער ייִד האָט געפּלאָנטערט מיט דער צונג און טשעמנאָווסקי, איבערצייגנדיק זיך אין דער פשוטער אומוויסנקייט פונעם פאַרבער

[4] מודעות, קאָמוניקאַטן.

און פֿון זײַן טאָכטער, און אײַנזעענדיק אַז ער װעט פֿון זײ נישט קאָנען אַרױסבאַקומען די קלענסטע ידיעות װעגן די אַנדערע אַרעסטירטע, האָט ער זײ בײדע באַפֿרײַט.

בײַ דודן אָבער האָט ער די טאַקטיק געענדערט. ער האָט דעם בחור געהײסן זיך זעצן און פֿרײַנדלעך, כּמעט חבֿריש, אים געפֿרעגט, װי לאַנג ער איז שױן אַ סאָציאַליסט און װאָס ער פֿאַרשטײט אונטער סאָציאַליזם. באַמערקנדיק, אַז דער פּאַרשױן גרײט זיך אָפּצולײקענען, אַז ער איז אַ סאָציאַליסט, איז טשעמנאָװסקי דעם נאַר פֿאַרלאָפֿן דעם װעג און נאָך פֿרײַנדלעכער און נאָך חבֿרישער צו אים געזאָגט:

— פּאַניע סאַראָקע! פּױלן איז אַ פֿרײַ סאָציאַליסטיש לאַנד. דער ראש פֿון דער רעגירונג איז אַ סאָציאַליסט. ער האָט געשפּילט אַ גרױסע ראָלע אין פֿינפֿטן יאָר. איר װײסט דאָס געװיס. די מײסטע מיטגלידער פֿון דער רעגירונג זײַנען סאָציאַליסטן. יענע צײַטן מיט די רוסישע זשאַנדאַרן זײַנען אַװעק. אַ פּאַפּיראָס? — ער האָט דעם אַרעסטירטן צוגעטײלט כּבֿוד דורך הײסן אים נעמען דער ערשטער און אים אונטערגעטראָגן פֿײַער, אױך צו ערשט, צו פֿאַררױכערן. נאָך די ערשטע צװײ צי האָט ער מיט דודן װידער גענומען שמועסן פֿרײַנדלעך און חבֿריש — איר זײַט אַ מיטגליד פֿון דער ייִדיש-סאָציאַליסטישער פּאַרטײ, װאָס געהערט צום צװײטן אינטערנאַציאָנאַל, װי די פּ.פּ.ס.[5]. איך האָף דעריבער, אַז װי אַ געטרײַער בירגער פֿון אונדזער פֿאָטערלאַנד און װי אַ סאָציאַליסט װעט איר מיר איצט העלפֿן אין מײַן שװערער אױפֿגאַבע, װאָס װעט זײַן אַ הילף פֿאַרן פֿאָטערלאַנד און פֿאַרן סאָציאַליזם. איך מײן װעגן דעם אױפֿרײַסן דעם אַרסענאַל. דאָס האָבן קײן אַנדערע חוץ די קאָמוניסטן — אַגענטן פֿון רוסישן באָלשעװיזם — נישט געטאָן. דאָס זײַנען פּשוטע פֿאַרברעכערס. איר לײענט דאָך אונדזערע סאָציאַליסטישע אַרבעטער-צײַטונגען; װײסט איר דאָך, װאָס די באָלשעװיקעס אין רוסלאַנד טוען מיט אונדזערע חבֿרים און אַנדערע סאָציאַליסטן. זײ שיסן זײ אין

[5] פּױלישע סאָציאַליסטישע פּאַרטײ.

די צענדליקער, אין די הונדערטער־טויזנטער. ווען איר וואָלט דאָרט געווען, וואָלט איר שוין מער נישט געלעבט. די באָלשעוויקעס האָבן אָפּגעשאַפֿט האַנדל, יעדע פּריוואַטע אונטערנעמונג. דאָס האָט דאָרט באַזונדערס געטראָפֿן די ייִדן. זיי קאָנען דאָך נישט פּלוצעם ווערן אַר־בעטערס. און ס'איז דאָך גאָר קיין אַרבעט נישטאָ, אַבסאָלוט. און וואָס פֿאַר אַן אומזין איז עס, צו ווע̇לן אָפּשאַפֿן האַנדל? אין אַ פּריי סאָציאַליסטיש לאַנד דאַרף דער בירגער קאָנען טאָן אַלץ; אין רוס־לאַנד אָבער איז אַלץ צוואַנג. דיקטאַטור. מען טאָר קיין וואָרט נישט אַרויסריידן. דער רעזולטאַט? — כאַאָס, מענטשן פֿאַלן אין די גאַסן פֿון הונגער, מ'גייט נאַקעט און באָרוועס, די טורמעס זייַנען געפּאַקט, די טשעקאַ[6] אַרעסטירט טויזנטער אַרבעטערס יעדן טאָג און שטעלט זיי צום „ווענטל". יעדער איינער זעט אין אַנדערן אַ שונא. אויס טאַטע־מאַמע, אויס שוועסטער און ברודער, אויס געליבטע, ווייַב און קינד, אויס חבֿר, פֿרייַנד. דאָס ווילן די קאָמוניסטן בייַ אונדז, אין אונדזער פֿרייַען פּוילן. זיי שפּרייטן צעמישונג און האַס אין די אַרבעטער־רייען. ווער איז שולדיק אינעם אַנטיסעמיטיזם איצט? און אין די עקסצעסן? זיי! די באָלשעוויקעס רייַסן זיך בייַ די פּוילישע גרענעצן אין אַן אינוואַזיע אויף אונדזער לאַנד. די היגע קאָמוניסטן העלפֿן זיי דורך טעראָר, דורך אויפֿרייַסן. נו, וואָס זאָגט איר דערצו, טאָוואַזשיש[7] סאָ־ראָקע?

טשעמנאָווסקי האָט דודן אָנגעבאָטן אַ צווייטן פּאַפּיראָס. ער האָט גאַנץ גוט געזען, אַז דוד איז אַ קנאַפּער רויכערער און אים געלערנט פֿאַרציִען דעם רויך. ער האָט אויסגערעכנט, אַז אַן אָפּגעשוואַכטער פֿון אַ גאַנצן טאָג נישט עסן און אַן לופֿט אין דער טונקעלער קאַמער, צוזאַמענגעקוועטשט מיט נאָך מענטשן — וועט דער רויך אין די לונגען אים נאָך שוואַכער מאַכן. חוץ מזה האָט דער אויספֿאָרשער זיך דערבייַ איבערגעצייַגט, אַז דער אַרעסטירטער האָט נישט קיין

[6] באָלשעוויסטישע געהיים־פּאָליציי. — [7] חבֿר.

אייגענעם ווילן. האָט טשעמנאָווסקי זיך דאַן אַנטשולדיקט פֿאַרן חבֿר סאָראָקע:

— איר זײַט הונגעריק. אויב איר ווילט, וועל איך הייסן אַרײַנברענגען עסן פֿאַר אײַך. איך האָף אָבער... — ער האָט דודן געקוקט סוגעסטירנדיק אין די אויגן און אים געגעבן אָנצוהערן — ס'וועט שוין נישט לאַנג געדויערן... זאָגט מיר, איך בעט אײַך: דעם חבֿר ליכטענבערג קענט איר דאָך גוט?...

דוד האָט באַרימעריש געענטפֿערט:

— זייער גוט! — ער האָט דערציילט אַלץ, וואָס ער האָט געוווּסט וועגן יעקבֿן.

— און אַראָן מיקנשלעגער?

— אויך! — און ער האָט געשילדערט דעם חבֿר אַהרן.

— און דינאַ גרינצווײַג אָדער דינטשאַ, ווי מ'רופֿט זי?

— זייער גוט! — און ער האָט דערציילט וועגן איר עקסטרעמקייט.

— און כעליאַ בערנפֿעל?

— קען איך אויך גוט...

— זי איז אַ קאָמוניסטקע, ווי דער געליבטער אירער, יוזשעק שטשעלקאָווסקי?

אויף דער לעצטער פֿראַגע האָט דוד נישט געענטפֿערט דירעקט, אָבער דער אופֿן ווי ער האָט געענטפֿערט איז געווען גענוג פֿאַרן שעף פֿון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג. ער איז אויפֿגעשטאַנען און געזאָגט צום אַרעסטירטן:

— איר זײַט פֿרײַ. איך פֿאַרלאָז מיך אויף אײַך. יאָ, כ'האָב גאָר פֿאַרגעסן אײַך צו פֿרעגן וועגן אײַער מאַטעריעלער לאַגע. איר זײַט אַ שנײַדער. קיין אַרבעט איז אַצינד נישטאָ. אײַערע עלטערן זײַנען אָרעם. נו... אַ גוטן בירגער, וואָס העלפֿט דער רעגירונג, לאָזן מיר נִיט שטאַרבן פֿון הונגער... ביטע, שרײַבט־אונטער; דאָ אויף דעם אָרט...

אַז דוד האָט שוין געהאַט אונטערגעשריבן, האָט טשעמנאָווסקי אים נאָך געזאָגט:

— אַלץ, וואָס מיר האָבן גערעדט, בלײַבט צווישן אונדז...

*

די בעסטע צײַט אויסצופֿאָרשן פּאָליטישע אַרעסטירטע איז אַרום 2‏-1 בײַ נאַכט, באַזונדערס אין ערשטן טאָג פֿון זייער אַרעסט, ווען זיי זײַנען נאָך צעטומלט און צעשראָקן. נאָך אַ צײַט זיצן באַרויִקט זיך דער אַרעסטירטער; ער ווערט פֿאַרהאַרטעוועט און קאָן זיך בעסער איבערלייגן בײַם ענטפֿערן. ווידער האָט דער שעף פֿון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג זיך גענומען דערמאָנען פֿון דער פּראַקטיק אויף זײַן אײגענער הויט. די רוסישע זשאַנדאַרן האָבן אין אַזאַ פֿאַל אָנגעהויבן מיטן מינדסטן. אין דעם איז פֿאַראַן אַ געוויסער שׂכל. נאָר ער וועט דאָס מאַכן פֿאַרקערט. דאָך איז קליגער פֿריִער צו נעמען אין דער אַרבעט אַרײַן די פֿרויען. די מאַנסבילן זאָגט מען דאַן, אַז די חבֿרטעס האָבן זיך פֿאַרפּלאַפּלט (דאָך ווײַבער) און זיי אַרויסגעגעבן.

די ערשטע איז געווען כעליאַ. נאָכן אויספֿרעגן וועגן די נאַרישע פֿאָרמאַליטעטן, נאָמען אאַז״וו, האָט דער געוועזענער רעוואָלוציאָנער קאָפּירט די גוט־באַקאַנטע קונצן. ער האָט אויפֿן קרבן אָנגעשטעלט אַ שאַרף ליכט. ער האָט דערבײַ נאָך באַנוצט אַ געוויסע ראַפֿינירטקייט. אַזוי ווי אַ פֿרוי איז דאָך צניעותדיק, יעדנפֿאַלס ווען זי איז נאָך יונג, האָט טשעמנאָווסקי דאָס ליכט פֿונעם פּראָזשעקטאָר געלאָזט צו ערשט פֿאַלן אויף דער יונגער אַרעסטאַנטקעס בוזעם און נאָך אַראָפּצו... דערבײַ האָט ער ווי אַ מאַנסביל אַזוי לאַנג געקוקט אויף איר, ביז ער האָט דערגרייכט זײַן ציל: כעליאַ איז רויט געוואָרן און האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. ער האָט דאַן שנעל אָנגעהויבן מיט דער ערשטער אַטאַקע:

— אײַער געליבטער האָט אײַך טאָפּלט פֿאַרפֿירט און טאָפּלט אומגליקלעך געמאַכט, פֿאַננאַ בערנפֿעל. איר זײַט נאָך נישט אַלט קיין גאַנצע צוואַנציק יאָר. ווען איר זײַט אַנטלאָפֿן פֿון דער היים צו אײַער

געליבטן, זײַט איר אַפֿילו קײן זיבעצן יאָר נישט אַלט געווען. איר זײַט דעמאָלט נאָך געווען אַ קינד, און ער...

כעליאַ האָט איבערגעריסן איר פּײַניקער:

— איך בין נישט אַנטלאָפֿן צו אים און נישט ווי צו קײן געליבטן. איך האָב מײַן פֿרײַנד דעמאָלט קוים געקענט.

— אָבער איר האָט געוווּסט, אַז ער איז אַ קאָמוניסט.

כעליאַ האָט זיך אָנגעצונדן:

— ער איז נישט קײן קאָמוניסט! ער איז נאָך ביז הײַנט אַ סאָציאַליסט, ווי ער איז עס דעמאָלט געווען!

— אָבער איר זײַט דעמאָלט געווען פֿאַרליבט אין אים?...

— נײן.

— פֿאַר וואָס זשע זײַט איר אַנטלאָפֿן פֿון דער הײם, פֿון אַזאַ רײַכער הײם און אַזעלכע גוטע עלטערן?

כעליאַ האָט געטאָן אַ צאָרנדיקן און פֿאַראַכטנדיקן בליק אויף דעם סאָלידן, פֿײַנעם מאַן אינעם פֿײַנעם אַנצוג און פֿײַנעם קראַוואַט, און געענטפֿערט:

— טאַקע פֿון דער רײַכער הײם און דעם גוטן טאַטן בין איך אַנטלאָפֿן...

— ער האָט אײַך געשלאָגן?

זי איז געוואָרן שאַרף:

— איך רעכן, פּאַניע נאַטשעלניק, אַז ווי אַ געוועזענער סאָציאַליסט פֿאַרשטײט איר, פֿאַר וואָס אַ סאָציאַליסטקע אַנטלויפֿט פֿון אַ בורזשואַזער הײם, וועלכע זי פֿאַראַכט.

טשעמנאַווסקי האָט אַראָפּגעשלונגען דעם גוט־געצילטן פּאַטש פֿון דער אַרעסטאַנטקע, זיך געמאַכט נישט וויסנדיק און ווײַטער געפֿרעגט:

— זײַט איר דעמאָלט שוין געווען אַ סאָציאַליסטקע?

— אומבאַוווּסט.

— און אַצינד זײַט איר דאָס, וואָס אײַער פֿרײַנד איז?

— יאָ.

— אַ קאָמוניסטקע! ער האָט אײַך פֿאַרפֿירט! אויסגענוצט אײַער נאַיִווקייט;

כעליאַ האָט זיך ווידער געהיצט:

— איך האָב אײַך געזאָגט, אַז מײַן פֿרײַנד איז נישט קיין קאָמוניסט! און איך בין נישט קיין קאָמוניסטקע! ער האָט מיך נישט פֿאַרפֿירט און איך בין נישט נאַיִוו! איך בין נישט אַנטלאָפֿן פֿון דער היים צו שטשעלקאָווסקין! איך בין אַנטלאָפֿן, ווײַל איך האָב דאָרט מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן!

— איר זײַט נישט נאַיִוו, אָבער צום נעכטיקן שטיקל אַרבעט האָט איר אײַך דאָך געלאָזט פֿאַרפֿירן! — דעם טריק האָט טשעמנאָווסקי געשיקט נאָכגעמאַכט דעם רוסישן סלעדאָוואַטיעל[8], וועלכער האָט מיט אַ פֿופֿצן יאָר צוריק אים אויסגעפֿאָרשט אין וואַרשעווער ציטאַדעל. ער האָט גלײַך דערלאַנגט דעם צווייטן זעץ:

— איר זײַט בלאַס געוואָרן! — ער האָט פֿאַר איר געהאַלטן אַ שפּיגעלע און ווײַטער אַטאַקירט — פּונקט אַזוי בלאַס זײַט איר געוואָרן, ווען איר האָט דערזען די פּאָליציי, וואָס איז אײַך געקומען אַרעסטירן. איר האָט אויסגעזען שלעכט און געהאַט רויטע אויגן פֿון ניט שלאָפֿן אַ גאַנצע נאַכט...

כעליאַ האָט זיך צעלאַכט:

— מײַן מאַמע און מײַנע שוועסטער — אַלע האָבן מיר געהאַט רויטע אויגן און אויסגעזען שלעכט; ווײַל מיר זײַנען אַרויסגעריסן געוואָרן פֿון שלאָף און זיך דערשראָקן פֿון די צוויי עקספּלאָזיעס. מיר האָבן געמיינט, אַז ס'איז אַ פּאָגראָם. דערנאָך זײַנען מיר שוין מער נישט געשלאָפֿן. אַוודאי בין איך געווען בלאַס. און ווען מ'דערזעט פּאָליציי, אויף וועלכער מען ריכט זיך נישט, דערשרעקט מען זיך.

— פֿון וואַנען האָט איר געוווּסט, אַז די פּאָליציי איז געקומען אײַך אַרעסטירן? אין אײַער הויז, צוליב אײַער פֿאָטערס געשעפֿטן, קומט נישט אַזוי זעלטן פּאָליציי...

---

[8] אויספֿאָרשער.

— דאַן קומען זיי צו מײַן טאַטן, נישט צו מיר. ער דערשרעקט זיך נישט... — זי האָט דעם פּאָליצײ־שעף אָנגעקוקט אַזוי, אַז ער זאָל פֿאַרשטיין, וואָס זי האָט געמיינט מיט דער לעצטער פֿראַזע. דאַן האָט זי געבערענגט די אַליבי, אַז זי איז געשלאָפֿן אין דער היים; אַז אין דער נאַכט פֿון דער עקספּלאָזיע איז זי אַהיימגעקומען אַרום צען און איז מער נישט אַוועקגעגאַנגען — דאָס קאָנען באַשטעטיקן מײַנע עלטערן, מײַנעביידע שוועסטער, מײַנע ביידע ברידער און די דינסט.

דער אויספֿאָרשער האָט נישט אָפּגעלאָזט:

— און פֿאַר וואָס זײַט איר פֿריִער בלאַס געוואָרן?

כעליאַ האָט געענטפֿערט:

— איך האָב אײַך געוואָלט געבן אַ פּאַטש און האָב מיך קוים צוריקגעהאַלטן.

דער אויספֿאָרשער האָט זיך נישט געכאַפּט, אַז ס'איז געווען אַ פֿאַרמאַסקירונג און זיך צעלאַכט:

— אַזוי גאָר? אַ פּאַטש? פֿאַר וואָס?

— ווײַל איר האָט מיך און מײַן געליבטן שוין עטלעכע מאָל באַליידיקט.

*

דאָס, וואָס דער שעף פֿון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג האָט געוואָלט אַרויסקריגן פֿון דער אַרעסטירטער, האָט ער נישט אַרויסבאַקומען. אויך נישט פֿון דינטשע גרינצווײַג. בײַ איר איז אים אָנגעקומען נאָך שווערער, ווײַל זי האָט זיך כּסדר באַנוצט מיט איר ווײַבלעכער כּישופֿדיקייט צו צעטומלען דעם געוועזענעם רעוואָלוציאָנער און אַזוירנאָך זיך לוסטיק מאַכן איבער אים. דאָס איז איר אַלע מאָל געלונגען. ער איז דערנאָך געוואָרן אין כּעס און זי האָט זיך געפֿרייט. דערפֿאַר האָט ער זי אָפּגעשיקט אין קאַרצער. אויך כעליאַן האָט ער איזאָלירט. בײַ טאָג זײַנען אין קעלער געמאַכט געוואָרן עטלעכע פּראָוויזאָרישע איינצל־קאַמערן, אָבער ווען טשעמנאָווסקי האָט זיך געהייסן ברענגען דעם אַרעסטירטן יוזשעק שטשעלקאָווסקי, איז ער אומרויִק געוואָרן, ווי אַן אַקטיאָר וואָס גרייט זיך צום ערשטן מאָל

אויפֿטרעטן אין אַן ערנסטער, באַדײַטנדיקער ראָלע. ער האָט גוט גע־ווּוסט, ווער דער חבֿר יוזשעק איז און נאָך נישט געהאַט פֿאַרגעסן, וואָס דער דאָזיקער קעמפֿער האָט געמאַכט פֿון זײַן פֿרײַנד גבילאָווסקין (און פֿון אים אַליין) בײַ דער גרויסער פֿאַרזאַמלונג אין ראָטהויז. ער האָט באמת מורא באַקומען, אַז שטשעלקאָווסקי קאָן דעם פֿאַרהער פֿאַרוואַנדלען אין אַ פּאָליטישע דיסקוסיע, אויב נישט — אין נאָך ערגערס: אַרויסטרעטן קעגן אים ווי אַ באַשולדיקער. האָבן דאָס דאָך געטאָן די מייסטע רוסישע רעוואָלוציאָנערן אין די געריכטן, אַפֿילו ווען ס'האָט זיי געדראָעט טויטשטראָף. ער אַליין האָט דאָס געטאָן, דערבײַ זײַנען די רוסישע ריכטערס נישט געווען קיין סאָציאַליסטן ווי ער איז עס, אַז דער באַשולדיקטער רעוואָלוציאָנער זאָל זיי קאָנען פֿאָרוואַרפֿן פֿאַרראָט. דאָס וואָרט „פֿאַרראָט" האָט דעם שעף פֿון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג געקווענקלט, אָבער... צי איז ער טאַקע אַ פֿאַררעטער? ניין, בשום אופֿן נישט! אין באַפֿרײַטן פּוילן הערשט אַ סאָציאַליסטישע פֿאָלקס־רעגירונג! ער האָט זיך געשטעלט די פֿראַגע: „פֿילן זיך אין רוסלאַנד אַלס פֿאַררעטערס לענין, טראָצקי, זינאָוויעוו, קאַמיעניעוו און די אַנדערע? און זיי זײַנען דאָך באמת פֿאַררעטערס"!

טשעמנאָווסקי האָט דערפֿילט זײַן גרויסע אויפֿגאַבע און אויס־דערווילטקייט צו קעמפֿן אויף זײַן וויכטיקן פּאָסטן קעגן די באָלשע־וויסטישע אַגענטן. „אין רוסלאַנד", האָט ער גדלותדיק גערעדט צו זיך, „איז דער דאָזיקער באַנדע פֿאַרברעכערס געלונגען דורך אַ קאָנטררע־וואָלוציע אַראָפּצוּוואַרפֿן די סאָציאַליסטישע רעגירונג, צו דערשטיקן בײַם סאַמע אָנהייב דעם סאָציאַליסטישן פֿאָלקסאויפֿשטאַנד, צו פֿאַר־כאַפּן די מאַכט און אַוועקצונעמען בײַם פֿאָלק די אויסגעקעמפֿטע פֿרײַ־הייט און אַלץ צו דערשטיקן, צו דערטרינקען אין בלוט, אין כאַאָס, הונגער און נויט; דאָרט איז זיי געלונגען צו פֿאַרקנעכטן און פֿאַר־שקלאַפֿן דעם פּראָלעטאַריאַט און דאָס פּויערטום אונטער דער קנוט פֿון טיראַנישער דיקטאַטור. אין פּוילן וועט דער באַנדע טעראָריסטן דאָס נישט געלינגען"!

נאָר דער שעף פֿון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג איז געבליבן אין

גאַנצן אַנטוישט. דער חבֿר יוזשעק שטשעלקאָווסקי האָט זיך געמאַכט, ווי ער וואָלט אַבסאָלוט נישט געקענט און קיין מאָל נישט געזען דעם געוועזענעם רעוואָלוציאָנער. ער האָט זיך באַנומען ווי אַ פּאָליטישער אַרעסטירטער פֿאַר אַן אויספֿאָרשער, וועלכער ווייסט נישט פֿאַר וואָס מ׳האָט אים אַרעסטירט. דער אַרעסטירטער האָט שטאָלץ צוגעגעבן, אַז ער איז אַ סאָציאַליסט און געטענהט, אַז דער אַרעסט איז אַ נקמה־אַקט, ווײַל ער וויל נישט און קאָן נישט אין אַלץ מסכּים זײַן מיט זײַן חבֿר, דעם גוטבאַזיצער יאַן גנילאָווסקי. ווען דער אויספֿאָרשער האָט זיך באַנוצט מיט דעם אויסגעפּרוווטן, אָבער שוין פֿאַרעלטערטן טריק, אַז זײַן געליבטע און די אַנדערע קאָמוניסטן (אויך דינהטשע גרינצווײַג) האָבן אים אויסגעגעבן, האָפֿנדיק אין זייער באַזוּוקייט דערפֿאַר באַפֿרײַט צו ווערן, האָט דער מויערער מיט אַ שעלמישן שמייכל אַזוי געקוקט דעם כיטרען אויספֿאָרשער אין די אויגן ביז יענער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם בליק. נאָר דער שעף פֿון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג האָט זיך געפּרוווט ראַטעווען דורך אַ שנעלער אַטאַקע:

— לייקנט איר, אַז איר זײַט אַ קאָמוניסט?

שטשעלקאָווסקי האָט געענטפֿערט מיט איבערצײַגנדיקער אומשולד אין פּנים:

— געוויס!

— שעמט איר אײַך נישט? אַמאָליקע רעוואָלוציאָנערן זײַנען געווען שטאָלץ מיט זייער רעוואָלוציאָנערישקייט פֿאַר די ריכטערס.

שטשעלקאָווסקי האָט פֿאַרזשמורעט די אויגן:

— אַמאָליקע רעוואָלוציאָנערן האָבן געטאָן נאָך עפּעס אַנדערש אויך... איך בין אַ סאָציאַליסט און שטאָלץ דערויף, שטאָלץ צו זײַן דאָס, וואָס איך בין געווען...

טשעמנאָווסקי האָט זיך געמאַכט נישט ווויסנדיק. ער האָט בלויז געהעכערט זײַן קול:

— איך האָב עדות, וואָס וועלן אין געריכט אײַך זאָגן אין פּנים אַרײַן, אַז איר זײַט אַ קאָמוניסט!

שטשעלקאָווסקי האָט דערקענט, אַז איצט איז עס נישט געווען קיין טריק. עס איז אים פּלוצעם געקומען אויפֿן געדאַנק דוד סאַראַקע. אָבער ער האָט געלאַסן און קיל געענטפֿערט, אַז ביי דער רעוויזיע, וואָס די פּאָליציי האָט ביי אים געמאַכט איידער זי האָט אים אַרעס־טירט, האָט זי גאָר נישט געפֿונען, וואָס זאָל אים קאָמפּראָמיטירן. ער האָט מוסיף געווען מיט שטאַרקער באַטאָנונג:

— סיידן איר זאָלט יעדן אָפּאָזיציאָנער דערקלערן פֿאַר אַ קאָ־מוניסט. אין דעם פֿאַל מוז די רעגירונג אין וואַרשע לאָזן אַרעסטירן און באַשולדיקן אין קאָמוניזם יעדן מיטגליד אירן, וואָס איז נישט אין גאַנצן איינשטימיק מיט דער מערהייט פֿון קאַבינעט. אויב עס איז דעם בירגער, צי ער איז אַ סאָציאַליסט אָדער וואָס עס איז, נישט דערלויבט פֿריי זיך אויסצודריקן, פֿריי צו זאָגן זיין מיינונג, מוז דאָס אָפֿן און קלאָר דערקלערט ווערן. נאָך וואָס דער אָנשטעל פֿון פֿרייער רעדע? כּדי איר זאָלט אָנפֿולן די טורמעס מיט נאַיווע און גלייביקע מענטשן? אָפֿענע דיקטאַטור!

— ניין, ניין! זאָל גאָט אָפּהיטן! — טשעמנאָווסקי איז געוואָרן צוקערזיס.

פּלוצעם האָט ער גאָר באַקומען חשק מיטן אַרעסטירטן צו פֿאַר־פֿירן אַ פּאָליטישע דיסקוסיע. אָבער שטשעלקאָווסקי האָט זיך געהיט נישט אַריינצולאָזן זיך מיטן שעף פֿון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג, אין וועלכער ס'איז דעבאַטע. אַז דער אויספֿאָרשער האָט נישט אָפּ־געלאָזט, האָט דער אַרעסטירטער אים געזאָגט אָפֿן און פּשוט:

— פּאַניע נאַטשעלניקו. איך בין איצט אַן אַרעסטירטער און איר מיין אויספֿאָרשער.

טשעמנאָווסקי האָט ווידער געפֿילט דאָס זעלביקע, וואָס ער האָט געפֿילט איידער ער האָט געהייסן אַריינשיקן צו זיך דעם אַרעסטירטן. אין זיין האַרץ האָט זיך דאָך נאָך פֿאַרוואַלגערט ערגעץ אַ שטויבעלע געוויסן. נאָר נישט ווייזן קיין שוואַכקייט! אַזוי האָט ער געטראַכט און דאָס לעצטע שטויבעלע געוויסן אַרויסגעווישט פֿון זיין האַרץ.

ער האָט שנעל אַרויסגעכאַפּט פֿון שופֿלאָד דאָס שטיקל עלעקטרישע דראָט, דעם זאַכלעכן באַווײַז, וואָס מען האָט געפֿונען אויפֿן אָרט פֿון דער עקספּלאָזיע, און עס געהאַלטן פֿאַרן אַרעסטאַנטס אויגן פֿרעגנדיק:

— וואָס איז דאָס?

דער באַשולדיקטער האָט געענטפֿערט:

— דראָט.

דער אויספֿאָרשער האָט געליאַרעמט:

— וואָס פֿאַר אַ דראָט?

דער אַרעסטירטער האָט געענטפֿערט אין זעלביקן טאָן ווי פֿריִער:

— איך ווייס וואָס ציגל זײַנען, וואָס וואַפּנע איז, ווי מען באַניצט זיך מיט אַ מעסטשנור און וואַסערוואָג, מיט אַ קעלניע און מיט אַ האַמער; אָבער דראָט — פֿאַראַן פֿאַרשיידענערליי דראָטן. קיין גרויסער מבֿין דערויף בין איך נישט.

— איר האָט נאָך קיין מאָל נישט געהאַלטן אין אײַער האַנט קיין עלעקטרישן דראָט? — ער האָט דאָס שטיק דראָט געגעבן דעם אַרעסטירטן — באַקוקט!

שטשעלקאָווסקי האָט באַקוקט דאָס שטיק דראָט און געזאָגט:

— עלעקטרישער דראָט. פֿאַר עלעקטריש ליכט.

— און פֿאַר וואָס נאָך?

— פֿאַר יעדער טראַנספֿאָרמאַציע פֿון עלעקטריציטעט.

— ריכטיק. און איר האָט פֿון אַ הייל — מיר האָבן זי אַנטדעקט — געצויגן דעם דאָזיקן דראָט צום אַרסענאַל און אים אויפֿגעריסן. נישט אַליין, דאָס ווייס איך. אַ טייל פֿון די טעראָריסטן זײַנען שוין געכאַפּט געוואָרן אויף זייער וועג קיין אויסלאַנד. דער סאָלדאַט אויך. אַן אמתער פֿויגל. זיך געמאַכט פֿאַר אַ כאָם. אין רוסלאַנד וואָלט ער אַצינד געווען אַ קאָמיסאַר. מ'האָט אים אָבער געפּאַקט אויף דער גרענעץ. דאָך אַ נאַר; צו פֿרי געוואָלט אַריבער...

שטשעלקאָווסקי האָט זיך שטאַרק באַהערשט נישט אַרויסצופּלאַצן מיט אַ געלעכטער. אַ צו־נאַרישער, צו־אַלטער טריק. דער סאָלדאַט איז געווען אין פֿולשטענדיקער זיכערקייט אין וואַרשע.

שטשעלקאָווסקי האָט דאָס שוין געוווּסט און געקוקט אויף טשעמ־נאָווסקין מיט גרויס נײַגעריקייט ווי בײַ אַ טשיקאַווער געשיכטע.

*

די אומשולדיק־אַרעסטירטע, יעקבֿן, אַהרנען און נאָך אַזעלכע, האָט טשעמנאָווסקי באַלד אויפֿן אַנדערן טאָג באַפֿרײַט און זיך אַפֿילו אַנטשולדיקט פֿאַר זיי אויף אַ פֿײַנעם אופֿן, בעטנדיק די אַרעסטירטע אים מוחל צו זײַן דעם טעות. ער האָט דאָס געטאָן, ווײַל דער חבֿר קרומהאָלץ איז אַוועק צום חבֿר יאַנען און דער חבֿר יאַן האָט טעלע־פֿאָנירט צום שעף פֿון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג, אַז אַזוי און אַזוי... נאָר אַפֿילו די געפֿערלעכע אַרעסטירטע זײַנען אויך נישט געבליבן לאַנג אין אַרעסט. נישט קעגן שטשעלקאָווסקין אָדער עמעצן אַנדערש פֿון די אַרעסטירטע איז געווען אַן ערנסטער באַווײַז צו קענען זיי אָנקלאָגן אין וועלכן ס'איז פּאָליטישן פֿאַרברעכן. דאָס שטיקל דראָט האָט נאָך אַ גענויער אונטערזוכונג זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן צו־אַלט, פֿאַרזשאַווערט און אין עטלעכע ערטער דורכגעבראָכן. דערצו האָט יעדער איינער און יעדע איינע געבראַנגט אַן אַליבי און עדות, וואָס האָבן באַשטעטיקט, ווו זיי זײַנען געווען יענע נאַכט פֿונעם אויפֿרײַס. וועגן דער חבֿרטע כעליאַ איז די פּאָליציי געווען אין אַ באַזונדער פֿאַרלעגנהייט, ווײַל בערנפֿעל איז יעדן טאָג געקומען צו טשאַפּסקין און טשעמנאָווסקין און זיי געבעטן באַפֿרײַען זײַן טאָכטער. זיי האָבן אים געמוזט צוליב טאָן, ווײַל דאָס ווערטל זאָגט, אַז איין האַנט וואַשט די אַנדערע... העלענאַ ווידער האָט קיין רו נישט געגעבן איר גע־ליבטן, דעם סאָציאַליסטישן גוטבאַזיצער פּאַן גנילאָווסקי, ביז אויך ער האָט זיך געמוזט משתדל זײַן פֿאַר דער אַרעסטירטער כעליאַן. די וויכטיקסטע ראָלע אָבער האָט געשפּילט דער פּאָליטישער מאָ־מענט אין לאַנד. קיין צו־גרויסער פּאַרטיי־אַנטאַגאָניזם האָט נישט געטויגט אין אַ צײַט, ווען דאָס פֿאָלק דאַרף זײַן געאייניקט פֿאַר דער רעגירונג. און וואָלט אַ געריכט דערקלערט, אַז די עקספּלאָזיע איז געווען אַ טעראָריסטישער אַקט, וואָלט דאָס געווירקט ווי פּראָפּאַגאַנדע

פֿאַר ווײַטערע אַזעלכע אַקטן. ס'איז געווען קליגער די עקספּלאָזיע צו דערקלערן פֿאַר אַן אומגליקלעכן צופֿאַל.

דער חבֿר שטשעלקאָווסקי האָט דערנאָך געהאַט אַ גוט וואָרט פֿאַר טשעמנאָווסקין: „בײַם ערשטן מאָל איז אַפֿילו אַ פּראָסטיטוטקע אַנ־שטענדיק"...

## קאַפּיטל פֿון 2טן באַנד, „שוואַרצע בערג און בלויע בערג": ער הייבט אויפֿסנײַ אָן צו לעבן

... יעקבֿ איז די גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפֿן. געמיינט האָט ער, אַז אַזוי ווי ער וועט זיך נאָר אַנידערלייגן, וועט ער גלײַך אײַנשלאָפֿן, ער וועט שלאָפֿן פֿאַר די אַלע נעכט, וועלכע ער איז אין דער טורמע נישט געשלאָפֿן, באַזונדערס צײַט מ'האָט אים פֿון דער טורמע־קאַנ־צעלאַריע געלאָזט וויסן, אַז ער איז פֿולשטענדיק אַמנעסטירט. די צוויי ברידער האָבן אים אַוועקגעגעבן זייער געלעגער אויף די בענק־לעך און פֿאַר זיך אויסגעבעט אויף דער פּאָדלאָגע. נאָר יעקבֿ, הגם זײַנע אויגן האָבן גענומען צופֿאַלן אַזוי ווי ס'איז נאָר נאַכט געוואָרן, איז אויפֿן געלעגער געוואָרן אַלץ וואַכער און וואַכער. ניין, נישט די דרײַ מחנות „מיליטער" האָבן געשטערט זײַן שלאָף: די לײַזיקע „אינפֿאַנטעריע" מיט זייער פֿאַמעלעכדיקן קריכן און בײַסן, קריכן און בײַסן; נישט די וואַנצנדיקע „אַרטילעריע" מיט איר שווערן באָמבאַרדירן, און אויך נישט די האָצקענדיקע „פֿליי־קאַוואַלעריע". מיט זיי אַלע איז ער געווינט געווען פֿון קינדווײַז אָן, זײַן לײַב האָבן אַזעלכע אָנגריפֿן שוין זייער ווייניק געאַרט. געשטערט זײַן שלאָף האָט דער וואַכער גײַסט: ער איז שטאַרקער פֿון דער גרעסטער מיד־קייט און קומט אַפֿילו בײַ דעם שטאַרקסטן ווילן צו שלאָפֿן. דעריך האָט זיך יעקבֿ אין דער טורמע באַזונדערס איבערגעצײַגט. נישט איין מאָל איז געשען, אַז נאָך אַן אויספֿאָרשונג (מיט שלאָגן און אַנדערע פֿאַרשיידענע קערפּערלעכע פּײַניקונגען, אַז די יסורים, ווען ער איז צוריקגעברענגט געוואָרן אין דער קאַמער אָדער מ'האָט אים אַרײַנ־

געוואָרפֿן אין פֿינצטערן קאַרצער, האָבן געברענט ווי פֿײַער) איז ער באַלד אײַנגעשלאָפֿן, און אַזוי פֿעסט, אַז צו מאָרגנס האָט דער וועכ־טער געמוזט אים לאַנג וועקן ביז ר׳איז אויפֿגעקומען. להיפּוך האָט ער בשום אופֿן נישט געקענט אײַנשלאָפֿן, ווען געדאַנקען האָבן אים באַ־שעפֿטיקט.

דאָס זעלביקע איז געווען איצט, אין דער ערשטער נאַכט פֿון זײַן אַהיימקומען. ער איז, נאַטירלעך, פֿול געווען מיט דער גרויסער פֿרייד פֿון זײַן באַפֿרײַונג, מיט דער פֿרייד פֿון ווידער זײַן פֿרײַ, גע־ראַטעוועט פֿון טויט. דאָס האָט אים געקענט מאַכן וואַך. אויך די פֿרייד, אַז ערשט איצט וועט ער זיך אַרײַנוואַרפֿן אינעם קאַמף פֿאַר דער באַפֿרײַונג פֿון דער מענטשהייט, אינעם קאַמף פֿאַר פֿרײַהייט און גערעכטיקייט. און די דריטע פֿרייד: אַז בנימין — נאָך אַזוי יונג — איז אַ גײַסטיקער מענטש שוין און אַ קעמפֿער. און ווי פֿײַן, ווי סענסיטיוו און ווי ערלעך ער איז אין אַרויסזאָגן זײַנע געדאַנקען און איבערצײַגונגען! יעקבֿ האָט דערבײַ דערפֿילט, ווי שווער ס׳וועט אים זײַן דעם ברודער אַריבערצוציִען צו דער פּאַרטיי, אין וועלכער ער האָט באַשלאָסן אַרײַנצוטרעטן. צוזאַמען מיט דעם איז אין זײַן געוויסן אַרויפֿגעקומען די פֿראַגע, צי ער קען נעמען אויף זיך די פֿאַראַנט־וואָרטלעכקייט זײַן ייִנגערן ברודער אָפּצורײַסן פֿון דעם גלויבן, וואָס ער אַליין האָט אים אַרײַנגעגעבן, און איצט אים איבעררײדן צו דעם נײַעם גלויבן זײַנעם, צו וועלכן ער איז געקומען אין דער תּפֿיסה. ער וואָלט דעם ספֿק נישט געהאַט, ווי ס׳האָט נישט קיין פֿרומער פֿאָטער בײַם אײַנפֿלאַנצן אין זײַן קינד דעם גלויבן זײַנעם. נאָר יעקבֿ האָט דעם דאָזיקן פֿעסטן, אומדערשיטערלעכן גלויבן אין זײַן נײַער דערקענטעניש נאָך נישט געהאַט. דאָס איז נישט געווען דערפֿאַר, ווײַל ער איז נישט געווען איבערגעצײַגט אין דעם נײַעם וועג אויף וועלכן ער האָט אין דער תּפֿיסה באַשלאָסן צו גיין. נײן. דער ספֿק איז געקומען נישט פֿון מוח, נאָר פֿון אַ געוויסער טונקלקייט אין זײַן נשמה, וואָס ער האָט אָנגערופֿן איבערגלויבן. ס׳איז געווען יענער מאָמענט, ווען זײַן פֿאָטער האָט אין יענעם שבת נאָכן עסן אַרויסגע־

שיקט אַלע פֿון שטוב און אים געהייסן בלײַבן. עטלעכע שעה פֿאַרן סוף־רס טויט איז דאָס געווען און דאָס לעצטע מאָל אין זײַן לעבן האָט ער גערעדט מיטן זון. ס׳איז געווען אַ צוואה, אַ ײַסטיקע צוואה, וואָס דער טאַטע האָט אים איבערגעלאָזט:

— „גאָטס וואָרט און זײַנע וועגן פֿון גערעכטיקייט קען מען בלויז לערנען און פֿאָרשן, און דאָס לערנען אַנדערע... דורך טאָן אומגערעכטיקייט קומט נישט קיין גערעכטיקייט... שטראָפֿן פֿאַר זינד שטראָפֿט ער אַליין, ער משפּט און איז מקיים פּסק".

אָבער נישט בלויז די וואַכיקייט דורך פֿרייד און דאָס צווייפֿלען האָט געשטערט יעקבֿס שלאָף. ס׳איז געווען נאָך עפּעס, וואָס האָט אים די גאַנצע נאַכט נישט געלאָזט קיין אויג צוטאָן: ריין פֿערזענלעכס, זײַן ליבע צו ראַבען, און אויך זײַן פֿאַרלעצטע איינגליבע. די ביידע געפֿילן זײַנען באַזונדערס שאַרף געקומען צום אויסדרוק אין אים, ווען בנימין האָט צווישן די געבליבענע אין וואַרשע פֿון זײַן היימ־שטאָט אויסגערעכנט אויך ראַבען מיט דער מוטער און דער שוועסטער.

אפֿשר אויף אַ רגע איז זײַן האַרץ שטיין געבליבן, ווען בנימין האָט אים געזאָגט, אַז אויך פּערעלע איז דאָ אין וואַרשע און אַז זי האָט חתונה געהאַט מיט זײַן פֿרײַנד יצחק לערמאַן. דאָס האָט אים איבערגעראַשט. ער האָט זיך געוווּנדערט, ווײַל ער האָט זײַנע געפֿילן צו פּערעלען שוין געהאַט דערשטיקט אין זיך, שוין לאַנג, ווען ער האָט אין זיך פֿעסטגעשטעלט אָדער פֿעסט באַשלאָסן, אַז ער האָט ליב ראַבען, אַז ער איז זעליש און קערפּערלעך מיט איר פֿאַרבונדן. דאָס איז געשען דעמאָלט, ווען ער האָט זיך איבערגעצײַגט, אַז זײַן פֿרײַנד און פּערעלע האָבן זיך ליב. אין דער טורמע האָט ער וועגן דעם אָפֿט געטראַכט און זיך יעדעס מאָל איבערגעצײַגט, אַז זײַנע געפֿילן צו פּערעלען זײַנען אויסגעלאָשן אויף שטענדיק. זיי געהערן אין גאַנצן ראַבען.

ער האָט די גאַנצע צײַט געהאָפֿט צו הערן עפּעס פֿון איר. אַז זי וועט אים אַרײַנשיקן אַ בריוועלע אָדער בלויז אַ גרוס, אויף דעם זעלביקן אופֿן ווי ס׳האָט געטאָן בנימין. ווי עס טוען דאָס די מייסטע

נאָענטע פֿון די פּאָליטיש־אַרעסטירטע, אַפֿילו ווען די אויספֿאָרשונג גייט נאָך אָן. ס׳קאָסט געלט. אָבער אַז ער האָט פֿון ראַבען גאָר נישט געהערט, אויך נישט ווען די אויספֿאָרשונג איז שוין געווען געענדיקט און ער איז מער נישט געווען איזאָלירט, האָט ער גערעכנט, אַז זי איז אַוודאי נישט אין וואַרשע. אַז זי איז מסתמא מיט די איריקע ערגעץ אין אַן אַנדער שטאָט. אַז מיט איר זאָל האָבן עפּעס געטראָפֿן אַן אומגליק, האָט ער געפֿילט, אַז נישט. און אויף זײַן געפֿיל האָט ער זיך שטאַרק פֿאַרלאָזט.

דער געדאַנק, אַז ראַבע איז די גאַנצע צײַט אין וואַרשע און איז נישט געקומען אַפֿילו אין געריכט צו זײַן פּראָצעס, אַז זי איז נישט געקומען אים אָפּוואַרטן — ווי די מוטער זײַנע און די צוויי ברידער — ווען ער איז אַרויס פֿון דער טורמע, אַז זי איז דעם גאַנצן טאָג נישט געקומען אים זען, אַז זי איז די גאַנצע צײַט קיין איין מאָל נישט געקומען צו דער מוטער זײַנער — דאָס האָט אים די גאַנצע נאַכט נישט געלאָזט קיין אויג צוטאָן אַפֿילו אויף איין מינוט.

דערפֿאַר, ווען ער איז אויפֿגעשטאַנען און איז מיט אַלץ פֿאַרטיק געוואָרן — ס׳איז געווען שוין אַרום עלף — האָט ער בײַ בנימינען גענומען ראַבעס אַדרעס און איז צו איר אַהינגעגאַנגען.

*

מירעלע האָט אין וואַרשע זיך געעפֿנט אַ קאַוויאַרניע, וואָס איז געווען אויך אַ רעסטאָראַציע, ווי זי האָט דאָס געטאָן ווען זי איז צו־ריקגעקומען אין איר געבורטשטאָט נאָכן צווייטן מאָל זי פֿאַרלאָזן. אויך דאָ איז ראַבע געווען בײַ איר און געטאָן דאָס זעלביקע, וואָס זי האָט געטאָן דאָרטן. קיין סך מענטשן האָט יעקבֿ אין דער קאַוויאַר־ניע־רעסטאָראַציע נישט געטראָפֿן, ווײַל ס׳איז נישט געווען די צײַט פֿון מיטאָג עסן. נאָר בײַ עטלעכע טישלעך זײַנען געזעסן אַרבעטלאָזע יונגע־לײַט און מיידלעך. זיי האָבן גערעדט, דיסקוטירט; נישט יעדע גרופּע בײַ איר טישל באַזונדער, נאָר אַלע אין איינעם איבער די טישלעך אַריבער. מסתמא, כּדי איינער דעם אַנדערן זאָל נישט הערן,

וואָס איז דאָס בעסטע מיטל זיך נישט צו פֿאַרשטיין. גערעדט און זיך געהיצט האָבן צומייסט די יונגע־לײַט. די מיידלעך האָבן כּמעט געשוויגן, אָבער נישט ווײַל זיי האָבן זיך נישט געהאַלטן פֿאַר קאָמפּעטענט אײַנטיילצונעמען אין אַ דיסקוסיע אָדער ווײַל זיי האָבן געוואָלט הערן וואָס די מענער זאָגן; ניין, נישט דאָס ערשטע און נישט דאָס צווייטע. אויך נישט ווײַל די דיסקוסיעס האָבן זיי נישט אינטערעסירט. ס'איז געווען דער הונגער, וואָס האָט זיי מער אָפּגעשוואַכט ווי די חבֿרים.

אין דער קאַוויאַרניע־רעסטאָראַציע איז געווען טונקל, ווײַל בײַ טאָג איז דער גאַז אָנגעצונדן געוואָרן בלויז אין עסנצײַט. נאָר יעקבֿ איז אין דער טורמע געוווינט געוואָרן צו טונקלקייט, אַפֿילו צו פֿינצטערניש. דעריבער האָט ער בײַם אַרײַנקומען גלײַך דערזען אַלעמען: מירעלען הינטערן בופֿעט און ראַבען בײַ אַ טישל, וואָס איז געווען אָפּגעזונדערט פֿון די אַנדערע טישלעך און בײַ וועלכן ס'זײַנען געזעסן אַבראַמטשיק אָדער חבֿר שפּיצמאַן, ווי מ'האָט אים אין וואַרשע גערופֿן, דוד סאָראָקע, אַן אומבאַקאַנטער וועמען יעקבֿ האָט געקענט פֿאַר „חבֿר טובֿיה" (אַ וואַרשעווער, אַ וועבער), און אַ מיידל, אָנגעטאָן אין בלוי און רויט און מ'האָט זי גערופֿן „פּאַננאַ עדזשאַ", אָדער „פּאַננאַ פּאָמעראַנץ".

נאָר דודן האָט יעקבֿ נישט דערקענט. אַזוי האָט דער פֿאַרשווין זיך געענדערט. זײַן בליק אָבער האָט ער דערפֿילט בײַם עפֿענען די טיר. ס'איז געווען אַ שנעלער, באַהאַלטענער בליק, וואָס איז כּמעט אוממעגלעך אויפֿצוכאַפּן, סײַדן מ'איז שוין געזעסן אין טורמע פֿאַר אומלעגאַלע פּאָליטישע טעטיקייט און מען איז דערבײַ אויך געניט סענסיטיוו. אַזאַ בליק האָט נאָר אַ „שפּיצל" אָדער אַן אויספֿאָרשונגריכטער. יעקבֿ האָט אָבער נישט צוגעלאָזט צו זיך דעם געדאַנק, אַז נעבן אַבראַמטשיקן זיצט אַ שפּיאָן, בפֿרט אַז ביידע ריידן ווי ס'ריידן צווישן זיך פֿרײַנד. ראַבע איז געשטאַנען בײַ זייער טישל, פּונקט אַזוי ווי ער פֿלעגט זי טרעפֿן שטיין טייל מאָל אין דער קאַוויאַרניע פֿון זײַן היימשטאָט, און פּונקט אַזאַ פֿריקרע געפֿיל האָט ער איצט

געהאַט וועגן דעם, ווי ער פֿלעגט קריגן דעמאָלט, ווען ער האָט זי אַזוי געטראָפֿן. פּשוט דערפֿאַר, ווײַל אַבראַמטשיק איז אים שטענדיק געווען און איז אים איצט אויך אומסימפּאַטיש. דאָס מיידל, אַ שיינע און סימפּאַטישע, וואָס האָט אָבער אויף יעקבֿן נישט געמאַכט קיין שום אײַנדרוק, איז געזעסן צווישן דודן און דעם חבֿר טובֿיה. ראַבע האָט זיך נישט באַטייליקט אינעם געשפּרעך, וואָס איז אָנגעגאַנגען בײַם טישל. זי איז געשטאַנען גלאַט אַזוי, נישט באַדינענדיק די געסט, נישט האָבנדיק גאָר נישט וואָס צו טאָן דאָ. אין איר אויסדרוק איז געווען טרויער, פֿאַרלוירנקייט, טרוימערײַ. דאָס האָט אין יעקבֿן אָנגעצונדן נישט בלויז אַ שטאַרק געפֿיל פֿון מיטלייד מיט איר, נאָר אויך דעם פֿלאַם פֿון ליבע אין זײַן האַרץ, וואָס האָט פֿאַרטריבן דאָס פֿריקרע געפֿיל אין אים. ער איז צו איר צוגעגאַנגען מיט אײַנגעהאַלטענע טריט, וועלנדיק געווינען צײַט אויף צו באַהערשן אַ ביסל דעם צו־גרויסן שטורעם פֿון זײַנע אָנגעצונדענע געפֿילן און כאַפּן דעם אָטעם — אַזוי שטאַרק, שטאַרק האָט זײַן האַרץ געקלאַפּט. אָבער פֿאַר אַלעם האָט ער געוואָלט זיך באַהערשן פֿון אַ צו־שטורעמדיקער אַרומאָרעמונג אין דער אָנוועזנהייט פֿון פֿרעמדע מענטשן. ער איז צו איר צוגעגאַנגען און איז געבליבן שטיין גאַנץ נאָענט הינטער איר רוקן. זי האָט זײַן נאָענטקייט נישט געפֿילט. ערשט ווען ער האָט אַרויפֿגעלייגט אַ האַנט אויף אירס אַן אַקסל און מיט אַ ציטער אין קול שטיל געזאָגט: „ראַבע”, האָט זי זיך האַסטיק געטאָן אַ דריי־אויס און איז אַרויפֿגעפֿאַלן אויף אים: „יעקבֿ!... זי האָט נישט געקענט אײַנהאַלטן די טרערן, וואָס האָבן זיך גלײַך גענומען גיסן פֿון אירע אויגן. איר גאַנצער גוף האָט גענומען צוקן ווי אין קאָנוווּלסיע. זי האָט קראַמפּהאַפֿטיק זיך געדריקט צו אים און באַהאַלטן איר פּנים אויף זײַן ברוסט.

— אַבראַמטשיק! דוד! — אויך פֿון אַן אַנדער טישל האָט מען גערופֿן — יעקבֿ!... יעקבֿ!...

מירעלע האָט איבערגעלאָזט דעם בופֿעט און אויפֿן וועג צו די צוויי אַרומהאַלטנדיקע זיך מיט פֿריידיקער איבערראַשונג, אָבער אויך

מיט אַ טראָפּעלע חוזק, אויסגעזונגען: „זע נאָר, זע... כ׳האָב גאָר נישט באַמערקט, ווי ער איז אַרײַנגעקומען״... זי האָט בײדע, ניט צעשיידנדיק זיי, אַרומגענומען און זיי, דורך דער טיר אינעם הינטער־גרונט פֿונעם בופֿעט, אַרײַנגעפֿירט אין דער וווינונג, ווו ס׳איז אויך געווען די קיך פֿון דער קאַוואַרניע און רעסטאָראַציע. אין דער טיר האָט זי גערופֿן „מאַמע!״... אין איר טאָן איז נאָך געווען דאָס טראָפּעלע חוזק פֿון פֿריִער, אָבער אויך פֿרייד מיט דער שוועסטערס גליק און דאָס וואַרעמע געפֿיל, וואָס זי האָט איצט געהאַט צו יעקבֿן, וועלכער וועט אַצינד שוין זיכער גלײַך ווערן איר שוואָגער.

— מאַמע!... מאַמע! — האָט זי גערופֿן —אָט האָסטו אים!...

ווי זאָגט מען אין פּויליש? „דאָס שלעכטע נעמט דער טײַוול נישט״...

דער טאַטע זײַנער, זכרונו לברכה, האָט זיך פֿאַר אים געמיט.

און צו יעקבֿן האָט זי געזאָגט:

— דו בלײַבסט צו מיטאָג! אָבער מיר עסן נישט פֿרי. ערשט ווען די מיטאָגצײַט איז אַריבער.

בײַם דערזען יעקבֿן האָט אין מלכּהס האַרץ אויפֿגעציטערט דאָס געפֿיל פֿון יראַת־הכּבֿוד און אויפֿגעלויכטן מיטן זעלביקן הייליקן פֿלאַם פֿון אַמאָל, ווען זי איז נאָך געווען אין גאַנצן פֿרום. ליב געהאַט יעקבֿן האָט זי תּמיד. אָבער דאָס געפֿיל פֿון ערפֿאָרכט האָט שטענדיק געהערט איר מאַן, דעם גרויסן ירא־שמים. נאָר שפּעטער, ווען זי האָט זיך גענומען וואַקלען אין איר פֿרומקייט און דער מאַן האָט פֿאַרלוירן אין אירע אויגן פֿון זײַן גרויסקייט, האָט זי מיט גרויס רעספּעקט גענומען אַרויפֿקוקן צו איר זון, דעם באַרימטן שרײַבער. שפּעטער ווידער, ווען זי האָט זיך אַלץ מער און מער איבערגעצײַגט אין יעקבֿס גרויסן אידעאַליזם, האָט זי אים גענומען גאָר־שטאַרק שעצן. איר דרך־ארץ פֿאַר אים און דאָס צערטלעכע געפֿיל פֿון אַ מאַמע צו אַ קינד, כאָטש ער איז אָפֿיציעל נאָך נישט געווען איר אידעם, איז אַלץ מער געשטיגן. ביז יענעם מאָמענט, ווען מ׳האָט איר אָנגעזאָגט, אַז יעקבֿ האָט אין מיטן מאַרק געהאַלטן אַ רעדע קעגן מלכות, קעגן פֿאַרגיסן מענטשלעך בלוט, און אַז די פּאָליציי האָט

אים דערפֿאַר אַרעסטירט. (באַלד האָט זי אים טאַקע אויך געזען פֿירן מיט געשלאָסענע הענט, אַ צעבלוטיקטן, דורך די פּאָליציאַנטן). אין יענעם מאָמענט איז ער אין אירע אויגן אויסגעוואַקסן ביז צו אַ קדוש. דערנאָך, אַז מ'האָט איר געזאָגט — כמעט יעדער, מיט וועמען זי האָט גערעדט איבער דעם פֿאַל — מ'וועט אים פֿאַרמשפּטן צום טויט, איז ער פֿאַר איר געוואָרן איינער פֿון די גרעסטע קדושים. איז קיין וווּנדער נישט, וואָס אַצינד האָט דאָס געפֿיל פֿון יראת־הכּבֿוד פֿאַר אים אויפֿגעלויכטן אין איר האַרץ מיט אַ הייליקן פֿלאַם. איבער איר פּנים, וואָס איז אין דער לעצטער צײַט געוואָרן אײַנגעשרומפּן, אַ סך קלענער ווי ס'איז געווען, האָט זיך צעגאָסן אַן אידעלע ראָזע פֿאַרב. מיט איין מאָל האָט עס אויסגעזען אַ סך ייִנגער.

— קום, זעץ דיך! — מלכּהלע האָט צוגעפֿירט יעקבֿן צום טיש און האָט אים אַנידערגעזעצט.

לאַנג האָט זי אים גאָר נישט געפֿרעגט, אַפֿילו נישט וואָס ער מאַכט. זי האָט בלויז געקוקט אויף אים מיט אירע איצט שטראַלנדיקע אויגן. דאַן האָט זי געזאָגט:

— גאָט צו דאַנקען, וואָס כ'זע דיך ווידער.

זי האָט ווידער געשוויגן און ווידער אַזוי געקוקט אויף אים. דאַן האָט זי, ווי אַ פֿאַרליבט מיידל, פֿאַרלעגן און מיט אַ צערטלעכער שטימע, ווידער געזאָגט: „ס'איז גוט דיך צו זען, יעקבֿ...‟ זי האָט צערטלעך גענומען זײַן האַנט, זי געהאַלטן, און ווידער אים אַרומגענומען און געקושט. ער האָט געקושט איר האַנט, וועלכע האָט געהאַלטן זײַנע. דאַן האָט ער זי געפֿרעגט, וואָס זי מאַכט און וואָס דער מאַן מאַכט, ווו ער איז, ווײַל ער האָט ר' דוד־יואלן נישט געזען. ערשט איצט האָט מלכּהלע אַ שווערן זיפֿץ געטאָן און גענומען דערציילן: „ער איז געשטאָרבן אויפֿן וועג, ווען מ'האָט געמוזט פֿאַרלאָזן די שטאָט — צום דריטן מאָל. דער טויט איז געקומען אומגעריכט. מיר ווייסן נישט ווי אַזוי, ווײַל זײַן קראַנקייט אין די פֿיס איז געבליבן עפּעס אַ סוד. ס'האָט קיין שום דאָקטער נישט געקענט זאָגן פֿון וואָס ס'זײַנען צו אים געקומען די ווייטיקן און דאָס געשווילעכץ אין די פֿיס,

צו ערשט בלויז אין איינעם, בלויז אינעם קנעכל, דערנאָך אין דער קני. שפּעטער האָט זיך דאָס זעלביקע אָנגעהויבן מיטן צווייטן פֿוס. אויסגעגאַנגען איז ער אויף דער פֿור, וואָס איז געווען אָנגעפּאַקט מיט מענטשן און זאַכן. נישט ווײַט שוין פֿון וואַרשע. האָט מען אים כאָטש געקענט ברענגען צו קבֿר־ישׂראל, טאַקע אויפֿן היגן בית־עולם". אַ לענגערע ווײַלע האָט מלכּהלע געשוויגן. דאַן האָט זיך פֿון איר האַרץ ווידער אַרויסגעריסן אַ שווערער זיפֿץ: „דאָס איז געווען דאָס צווייטע אומגליק; נחמן, מירעלעס מאַן, איז געשטאָרבן".

יעקבֿ האָט כמעט אויסגעשריגן ווי פֿון אַ קלאַפּ: „וואָס?" — ער האָט זיך ערשט איצט דערמאָנט, אַז ער האָט אין דער קאָוויאַרניע פֿריִער נישט געזען מירעלעס מאַן. „דאָס איז געשען קורץ פֿאַרן פֿאַרלאָזן די שטאָט — האָט מלכּהלע ווײַטער דערציילט — די מיליציע איז געקומען מאַכן אַ רעוויזיע. אין דער לעצטער צײַט איז נישט אַוועק אַ וואָך, אַז די מיליציע זאָל נישט מאַכן קיין רעוויזיע. נאָר יעדעס מאָל איז עס גוט אָפּגעגאַנגען. ווי געווײַנלעך, האָט מען זיך אַרויסגעדרייט. ס'האָט, פֿאַרשטייט זיך, געקאָסט געלט. בײַ דער לעצטער רעוויזיע אָבער האָט די מיליציע אַלץ געפֿונען, יעדעס ביסל סחורה, וואָס איז געווען באַהאַלטן אַפֿילו אין די זיכערסטע ערטער. זי האָט געפֿונען דאָס גאַנצע גאָלד, דאָס זילבער, די אויסלענדישע וואַליוטע, און אַלץ קאָנפֿיסקירט. דאָס איז געשען נײַן בײַ נאַכט. אַ שעה שפּעטער האָט נחמן געקראָגן אַ האַרצשלאָג און איז געווען טויט. אָבער מ'לעבט ווײַטער".

איר טאָן האָט זיך געענדערט. געוואָרן אַ ביסל פֿרײַער, נישט אַזוי דערדריקט:

— יוי דו זעסט, שטייט מען ווידער אויף די פֿיס. די זעלביקע פּרנסה. אַזוי גרינג איז עס מירעלען ניט אָנגעקומען, ווײַל אין וואַרשע איז אַ פּראָווינצערין, דערצו נאָך אַן אלמנה, ווי אַ שעפּעלע, וואָס פֿאַלט־אַרײַן צווישן וועלף...

יעקבֿ האָט געהאַלטן ראַבעס האַנט אין זײַנער. זי איז נישט געזעסן. זי איז געשטאַנען נעבן דער שטול, אויף וועלכער יעקבֿ, דער

וועלכער איז דאָך געבליבן דער איינציקער אין איר לעבן, איז געזעסן, און אַ דערשיטערטע פֿונעם אומגעריכטן גליק געהאַלטן איר לינקן עלנבויגן אויף זײַן רעכטן אַקסל. זי האָט נאָך אַלץ נישט געקענט געפֿינען קיין ווערטער, צו קענען אַלץ וואָס ס'האָט זיך אין איר אָנגעקליבן, נאָך דעם וועלכער האָט איר פֿאַרשאַפֿט אַזוי פֿיל לייד, ווערטער צו קענען אויסגיסן פֿאַר אים אַלץ, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין איר האַרץ פֿון יענער רגע אָן, ווען זי איז געוווּיר געוואָרן, אַז מ'האָט אים אַרעסטירט. די ביטערקייט איז פֿון יענעם מאָמענט אָן געוואָרן אַלץ מער אין איר האַרץ. ווי האָט ער אַזעלכעס געקענט טאָן? דערצו פֿאַר דער חתונה כמעט! ער האָט דאָך געוווּסט, אַז מ'וועט אים דערפֿאַר אַרעסטירן! זי האָט אים דאָס נישט געקענט מוחל זײַן, אַפֿילו נישט דאַן ווען מענטשן האָבן איר געזאָגט, אַז מ'עט אים פֿאַרמשפּטן צום טויט. אין איר פֿאַרצווייפֿלונג פֿון די אַלץ ייַטערע און ווײַטערע אומגליקסקלעפּ; וואָס די שוועסטער האָט מיט איין מאָל פֿאַרלוירן כמעט אַלץ, וואָס זי האָט געהאַט (אַ גרויס פֿאַרמעגן, וואָס איר איז געלונגען צוזאַמענצושאַרן); דער פּלוצלינגדיקער טויט פֿונעם שוואָגער; דאָס מוזן ווידער פֿאַרלאָזן די שטאָט; און אויפֿן וועג דער טויט פֿון טאַטן — אין די דאָזיקע פֿינצטערע שעהן איז די פֿאַרביטערונג אין איר אַלץ מער און מער געוואַקסן.

די פֿאַרצווייפֿלונג, די אַלץ גרעסערע און גרעסערע פֿינצטערניש אין איר נשמה, האָט איר ליבע צו יעקבֿן — וואָס איז תּמיד געווען ווי אַ וועטער־פֿענדל: אַהין, אַהער, אַהין, אַהער — כמעט אין גאַנצן דערשלאָגן. און האָט די ליבע אין געוויסע מאָמענטן זיך צוריק אויפֿגעכאַפּט אין איר נשמה, האָט זי זיך גלײַך פֿאַרוואַנדלט אין צאָרן און האַס. זי איז דאַן געווען ווי משוגע. דער צאָרן און דער האַס האָט זי נישט בלויז צוריקגעהאַלטן פֿון גיין טאָן עפּעס אים צו ראַטעווען, צו זוכן אַ מעגלעכקייט, ווי אים צו וויסן צו טאָן אין דער טורמע אַרײַן וועגן זיך, ווײַניקסטנס אַהין צו גיין צו זײַן מוטער, נאָר זי גאָר געטריבן זיך אָפּצוגעבן וועלכן ס'איז מאַן — אַזויערנאָך צו נעמען נקמה אין יעקבֿן. דער דאָזיקער האַס האָט זי אויך נישט

געלאָזט גיין אין געריכט אַרײַן צום פּראָצעס אים צו זען, האָט זי נישט געלאָזט נעכטן אים אָפּוואַרטן בײַם טויער פֿון דער טורמע, ווען ער איז אַרויסגעקומען אַ באַפֿרײַטער און נישט געלאָזט זי אַ גאַנצן טאָג נעכטן אַהינגיין צו אים. איצטער אָבער איז דער דאָזיקער האַס מער נישטאָ אין איר, אויך קיין שום ביטערקייט. דאָך קען זי איר געליבטן אַצינד קיין אײן ליב אָדער צערטלעך וואָרט גיט זאָגן. און אַזוי שטאַרק ווי זי ליבט אים איצט, האָט זי אים נאָך קיין מאָל נישט געליבט. נײַן, זי קען גאָר נישט אַרויסברענגען פֿון איר האַרץ, ווײַל איצט איז עס צעריסן אין איר פֿון גרויס חרטה אויף אַלע זינד, וואָס זי איז קעגן איר געליבטן באַגאַנגען, באַזונדערס אויף דער נישט־ריכטיקער האַנדלונג אירער פֿון יענעם מאָמענט אָן, ווען מ׳האָט אים אַרעסטירט.

נאָר יעקבֿ האָט סײַ ווי געפֿילט איר גרויסע ליבע צו אים, די גרויסע חרטה, וואָס זי האָט אויף אַלע אירע פֿעלערן, וועלכע זי איז קעגן אים באַגאַנגען. און ער האָט איר איצט אַלץ מוחל געווען.

מ. א. קנאַפּהייס

## אויף אַ זעונג

### פֿון דער פּאָעמע „אויף דער וואַך"

דאָס פֿענצטערל אין תּפֿיסה־טויער איז שוואַרץ און קליין.
קליין אַזוי אַז ס׳קאָן נאָר בלויז אַ האַנט אַרײַן,
און דאָס אויג, וואָס קוקט־אַרויס,
איז בלענדיק גרין און גרויס,
שטייט אַ פֿרוי און ברעכט די הענט
און רעדט צום פֿענצטערל,
צום אויג,
צו די שטומע ווענט:

— אויף וועגן שנייִקע, פֿאַרלאָזטע,
שווער איז זיך צו שלעפּן,
און מיך — האָט ווינט געטראָגן אויף די הענט...
מײַן לײַב איז יונג און ווײנט פֿון בענקשאַפֿט —
איז ווי קאָן איך אַוועקגיין איצט פֿון דאַנען
און ניט זען זיך מיט מײַן מאַן?...
זי רעדט און רעדט ביז ס׳גרינע אויג פֿאַרשווינדט,
זי רעדט און רעדט ביז ס׳פֿענצטערל ווערט בלינד.
שטייט די פֿרוי און ווייסט שוין נישט ווו אויס, ווו אײַן,
ווו ענדיקט זיך עס תּפֿיסה
און ווו הייבט זיך אָן די פֿרײַ?
און ס׳דוכט זיך איר,
אַז דער וועכטער אינעם טונקעלן מונדיר
האָט אויך אַ חלק אין דער פֿינצטערניש פֿון נאַכט.
און שעלט
די וואָס האָבן אויסגעטראַכט
דעם שטיינערנעם געבײַ...
די פֿרוי שטייט אומבאַוועגלעך, בלייך,
צום אַקסל לײַכט גענייגט דעם קאָפּ.
דער טאָג פֿאַרטונקלט הויכע קוימענס מיטן רויך.
צעשאָטענער געקליפּ פֿון אַ מעשענעם גלאָק
טראָגט זיך פֿונעם תּפֿיסה־הויף אַרויס,
זאָגט־אויס
און דערציילט,
און אונטער מויער ווערט איצט נאַכטעסן פֿאַרטיילט
פֿון אַ טיפֿן פֿאַרדומפּענעם טאָפּ.
די פֿרוי שטייט אומבאַוועגלעך, בלייך,
אַרום איר פֿאַרעט זיך דער ווינט
און די תּפֿיסה־מויער גייט אויף הינטערווײַלעכץ אָפּ
און צערינט...
וואַרשע 1936

ישראל עמיאָט

## וואַרשע

דאָ גייט אויך אויף איבער יעדן טויער
די לבֿנה מײַנע מיט דעמער אָנגעזויגן,
ס׳איז נאָר וואָס פֿאַרגאַן דער רעגנבויגן,
דאָס וועלפּל שטייט בײַם ראָג פֿון גאַס און לויערט.

אָ, פֿרעמדער מענטש פֿאַרבײַ איעדן טויער,
כ׳האָב דיך ליב, ווי אַ מעשׂה נישט געשטויגן,
יעדער מענטש זעט־אויס פֿון הינטן טרויעריק געבויגן
און יעדער טריט איז אָנגעזאַפּט מיט טרויער.

און אין שויפֿענצטער אויף רוישיקע אַלייען
גייט דען די זון נישט אויס זיך שפּיגלענדיק אין ווייען
אָט ווי אויף פֿעלדער מײַנע, ווען שאָטנס שטילע הויערן?

וויפֿל פֿעלט דען ס׳זאָל דער ווינט פֿאַרוויגן,
די מויערן ווי ביימער אין אַ ניגון,
דער אַספֿאַלט זאָל זײַן עלנט דערפֿילן און טרויערן.

1937

חיים סעמיאַטיצקי

## יעדן אָוונט...

יעדן אָוונט
קומט דער טויט אין מײַן הויז,
פֿאַרלעשט דעם לאָמפּ,

זעצט זיך אויף מײַן בעט
און זאָגט: „דו ביסט מײַן".
די נאַכט האָט צוגעגנבֿעט
דאָס ערשטע בלימל פֿון מײַן גערטל
און די וואָלקנס — די שטערן פֿון מײַן פֿענצטער.
בענקט דאָס גערטל
נאָך אַ ביסל ליכט פֿון מײַן היים,
צו זען צי ס'לעבט נאָך דאָס בלימל
און צי די אוגערקע האָט שוין
אַרויסגעשטעקט דאָס קערל פֿון דער ערד,
ווײַל די לבֿנה דאַרף הײַנט
דורכגיין איר לאַנד.
אָבער אין מײַן הויז
איז פֿאַרלאָשן דער לאָמפּ,
און דער טויט
רוימט מיר שטיל אין אויער אַרײַן:
— דו ביסט מײַן!

וואַרשע 1935

משה שולשטיין

## וויפֿל מאָל...

וויפֿל מאָל איך האָב שוין אַלץ געזאָגט:
צו אַלדי טײַוול שיק איך אָפּ די לידער,
נאָר ווײַל ס'איז קיין טײַוול אַלץ נישטאָ,
קומען זיי צוריק צו מיר, די לידער.

אָך, מײַנע געסט, איר ליבע, אײַנגענעמע,
אַ דאַנק אײַך פֿאַרן קומען, פֿאַר דער מי!

וווהין, וווהין זאָל איך אײַך אָבער נעמען?
מײַן טיש איז אָפּט מײַן ביינערדיקע קני.

דער הפקרדיקער דרויסן איז מײַן וווינונג
און דער דרויסן איז דאָך אויך נישט מײַן...
און מײַנע ווענט — די ברייטע פֿרײַע רוימען —
נאָר די רוימען זײַנען אויך נישט פֿרײַ...

אויך דער דרויסן איז נישט הפקר, ווי מען שרײַבט,
ס'איז אַלץ געננוי געוווגן און געמאָסטן —
טאָ ווי אַזוי זשע, ווי זאָל איך אײַך זאָגן: בלײַבט,
אַך, געסט מײַנע, איר נאָענטע און פּראָסטע?!

האָב איך שוין וויפֿל מאָל געזאָגט צו זיי:
צו אַלדי טײַוול שיק איך אָפּ די לידער...
נאָר ווײַל ס'וויל קיין טײַוול אַלץ ניט זײַן —
קומען זיי צוריק צו מיר, די לידער.

טאָ קומט, איך גיי אַקעגן מיטן שענסטן,
מיט מײַנע הענט, וואָס כ'טראָג אַקעגן אָפּט,
כ'מאַך־אויף פֿאַר אײַך די טירן און די פֿענצטער —
די טאָוולען פֿון די העפֿטן מאַך איך אויף.

וואַרשע 1936

# 4

# צו דער כאראקטעריסטיק פון ווארשע

י. ל. פרץ

## דאָס לעצטע וואָרט דער וואַרשעווער אַסימילאַציע

### פֿון ציקל „אין מײַן ווינקעלע“

אין מיטלעלטער פֿלעגן זײַן צווישן אונדז און אַנדערע — וויכּוחים. אין נאָמען פֿון אַנדערע האָט געטענהט דער גלח. אין אונדזער נאָמען האָט געענטפֿערט דער רבֿ.

האָט דער רבֿ פֿאַרמאַכט דעם גלח דאָס מויל, האָט דער גלח דעם רבֿ פֿאַרברענט.

האָבן מיר געשוויגן אַ צײַט.

האָבן זיי יאָרן לאַנג געטענהט. מיר — יאָרן לאַנג געשוויגן. זײַנען זיי רעכט געבליבן אַפֿילו בײַ אונדזערע אייגענע, וואָס זײַנען, נאָך זייער רעצעפּט, געגאַנגען אין דער פֿרעמד „תּורה“ לערנען...

האָבן זיך די שײַטער־הויפֿנס פֿאַרלאָשן. מען פֿאַרברענט שוין נישט — מוז מען ענדערן די טאַקטיק. טאָר מען ניט שווײַגן.

ענטפֿערן מוז מען, אָבער נישט אײַך!

עס איז אײַך אַזוי שווער צו נעמען ערנסט!

איר זינגט פֿאַר יעדן באַצווינגער דעם אַלטן „מה יפֿית“, בשעת

מיר שטעלן דער פּאָליטישער וועלט דעם ווײַטסטן פֿאָרשלאָג — אויסגלײַכן די רעכטע פֿון „מער" און „ווייניקער", פֿון „היימיש" און „פֿרעמד" — זײַט איר אין אײַערע אויגן די פֿאָרשריטלער און אונדז רעכנט איר פֿאַר קאָנסערוואַטיוו! און איר שווימט־אַרום איבער דער לעבנס־פֿאַליע ווי אַ לײַכטער שוים, און איר ציטערט ווי אילוזיאָן[1]־בילדער. דאָס אויג ווערט מיד און אָנצונעמען איז נישטאָ וואָס! אָן אַ ממש! אַז מען פֿאַראייניקט אײַך מיט אַ גראַמאַפֿאָן! — הערן זיך פֿרעמדע שטימען — וואָס האָט איר אייגנס? וואָס זאָגט איר אַליין? און ווי צײַטנווײַליק, ווי פֿאַרענדערלעך איר זײַט!

אין וואַרשע איז „סירענאַ" דער סימבאָל, מיצקיעוויטש — דער נביא! רופֿט אײַך די בערזע קיין בערלין, ווערט „די וואַכט אַם רײַן" דאָס האַרציקע ליד און „דײַטשלאַנד איבער אַלעס!". בולוואַר, קאָ־קאָטע און שאַנטעקלער אין פּאַריז. אין פּראָג דעליריום פֿון „זלאַטאָ פּראַהאַ"! אין בודאַפּעסט — די ריינסטע נאַציאָנאַלע קולטור: טאָ־קאַיער און טשאַרדאַש! פֿאַרוואַלגערט איר אײַך אויף אַ לענגערער צײַט אין ווין, שטעלט איר דעם דאָקטער ליוגער אַ מאָנומענט!

קיין פּעטערבורג איז שווער צו קומען — דאָרטן וואָלט איר פּאָליאַקן־פֿרעסערס געוואָרן אין „סאָראָק סאָראָקאָוו וואָלט איר, אויס ריינעם פּאַטריאָטיזם, די שטיוול פֿון דזשעגעכץ געשמירט — זאָל מען פּילן! און אומעטום אונדזערע פֿאָרשטייערס בײַ קריסטן! און אומעטום פֿאַרוואַלטערס פֿון יִקאַישן אינטערנאַציאָנאַלן פֿאָד! און דעמאָקראַטן דערצו...

עס איז אוממעגלעך אײַך צו נעמען ערנסט. איך געזעגן זיך מיט אײַך! איך געזעגן זיך מיט אײַך! איך רעכן נישט, עס זאָל מיך אַזוי געשווינד אָנכאַפּן דער יצר־הרע פֿון פּאָלעמיק מיט קאַמע־לעאָנען!

איר קומט דאָך גאָר נישט צוריק!... — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָר בײַם אַדיע מוז איך אײַך זאָגן דאָס לעצטע וואָרט: געבן די לעצטע עצה.

ווי אַזוי איר וועט נישט ריידן מיטן פֿאָלק, יִדיש־פּויליש אָדער פּויליש־יִדיש — מיט דרך־ארץ רעדט!

דרך־ארץ פֿאַרן אַלטן, פֿאַרן עלטסטן פֿאָלק, וואָס אײַנגענומען און באַצווינגען אַ לאַנד און שיצן עס קעגן די העלדישסטע וועלט־אַר־

---

[1] קינאָמאַטאָגראַף.

מייען ביזן לעצטן טראָפּן בלוט האָט עס געקאָנט גלײַך מיט אַלע! באַ, פּיל בעסער און שענער פֿאַר אַלע! און דערנאָך אַ לאַנגע, לאַנגע שנור פֿון דורות קעמפּערס, קעמפּערס ביזן לעצטן טראָפּן בלוט פֿאַר איבערצײַגונגען!

און שוין נישט ווי אַלע, שוין איבער אַלע... יענע טרײַבט מען, ווי שאָף, אין וואַסער אַרײַן און זיי קומען־אַרויס רעליגיעז נײַ־געבוירן!

דרך־ארץ פֿאַר אַ פֿאָלק, וואָס זײַן געשיכטע איז די אײנציקע העראָישע וועלט־טראַגעדיע: אַ בלוטיקע עפּאָכע פֿון מסירת־נפֿש, קידוש־השם און די אוממענטשלעכסטע פּײַן און לײדן פֿאַר דער אידיי! — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז קײן וווּנדער נישט, וואָס איר, לײַכטזיניקע עולם־הזה־ניקעס, זײַט אַוועק: איר זײַט אַנטלאָפֿן פֿון די וואָס פֿרײדיקן לעבן און מוזן לײַדן צו די וואָס פֿרײדיקן לײדן און לעבן אַ גוטן טאָג!... בעסערע פֿון אײַך, אײניקע פֿון די פֿאָנטרעגערס, זײַנען מיר געוואָרן און זוכן אַן אַזיל ווײַט פֿון קאַמף און דעם גאַנצן מי־און־מאַטער. ניט אײנער, אַ „קלוג־געוואָרענער", וויל זיך אָפּזאָגן פֿון דער ירושה, אַבי די חובֿות נישט צו צאָלן; אַ צו־שווערע לאַסט אויף די פּלײצעס! —

איר זײַט אַוועק אין גאַנצן: ווייל אײַך!...

קומט איר נאָך, ווי שוואַרצע ראָבן, און קראַקעט אונדז: אונטערגאַנג!

שרעקט אונדז ניט.

מיר האָבן עס, פֿון אײַער גלײַכן, אין מצרים געהערט, אין פּרס, אַשור, בבֿל און אין רוים — געווווּנט דערצו! נישט פֿון אײַער וואָרט ווערן וועלטן צעשטערט און נישט מיט אײַער וואָרט ווערן וועלטן געבויט!

פּרײדיקט, וואָס איר ווילט — דער ווינט טראָגט!

אָבער מיט דרך־ארץ!

ווילט איר נישט לײַדן צוזאַמען מיטן פֿאָלק, נעמט דעם וועג! קאָנט איר עס שוין נישט ליבן — מען וועט זיך באַגײן! אָבער אַכטן זאָלט איר עס, מוזט איר עס!

בייגט די לײַכטע קעפּ פֿאַרן אײביקן קעמפּער, פֿאַרן אײביקן פֿאָלק —

1911 צו דער ערד!

ד״ר יעקב שאַצקי

# פון 3טן באַנד „געשיכטע פון ייִדן אין וואַרשע“

## ייִדישע ליטעראַטור

... די ייִדישע פֿאָלקס־ליטעראַטור, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ספּאָנטאַן צו אַנטוויקלען אין וואַרשע, האָט אין איר ערשטער תּקופֿה געטראָגן אַ לאָקאַלן כאַראַקטער. צווישן די מחברים פֿון די ביכלעך, וואָס זײַנען יעמאָלט אַרויסגעגאַנגען, זײַנען אמתע שרײַבערס כּמעט ווי נישט געווען בנמצא. זייערע שרײַבערישע אַפּירן זײַנען געווען פּוילישע און טיילווײַז אויך דײַטשישע פֿאָלקסביכלעך, סאָציאַלע רע־פּאָרטאַזשן, סענסאַציאָנעלע געשעענישן, וועלכע האָבן אויפֿגערודערט די שטאָט וואַרשע, און אויך פּאָפּולערע אויפֿקלערונג־בראָשורן, ווי למשל, וועגן געזונט און היגיענע. טייל ביכלעך זײַנען אַרויס אַנאָנים. און אויב אַזוינע ביכלעך זײַנען געווען געדרוקט בײַ אַ לומדישן אָדער משׂכּילישן דרוקער, האָט מען זיך געקענט משער זײַן, אַז דער דרוקער איז אויך געווען דער מחבר. די מחברים, וואָס זייערע נעמען זײַנען אויף די ביכלעך יאָ אָנגעגעבן געוואָרן, זײַנען על פּי רובֿ געווען בדחנים, מלמדים און דרוקערס, זעלטענער לערערס.

דער הויפּטשטריך פֿון דער דאָזיקער פֿאָלקס־ליטעראַטור איז איר וואַרשעווער טעמאַטיק. אַפֿילו די פֿאָלקס־מעשׂיות, וואָס זײַנען איבערגעמאַכט געוואָרן פֿון פּויליש, ווי למשל די העראָישע דערציילונגען וועגן דעם רויבער רינאַלדאָ רינאַלדיני, זײַנען אַ פּראָדוקט פֿון וואַרשע מיט דעם, וואָס זיי זײַנען גענומען געוואָרן פֿון דער מיט־צײַטלערישער פּוילישער ליטעראַטור פֿון דעם זעלביקן מין. די קורצע הקדמות און די רנד־אַגבֿדיקע באַמערקונגען אין די טעקסטן גופֿא אַנטפּלעקן די עקסיסטענץ פֿון אַ באַשטימטער אוידיטאָריע, צו וועלכער דער מחבר האָט גערעדט. די וואַרשעווער בדחנישע שרײַבערס, למשל, ווענדן זיך דירעקט צו אַ ספּעציפֿישער אוידיטאָריע. על־פּי־רובֿ זײַנען עס פּרויען־גאַסן־הענדלערקעס.

צווישן די וואַרשעווער מחברים איז דער סאַמע פּאָפּולערסטער געווען גדליה בעלואַ (1919 — 1890). ער האָט אָנגעשריבן אַ ביסל סאָציאַלע רעפּאָרטאַזשן פֿון ייִדישן לעבן אין וואַרשע. דער דאָזיקער פֿאָלקס־משׂכּיל, מחבר, טעאַטראַל־אונטערנעמער האָט געשריבן אַ סך

גלאַטיקער ווי טייל אַנדערע מחברים פֿון יענער צײַט. בעלואַ האָט געשריבן נישט נאָר אָריגינעלע, משׂכּילישע באַפֿאַרבטע רעפּאָרטאַזשן פֿון ייִדישן לעבן, ער האָט אויך איבערגעזעצט פֿון פּויליש און אַרויסגעגעבן אין העפֿטן פֿאָלקס־ראָמאַנען. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ פּורים־שפּיל פֿון זײַן פֿאַרשטאָרבענעם ברודער, דעם בדחן שלמה בעלואַ [1].

זייער פּראָדוקטיוו איז געווען דער וואַרשעווער מחבר אַבֿיגדור ברכיה רוף. ער איז געווען אַ מער מזלדיקער מחבר. דרוקערס האָבן זיך געיאָגט נאָך זײַן סחורה און געוואָלט ווערן זײַנע פֿאַרלעגערס. דער דרוקער נתן שריפֿטגיסער האָט 1865 ־ 1866 אַרויסגעגעבן אין פֿיר טיילן זײַן רינאַלדאָ רינאַלדיני, באַשרײַבונג פֿון דעם שרעקלעכן איטאַליענישן רויבער (428 ז״ז). אַרויסגעגעבן אַזאַ בוך איז פֿאַר יענע צײַטן געווען גאָר אַ גרויסע אונטערנעמונג. בעת דער פּוילישער לייענער האָט קאָמפּענסירט זײַנע בענקענישן נאָך נאַציאָנאַלן קאַמף און אַרײַנגעפּשטלט אייגענע רמזים אין דער רינאַלדיני־געשיכטע, איז פֿאַר דעם ייִדישן לייענער דער זעלביקער אַוואַנטורע־ראָמאַן געווען כּמעט אַ מוסר־ביכל, וואָס האָט באַלערנט, אַז אַפֿילו אַ רויבער איז פֿעיִק אויף מעשׂים־טובֿים. דער זעלביקער רוף האָט אויך איבערגעזעצט „פֿון דײַטשע ביכער״, ווי ער אַליין גיט־אָן, אַ ריי פּאָפּולערע פֿאָלקס־מעשׂיות. דאָס אָריגינעלסטע, וואָס רוף האָט אָבער אָנגעשריבן, איז געווען אַ סאָציאַלער רעפּאָרטאַזש פֿון חסידישן לעבן אין וואַרשע א״נ בין הזמנים, וואָס האָט געהאַט צוויי אויפֿלאַגעס (1866, 1873).

... ווען די פּוילישע פֿאָלקיסטן האָבן צוליב פּאָליטישע טעמים אָנגעהויבן זיך באַציִען פּאָזיטיוו צו ייִדיש האָט די איזראַעליטאַ [2] געביטן דעם פֿראָנט. זי האָט אָנגעהויבן „אַנטדעקן״ ליטעראַרישע ווערטן אין דער „פּאָעזיע״ פֿון די וואַרשעווער בדחנים. דער פֿאָלקלאָריסטישער זשורנאַל „וויסלאַ״ איז אַפֿילו אַרויס מיט אַ רוף צו זאַמלען די בדחנישע ליטעראַטור און אין קורצע נאָטיצן האָט זי אַליין דערמאָנט עטלעכע וואַרשעווער פֿאָלקסביכלעך. און ווען חיים זילבערשטיין (1845 — 1906), אַ געוועזענער תּלמיד פֿון זשיטאָמירער ראַבינערשול, האָט זיך באַזעצט אין וואַרשע און אַרויסגעגעבן אין 1886 אַן

---

[1] וועגן אים: נ. אויסלענדער — „וואַרשעווער מחברים אין די 50־60ער יאָרן״, ביבליאָגראַפֿישער זאַמלבוך 1, כאַרקאָוו 1930, זז׳ 165־178.

[2] אײַנפֿלוסרײַכע פּויליש־ייִדישע אויסגאַבע אין וואַרשע.

אַלעגאָרישע פּאָעמע „דער דאָרן“, האָט די „איזראַעליטאַ“ געשריבן, אַז די דאָזיקע פּאָעמע לייענט זיך מיט אינטערעס. אין „הצפֿירה“ און „איזראַעליטאַ“ האָבן אויסגענומען אַזעלכע מחברים, וואָס זײַנען נישט געווען צו־שטאַרק משׂכּיליש. לינעצקי און מענדעלע האָבן קיין פֿרײַנדלעכן קבלת־פּנים אין דער דאָזיקער פּרעסע נישט באַקומען, בעת איינער, אַהרן אליעזר קאַרטושינסקי, וואָס האָט אין 1882 אָנגעהויבן אַרויסגעבן סיסטעמאַטיש ווײַט נישט ליטעראַרישע מעשׂיות וועגן חסידישע צדיקים, האָט זי געלויבט פֿאַר זײַן פּאָזיטיוון טאָן. די אויפֿמערקזאַמקייט צו דער ייִדישער ליטעראַטור מצד דער פּויליש־ייִדישער פּרעסע איז געווען אַ רעזולטאַט פֿון דעם געזעלשאַפֿטלעכן אינטערעס, וואָס טייל ייִדישע שרײַבערס האָבן אַרויסגערופֿן אין פּוילישע ליטעראַרישע קרײַזן.

יונאָשאַ־שאַניאַווסקי, איינער פֿון די זײַלן פֿון דעם וואַרשעווער פּאָזיטיוויזם, האָט געשריבן אין 1885: „די זשאַרגאָנישע ליטעראַטור, כּל־זמן זי פֿאַרשפּרייט גוטע מידות און ערלעכע געדאַנקען, איז אַ יש און וועט אַ סך בעסער דערגרייכן דעם ציל ווי די שענסטע פּוילישע ביכער און בראָשורן, וואָס דער פֿרומער ייִד נעמט נישט אין האַנט אַרײַן. אַרויסגייענדיק פֿון דער דאָזיקער הנחה, דאַרף מען נישט טאַדלען מחברים וואָס שרײַבן אויף זשאַרגאָן, אויב גוטע כּוונות פֿירן זיי דערצו“. יונאָשאַ האָט טענות צו דער וואַרשעווער ייִדישער אינטעליגענץ, הלמאי זי גייט נישט אין די דרכים פֿון דער ליטווישער ייִדישער אינטעליגענץ, וואָס אַרבעט לטובֿת די ייִדישע מאַסן און שאַפֿט אַ ליטעראַטור, וואָס איז ניצלעך און טייל מאָל אַפֿילו ווערטפֿול. די דאָזיקע הסכּמה האָט אין אַ גרויסער מאָס גורם געווען די רעוויזיע פֿון דער שטעלונג צו ייִדיש מצד „איזראַעליטאַ“. די עצם באַציִונג צום ייִדישן לשון איז געבליבן די זעלביקע, ד״ה, אַ נעגאַטיווע, אָבער פֿון פּאָזיטיוויסטישן שטאַנדפּונקט האָט מען אָנגעהויבן שאַצן ייִדיש־שרײַבערס ווי מענטשן, וועלכע טוען־אויף עפּעס וואָס איז ניצלעך, כּל־זמן פּויליש איז נאָך נישט די גערעדטע שפּראַך פֿון דעם ייִדישן המון. אין דעם גײַסט האָט מען געזוכט מלמד־זכות זײַן אויף טייל ייִדישע מחברים, און די „איזראַעליטאַ“ האָט אָנגעהויבן שרײַבן, אַז צווישן די „זשאַרגאָניסטן זײַנען פֿאַראַן שרײַבערס וואָס שרײַבן מחמת ליבע, מענטשן געבילדעטע און פּראָגרעסיווע“.

אין דער זעלביקער צײַט קומען פֿון קליינע שטעטלעך קיין וואַרשע יונגע־לײַט, על־פּי רובֿ חסידישע, און פּרוּוון מזל אויפֿן פֿעלד פֿון ייִדיש שרײַבן. אַ סך פֿון זיי זײַנען ווײַט נישט דערגאַנגען. עס

האָט זיי פּשוט געפֿעלט קולטור און אויסדויער, און נאָך דעם ווי זיי האָבן אַרויסגעגעבן עטלעכע מיזערנע ביכעלעך, פֿאַרשווינדן זייערע נעמען אַפֿילו פֿון דעם אָפֿיציעלן רעגיסטער פֿון דעם וואַרשעווער צענזוראַמט. אָבער עטלעכע פֿון זיי האָבן זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג, און אין די ראַמען פֿון זייערע פֿעיִקייטן האָבן זיי עפּעס אויפֿגעטאָן אויף דעם ליטעראַרישן פֿעלד. אַזאַ איינער איז געווען דער געוועזענער ראַדזינער חסיד העשל עפּעלבערג (1861 — 1927), וואָס האָט זיך אין 1888 באַזעצט אין וואַרשע. ער הייבט־אָן אַרויסצוגעבן אַ „היסטאָריש ליטעראַריש בוך" א״נ וואַרשעווער יודישער קאַלענדאַר. די דאָזיקע אויסגאַבע, וואָס האָט עקסיסטירט 12 יאָר, איז געוואָרן דער אָנהייב פֿון אַ מין ווענדפּונקט אין דער וואַרשעווער ייִדישער ליטעראַטור.

*

## ביאָ־ביבליאָגראַפֿישע שטריכן

שמואל־חיים לעווין (1890־1959) איז אַן אויסטערלישע דערשײַנונג. געב׳ אין קאָנסקיוואָליע, לובלינער געגנט, געלערנט אין בתי־מדרשים און ישיבות, פּרי אַוועק איבער דער וועלט. אַ בעל־מלאכה אין פּוילן, געווען אַ קאָלאָניסט אין אַרגענטינע, ערבן 1טן וועלטקריג צוריקגעקומען, שפּעטער אין בערלין און אַנטלאָפֿן אין 1936 קיין ב״י, וווּ די לעצטע יאָרן געלעבט ווי „אַ פֿאַרגעסענער", בעת זײַנע ביכער, איבערגעזעצטע אויף אַ סך שפּראַכן, אויף דײַטש, העברעיִש, ענגליש, פֿראַנצ׳, האָלענדיש, פּויליש, זײַנען געלויבט געוואָרן פֿון פֿראַנץ ווערפֿל, רודאָלף ראָקער, ש. ניגער, דב סדן, די פּוילישע פּאָליצײַ האָט אייניקע פֿון זײַנע ביכער קאָנפֿיסקירט און די נאַציס האָבן זיי געברענט אויף די שייטערהויפֿנס...

ש. ח. ל. האָט מיטגעאַרבעט פֿון 1917 אין אַ סך ייִדישע בלעטער און זשורנאַלן, איז פֿון 1919 היפּש פֿאַרטראָטן מיט ביכער: אַ שריפֿה, דראַמע אין 3 אַקטן; געזאַנג פֿון דורות, ראָמאַן, בײַדע אַר׳ אין וואַרשע; טרילאָגיע צווישן צוויי תהומען, בוענאָס־אײַרעס 1959־1963 א״אַ. ר׳איז אַ שרײַבער פֿון אידעאַליסטישן יסורים־וועג.

ב. דעמבלין איז דער שרײַבער־נאָמען פֿון יוסף־בנימין טייטלבוים, וועלכער האָט אד״נ פֿאַרעפֿנטלעכט זײַן ערשט בוך, אויפֿן שוועל, 256 ז״ז, וואַרשע 1933. געב׳ אין מאָדזשיץ 1897, געהאַט אַ שווער לעבן, אָבער מיט פּראַצע זיך אויסגעטראָטן אַ וועג פֿון אַ דערציילער מיט אַן אויג און אויער פֿאַר סאָציאַלע געשעענישן, אַזוי אין פֿאַרמלחמהדיקן פּוילן, ווי אין נאָכמלחמהדיקן אַמעריקע. געווען אַן אַרבעטער־טוער, אַ בונדיסט, ער מאָלט מיט טיפֿן דרך־ארץ ייִדן פֿון טיפֿער רעליגיעזער טראַדיציע, ווי פֿון שרײַבערס, וואָס אַנד׳ באַוואַרפֿן מיט קויט, ווי איטשע־מאיר ווייסנבערג. מיטרעדאַקטירט די זאַמלביכער „המשך". ביכער: צאַנקענדיקע ליכט (איבערג׳ אין עברית), אויף דרײַ קאָנטינענטן, ראָמאַן, מעקסיקע 1963, א״אַ.

## יצחק באַשעוויס־זינגער, געווינער פון דער נאָבל־פּרעמיע 1978

בלי שום ספק איז דאָס צווטיילן די נאָבל־פּרעמיע פאַר ליטעראַטור אין 1978 פאַר יצחק באַשעוויס־זינגער געווען די העכסטע אָנערקענונג, וואָס די יידישע ליטעראַטור האָט באַקומען אינעם יאָרטויזנט פון לשון יידיש. אויב פאַר דער נישט־יידישער וועלט איז דאָס



געווען אַן איבעררעשונג און פאַר דער האַלב־יידישער וועלט אַ ביטערע לעקציע, האָט די יידישע נאַציאָנאַלע וועלט, נישט דווקא פון חובבי יידיש, אויפגעלויכטן פון דער דאָזיקער דערמוטיקונג. אַוועקגענומען אַלע דיסקוסיעס און שאַלות־ותשובות וועגן קונסט, טעמעס און צילן פון יידישן וואָרט, איז ביי אַלעמען חשוב ביז גאָר, וואָס אַ שרייבער, וועלכער האָט שוין אַ סך יאָרן אַ לייכטן צוטריט צו ענגלישע בעלעמעס, האַלט אין איין מאַניפעסטירן — און באַשעוויס האָט עס געטאָן אַפילו ביים גרעסטן יום־טוב פון איבערגעבן די נאָבל־פּרעמיע — אַז ער איז דורך־און־דורך אַ יידישער שרייבער, וועלכער האָט געשריבן אַלץ אין יידיש, און איז פאָרט דערגאַנגען צו דער נישט־יידישער וועלט. ווי די בעסטע כאַראַקטעריסטיק פון י.ב.ז. קען דינען די נאָוועלע שמאַי ווייץ, געדרוקט מיט 50 יאָר צוריק, אין 1929 אין וואַרשע, אין זאַמלבוך „אַמאָל אין אַ יובל", און וואָס איז איינגעגלידערט אין דעם אָ ב' מוסטערווערק אין 1979, פונקט ווי זי כאַראַקטעריזירט די אַמביציעס און דעם אימפעט, וואָס וואַרשע האָט אַרויסגערופן.

ב. איז דער שרייבער־נאָמען פון יצחק זינגער, דער יינגערער ברודער פון י. י. זינגער, וועמען ס'איז אָפּגעגעבן דער 65סטער באַנד מוסטערווערק. געב' 1904 אין לעאָנטשין, האָט געלערנט דער עיקר ביים פאָטער זיינעם, רב פון שטעטל, פרי אַריבער אין וואַרשע, געלערנט אין ראַבינער־סעמינאַר „תחכמוני". דעבוטירט 1925 אין „ליטעראַרישע בלעטער" א"פ צע, איינצייטיק אין העברעיש, זשורנאַליסטיש מיטגעאַרבעט אין פאַרש' צייטונגען, ספּעציעל זינט 1935, ווען ר'איז אָנגעקומען אין נ"י און געוואָרן איינער פון די פּאָפּולערסטע שרייבערס פון „פאָרווערטס". באַשעוויס' ביכער אין ענגלישער איבערזעצונג זיינען געוואָרן „בעסט סעלערס". ער ווערט אויך איבערגעזעצט אויף עברית, שפּאַניש א"אַ שפּראַכן. מ'האַלט אים ווי „א שרייבער פון דער דעזילוזיאָנירטער, פאַרביטערטער און פאַרצווייפלטער צווישן־מלחמה־צייט, אין וועלכער „די טומאה ראַנגלט זיך מיט דער קדושה און איז זי אָפּט גובר" (ש. ניגער).

צו די וויכטיקסטע ביכער פון י. ב. געהערן: דער שטן פון גאָריי, וואַרשע 1933 (אין „גלאָבוס"); פאַמיליע מושקאַט, נ"י 1942; מיין טאַטנס בית־דין־שטוב, נ"י 1956; גימפּל תם א"אַ דערציילונגען, נ"י 1963.



# מוסטערווערק פֿון דער יידישער ליטעראַטור

דערשײַנען מיט דער סובסידיע פֿון יוסף ליפּשיץ־פֿאָנד

אונטער דער רעדאַקציע פֿון שמואל ראָזשאַנסקי

1) שלמה עטינגער — **אויסג׳ שריפֿטן**, 2טע אויפֿלאַגע (312 זײַטן)
2) מאַרק וואַרשאַווסקי — **יִדי׳ פֿאָלקסלידער**, 3טע אויפֿלאַגע (216 זײַטן)
3) ה. ד. נאָמבערג — **אויסג׳ שריפֿטן**, 2טע אויפֿלאַגע (256) זײַטן)
4) מענדעלע — **מסעות בנימין השלישי**, 3טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)
5) לייב נײַדוס — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**, 2טע אויפֿלאַג (208 זײַטן)
6) יעקבֿ דינעזאָן — **יאָסעלע קריזיס**, 3טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)
7) משה בראָדערזאָן — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**, 2טע אויפֿל׳ (272 זז׳)
8) אליהו בחור — **בבֿא־בוך**, 2טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)
9) דוד פּינסקי — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**, 3טע אויפֿלאַגע (352 זײַטן)
10) שמעון פֿרוג — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**, 2טע אויפֿלאַגע (216 זײַטן)
11) י. ל. פּרץ — **אין 19טן יאָרהונדערט**, 3טע אויפֿלאַגע (272 זײַטן)
12) י. ל. פּרץ — **אין 20טן יאָרהונדערט**, 2טע אויפֿלאַגע (272 זײַטן)
13) מאָריס ראָזענפֿעלד — **אויסג׳ שריפֿטן**, 2טע אויפֿלאַגע (240 זײַטן)
14) האָפּשטיין — כאַריק — פֿעפֿער, 2טע אויפֿלאַגע (272 זײַטן)
15) מרדכי ספּעקטאָר — **דער יִדי׳ מוזשיק**, 2טע אויפֿלאַגע (272 זײַטן)
16) ה. לייוויק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**, (352 זײַטן)
17) שלום עליכם — **מנחם מענדל**, 3טע אויפֿלאַגע (272 זײַטן)
18) אַבֿרהם גאָלדפֿאַדען — **אויסג׳ שריפֿטן**, 2טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)
19) י. י. שוואַרץ — קענטאָקי, א. ראַבאָי — **הער גאָלדענבאַרג** (פּיאָנערן אין אַמעריקע), 2טע אויפֿלאַגע (312 זײַטן)
20) ח. נ. ביאַליק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**, (384 זײַטן)
21) ש. אַנ־סקי — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**, (296 זײַטן)
22) מענדעלע מוכר־ספֿרים — **פֿישקע דער קרומער**, (256 זײַטן)
23) יוסף אָפּאַטאָשו — **אין פּוילישע וועלדער**, (416 זײַטן)
24) זלמן רייזען — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**, (304 זײַטן)
25) יהואָש — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**, (320 זײַטן)
26) גליקל האַמיל — **זכרונות**, (352 זײַטן)

27) שלום עליכם — **טביה דער מילכיקער,** 3טע אויפלאַגע (288 זײַטן)

28) אַבֿרהם רייזען — **אויסג׳ שריפֿטן** 2טע אויפלאַגע (320 זײַטן)

29) די פֿרוי אין דער ייִדישער פּאָעזיע — **אַנטאָלאָגיע** (416 זײַטן)

30) ר׳ נחמן בראַצלעווער — **סיפּורי־מעשׂיות,** 2טע אויפלאַגע (224 זז׳)

31) מרדכי אַלפּערסאָן — **אין אַרגענטינע** (320 זײַטן)

32) פּרץ הירשביין — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (336 זײַטן)

33) ייִדיש אין ליד — **אַנטאָלאָגיע** (264 זײַטן)

34) מנחם באָריישאָ — **דער פֿרעמדער, זאַוול רימער** (320 זײַטן)

35) ווען אַ פֿאָלק דערוואַכט — **מדינת ישׂראל** (464 זײַטן)

36) נוסח השׂכּל — **אַנטאָלאָגיע** (272 זײַטן)

37) ז. סעגאַלאָוויטש — **לידער, דערציילונגען, זכרונות** (352 זײַטן)

38) מעשׂה־בוך, **פֿון** 1602 (368 זײַטן)

39) אונטער אָקופּאַציע: **עוזר וואַרשאַווסקי** — שמוגלערס. (328 זײַטן)

40) ערבֿ חורבן: מ. **בורשטין**/מאָזאָוויע **און 14 פּאָעטן** 256 זײַטן)

41) חורבן: **פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע** — **אַנטאָלאָגיע** (432 זײַטן)

42) ווידערשטאַנד און אויפֿשטאַנד/**פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע** (336 זײַטן)

43) איציק מאַנגער — **לידער, פּראָזע, עסייען** (384 זײַטן)

44) דוד בערגעלסאָן — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)

45) משה נאַדיר — **הומאָר, קריטיק, ליריק** (288 זײַטן)

46) דאָס קינד אין ייִד׳ פּאָעזיע און פּראָזע — **אַנטאָלאָגיע** (320 זײַטן)

47) י. אָקסנפֿעלד — **שטערן־טיכל, ערשטער ייִד׳ רעקרוט** (288 זײַטן)

48) **פּליטים צווישן פֿײַערן,** אַנטאָלאָגיע (304 זײַטן)

49) **אויסגעוואָרצלטע און אײַנגעוואָרצלטע,** אַנטאָלאָגיע (272 זײַטן)

50) **דרום־אַפֿריקאַניש,** אַנטאָלאָגיע (360 זײַטן)

51) שלום אַש — **פֿון שטעטל צו דער גרויסער וועלט** (400 זײַטן)

52) **דער אַרבעטער־דור אין אַמעריקע** (224 זײַטן)

53) **עבֿרי־טײַטש / צאינה וראינה** (368 זײַטן)

54) טשילעניש — **אַנטאָלאָגיע** (272 זײַטן)

55) אין דעם אייגענעם לאַנד, 25 **יאָר ישׂראל** (568 זײַטן)

56) שלום אַש — **אָנקל מאָזעס,** ראָמאַן (264 זײַטן)

57) יעקבֿ גאָרדין — **3 דראַמעס** (352 זײַטן)

58) בראַזיליאַניש — **אַנטאָלאָגיע** (352 זײַטן)

59) פֿון דור צו דור: **א. ווײַטער, ד. אײנהאָרן, ז. י. אָנכי** (368 זײַטן)

60) מאַקס ווײַנרײַך — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (416 זײַטן)

61) אין סאָוועטישן פֿרילינג — **אַנטאָלאָגיע** (248 זײַטן)

62) קאַנאַדיש — **אַנטאָלאָגיע** (448 זײַטן)

65) דוד איגנאַטאָוו — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (336 זײַטן)

64) פֿון רעוואָלוציע צו תשובֿה: **לייב פֿײַנבערג** (280 זײַטן)

65) י. י. זינגער — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (312 זײַטן)

66) אַרגענטיניש: **דער חלום פֿון פֿעלד** / **אַנטאָלאָגיע** (320 זײַטן)

67) משה קולבאַק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)

68) אין פּאָגראָם — **אַנטאָלאָגיע** (304 זײַטן)

69) אונדזערע קריטיקערס — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)

70) צווישן שטאָטישע ווענט / 2טער **באַנד** אַרגענטיניש (496 זײַטן)

71) עלטערן און קינדער — **אַנטאָלאָגיע** (360 זײַטן)

72) משלים בײַ ייִדן / **אַנטאָלאָגיע** (288 זײַטן)

73) געזאַנגען פֿאַר עמך / **אַנטאָלאָגיע** (224 זײַטן)

74) נאָרד אַמעריקאַניש / **אַנטאָלאָגיע** (272 זײַטן)

75) גייט אַ ייִד קיין ארץ־ישׂראל / **פֿון דער ייִד' ליט'** (256 זײַטן)

76) דער פֿרילינג פֿון „די יונגע“ **אין אַמעריקע, אייראָפּע, ישׂראל**

(320 זײַטן)

77) געלעכטער אויף אַן אמת (256 זײַטן)

78) מערבֿ־אייראָפּעיִש / **פֿראַנקרײַך, ענגלאַנד, בעלגיע, האָלאַנד**

(336) זײַטן

## מיט דער סובסידיע פֿון דוד טוריאַנסקי־פֿאָנד

79) 1939 אין דער ייִדישער ליטעראַטור, אַנטאָלאָגיע (288 זײַטן)

80) וואַרשע. (304 זײַטן)

## אין 1980 וועלן אַרויס די בענד:

81) דער אמת דורך געלעכטער

82) י. י. טרונק — אויסגעקליבענע שריפֿטן

83) פֿאַרן טעאַטער / 10 **אײנאַקטערס**

84) ווילנע.

ANTOLOGIA

# VARSOVIA

## EN LA

## LITERATURA IDISH



Director: SAMUEL ROLLANSKY

1 9 7 9
'EO LITERARIO EN EL INSTITUTO CIENTIFICO JUDIO
FONDO DAVID TURJANSKI
:r 633 - 3º (1028) Buenos Aires